# באם דײַטש אין די נעגל

## אין שטאָט און אַפּ די וועגן

... ווען איך האָב דעם 22-טן יונ אינדערפרי אײַנגעשלאָסן דעם ראַדיאָ-קאָנטאַקט, האָט אַ שפּרונג געטאָן מיר אַנטקעגן, ווי אַ קנויל יאַשטשערקעס, אַ היסטערישע געשריי אַפּ דײַטש. פון דעם גאַנצן געפּילדער האָב איך בלויז געדרונגען, אַז דאָס דײַטשישע מיליטער האָט אַ שפּאַר געטאָן איבער די גרענעצן. איך בין אַראָפּ־געלאָפן אין דרויסן. איך גיי, ווי די אויגן טראָגן. איך קום אַרײַן צו נויען פּרילוצקי. ער איז פאַרטאָן בא זײַן ווערק „פאָנעטיק פון ייִדיש".

— מיט דער ערשטער באָמבע אַפּ דער רוסישער ערד האָט זיך היטלער אויסגעגראָבן אַ קייווער, — זאָגט פּרילוצקי. אָבער וואָס צו טאָן — ווייס ער ניט. ער שרײַבט ווײַטער די „פאָנעטיק פון ייִדיש".

איבער די גאַסן יאָגן פּײַערלעשער. לעבן דער גרינער בריק איז אַ סריינפע. איך בין אוועק צו מײַן מאַמען אַהיים, הינטער דער גרינער בריק. מײַן מאַמע האָט זיך שטאַרק דערפרייט, באַפאַלן מיך קושן, מיך געטרייסט, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן. זי האָט צוגעקאָכט שטשאַוויע צונ פאַרווײַסט מיט מילך...

אַעראָפּלאַנען האָבן ניט אופגעהערט באָמבאַרדירן. אַנטקעגן אונדז, אַפּ דער צווייטער זײַט ווילִיע, האָט געפלאַקערט אַ גאַז־רעזערוואַר. דער רייעך איז אַרײַנגעדרונגען אוש אַהער אין צימערל און געריסן אין האַלדז.

— מאַמע, לאָמיר זיך ראַטעווען אײַנײנעם!

די מאַמע האָט מיר געגלעט די האָר, אַ קוש געטאָן אין שטערן און מיט אַ פײַנלעכן אויסדרוק, וואָס ניט מעגלעך צו פאַרגעסן, צוגעגעבן:

— איך, מײַן קינד, וועל אין ערגעץ ניט גיין. מײַן לעבן איז אין דיר. דו גיי און ראַטעווע דײַנע יונגע יאָרן.

כ'בין אַוועק צו דאָוויד אומרו, דעם רעדאַקטאָר פון „עמעס". זיצן מיר און קלערן פון אַן אויסוועג. אַזייגער צוועלף בײַנאַכט איז זיין צימער געוואָרן בלענדנדיק-ליכטיק. אעראָפּלאַנען האָבן אײַנגעלויפטן אויפגעהאַנגענע ליכט-ראַקעטעס. אַנטקעגן פענצטער, אין ראַיאָן פון דעם קרייז-באַרג, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן דײַטשישע פּאַראַשוטיסטן.

דעם סוינעס אעראָפּלאַנען זײַנען געפלויגן איבער די הײַזער. אַפן דאַך גלעזער-גאַס און ברייטער איז אײַנגעפאַלן אַ מויער. צענדליקער מענטשן זײַנען געבליבן אונטער די ציגל. אויך אַפן פּאָרטאָוועז זײַנען אײַנגעפאַלן מויערן. רויך פון סרייפעס האָט זיך געשפּרייט איבער די גאַסן. מענטשן מיט פּעקלעך אין די הענט האָבן זיך געצויגן אַרויס דער שטאָט. קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן, אַז דער דײַטש איז שוין גאָר נאָענט, און ער וועט פאַרצוקן ווילנע.

מיר ציען זיך אויך—אַ קאָמפּאַניע שרײַבער, כאַווייריִם, נאָענטע. איך לאָז איבער מײַן שטוב אַפן הפקר. פון מײַן אייגנטום באַווײַז איך מיטצונעמען בלויז די שוין אָפּגעדרוקטע בלעטלעך פון מײַן פּאָעמע „סיביר". מײַן פרוי נעמט מיט איר טאָגבוך, וואָס זי שרײַבט פון צען יאָר אָן. מיר שפּאַנען אַרום סובאָטש אין דער ריכטונג צו מינסק.

מיר באַגעגענען אַ טאַבאָר מיט יידן. די וועגענער אָנגעפּראָפּט מיט קישנס און ווײַבער. בײַ אַן אָנטרײַבער פון אַ פערד-און-וואָגן דערוויסן מיר זיך, אַז דאָס אַנטלויפט ער מיט זײַן מישפּאָכע פון די „ביליקע הײַזער". אין דאָרף סלאָבאָדע ווינט זײַנער אַ באַקאַנטער פויער. בײַ אים וויל ער איבערזײַן די מילכאָמע-צײַט, און ווען מע וועט די דײַטשן פאַרטרײַבן אַפּ צוריק, וועט ער זיך אומקערן קיין ווילנע.

וואָס אַ מינוט ווערט געדיכטער אַף די וועגן. עס ציִען אַפּ מיזרעך טיפער אין לאַנד יוגנטלעכע, אויך עלטערע און אַפילע זקיינים. מע יאָגט פון דער מאַגייפע, און די מאַגייפע יאָגט איבער... דײַטשישע אעראָפּלאַנען לאָזן זיך אַראָפּ ווי הײַשעריקן. זיי יאָגן זיך נאָך איינציקע מענטשן. אין דער לויפעניש ווערט צעשפּליטערט אונדזער גרופּע. אומרו מיט דער פרוי זײַנען אין דער בעהאָלע ניט געוואָרן. דאָס קינד זייערס כּיבערט אַפּ מײַנע הענט. איך וויל אַרײַנגיין אין אַ כאַטע אָנצוטרינקען דאָס קינד, נאָר אַלע כאַטעס זײַנען פּוסט. די פויערים — צעלאָפן.

נאַכט. מיר שלאָפנ אינ וואלד. רויטארמייער וואָרענענ אונדז, מיר זאָלנ זײַנ געהיט מיט מענטשנ, ווײַל אראָפּגעוואָרפענע דײַטשנ גייענ אינ קליידער פונ רויטארמייער. מײַנ כאוועריס קינד, געבליבנ אָפ מײַנע אָרעמס, איז זיכ פארגאנגענ אינ א געוויינ. עס בענקט נאָכ דער מאמענ. עס הונגערט. דאָס הארצ ווערט צעריסנ. בא דער לעוואָנע-שײַנ קלײַב איכ אָנ א פאָר יאגעדעס אונ גיב דעם קינד — עס זאָל ניט אויסגיינ אָפ מײַנע הענט.

* * *

לעבנ אָשמענע האָט אונדז דער דײַטש שוינ דעריאָגט. פונדערווײַטנ האָט זיכ געטראָגנ א געקלימפּערײַ פונ טאנקענ. פויערימ האָבנ אונדז דערציילט, אַז די גאנצע געגנט איז שוינ באווערעמט מיט דײַטשנ. וווהינ לויפט מענ? אונ דערצו טראָג איכ נאָכ דאָס קינד. דערפער ברענענ. אעראָפּלאנענ איבער די קעפ. מיר דערקענענ צווישנ זיי אויכ פיל סאָוועטישע. זיי ראנגלענ זיכ אונטער די וואָלקנס מיט די דײַטשישע לופט-רויבער. אײַנגעקנוילט אינ רויכ, פאלנ אייניקע אראָפּ לעבנ אונדז.

שוינ ניט ווײַט פונ ווילנע טרעפ איכ זיכ מיטנ טאטנ פונעמ קינד, וואָס בא מיר אָפ די הענט. איכ גיב אימ אָפ זײַנ זייפעלע, אונ איכ בינ גליקלעכ, וואָס איכ האָב עס דערהאלטנ באמ לעבנ. מיר נעכטיקנ אינ א שײַער בא א פויערטע. דורכ די שפאלטנ זעענ מיר, ווי עס ברענט ניי-ווילייקע. באנאכט קומענ אָנ מאָטאָציקלענ, שטעלנ זיכ אָפ בא דעם שײַער. איכ דערהער די שפראכ, וואָס האָט געשענדט אייראָפּע. דײַטשישע זשאנדארנ נישטערנ אינ דאָרפ. זיי רופנ ארויס אונדזער פויערטע אונ פרעגנ זי, צי זי באהאלט ניט אויס קיינ יידנ. מײַנע כאוויירימ שלאָפנ. איכ איינער בינ אופ. פונ אירס א וואָרט הענגט אָפ אונדזער לעבנ. זי ענטפערט אָפ איר מוטערשפראכ: „ניינ, דאָ איז קיינער ניטאָ“. אונ די זשאנדארנ פאָרנ אוועק ווײַטער.

טאנקענ, טאנקענ, טאנקענ. דער גאנצער אָשמענער טראקט איז איינ טאנקענ-קייט. זיי פויקנ, רוישנ, הילכנ אונ פארטויבנ. מיר ווארטנ א האלבנ טאָג. ענדלעכ רײַסנ מיר זיכ דורכ. מיטנ זעלבנ וועג, וואָס מיר זײַנענ אנטלאָפנ, גייענ מיר צוריק. בא דער ווילייקע וואשנ מיר זיכ ארומ. מיר צערײַסנ די פאפירלעכ, דאָקומענטנ — טאָמער א רעוויזיע, זאָל מענ גאָרניט געפינענ. מײַנ פרוי לאָזט איר טאָגבוכ בלעטלעכווײַז מיטנ וואסער.

* * *

איך בינ צוריק אינ שטאָט. אפּ די גאסנ האָב איך קיינ ייִדנ קימאט ניט באמערקט. עטלעכע זקיינים מיט אײַנגעבויגענע קעפּ האָבנ זיך געשארט בא די ווענט. די באפעלקערונג איז געלעגנ אינ די הײַזער. איבער דער שטאָט זײַנענ ארומגעגאנגענ עפּעס נײַע פינצטערע פארשוינענ מיט ווײַסע אָרעמבענדער אונ קליינע ביקסלעכ אפּ די אקסלענ. איך האָב דערקענט צווישנ זיי איינעמ א סטודענט פונ ווילנער אוניווערסיטעט.

לעבנ שלאָסבארג האָבנ די ווײַסע אָרעמבענדער געפּירט אונטערנ ביקס ארומ צוואנציק מאנ. צווישנ זיי — זאלמענ שאפּיראָ, א פּראָוויזאָר פונ ווילקאָמירער גאס. מע האָט זיי אלעמענ ארופגעפירט אפנ שלאָסבארג. בא דער גרינער בריק האָב איך דערהערט א זאלפּ פונ א סאכ ביקסנ אינ ראיאָנ פונ דעמ שלאָסבארג. איך האָב זיך אומגעדרייט אונ געזענ בלויז א פלאטערדיקנ האקנקרייצ אפּ געדימינס פאלאצ.

אינ מײַנ שטוב אפּ סובאָטש-גאס 6, ווו איך האָב אלצ איבערגעלאָזט, האָב איך זיך מער ניט צוריקגעקערט. איך בינ אוועק צו מײַנ מאמענ אפּ ווילקאָמירער 14, ווו איך האָב אָפּגעלעבט צוואנציק יאָר. מײַנ מאמענ האָב איך געטראָפנ א פּארווייִנטע. עמעצער האָט איר אָנגעזאָגט, אז מע האָט מיכ געזענ א טויטנ, א צעריסענעמ פונ א באָמבע.

## גזיירעס אונ לאטעס

אפּ מאָרגנ איז פונ שטאָט אָנגעקומענ א שאָכנ אונ דערציילט, אז מע כאפּט ייִדנ אפּ ארבעט. די ייִדנ, וואָס מע כאפּט, לאָזט מענ אָפּ אפּ דער נאכט אהיימ אונ מע גיט זיי ארויס פּאפּירלעכ, אז זיי זײַנענ שוינ „געכאפּטע“. כוצ דעמ דערציילט דער שאָכנ, אז די דײַטשנ האָבנ אינ דער לוקישקער טורמע אוועקגעפירט ווי אָרוועס-לײַט ארומ צוויי הונדערט ייִדנ אונ פּאָליאקנ. אויב די באפעלקערונג וועט זיך מיט עפּעס „פארזינדיקנ“, וועלנ די אָרוועס-לײַט באצאָלנ מיט זייערע קעפּ. די זעלבע נאכט האָט זיך ביז באגינענ געהערט א שיסערײַ פונ דער טורמע, וואָס שטייט אפּ דער אנדערער זײַט ווילִיע, אנטקעגנ מײַנ פענצטער. ווער שיסט אונ אינ וועמענ — האָט קיינער ניט געוווּסט. אזוי האָט זיך איבערגעכאזערט עטלעכע מעסלעס נאָכאנאנד. שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזנ, אז דעמ זעלבנ אָוונט,

ווען מע האָט אין טורמע געבראַכט די צרוועס-לײַט, האָט מען זיי גרופּעסווײַז דערשאָסן אינעם טפיסע-הויף.

די שיסערײַ אין דער לוקישקער טורמע האָט ניט אויפגעהערט. די כאַפּעניש אַף מענער אויך ניט. יעדער פּאָליצײַ-צירקל האָט באַקומען א פאַראָרדענונג אָנצוכאַפּן צו פופציק ייִדן א טאָג. שוין ניט אַף דער געוויינלעכער אַרבעט, נאָר צו עפּעס א געהיימען ציל, וועלכן קיינער האָט ניט געוווּסט.

כאַפּונעס (אַזוי האָבן די ייִדן אָנגערופן זייערע כאַפּערס) לויפן אַרום איבער די גאַסן און קאָנטראָלירן, טאַפּן, נישטערן. זיי שטעלן אָפּ יעדן אײנעם. אויב א ייִד האָט ניט קיין שײַן, אַז ער אַרבעט, אָדער אויב דער שײַן איז א ביסל אָנגעריסן, צעקנייטשט, פירט מען דעם ייִדן אין דער לוקישקער טורמע.

די פאַשיסטישע פּאָליצײַ האָט קאָנפיסקירט די יסכוירעס פון די ייִדישע קראָמען, אַרויסגעשלײַדערט די ייִדן פון אַלע אונטערנעמונגען. פון קיִעווער גאַס, שאָפּען-גאַס, גרויס-סטעפן-גאַס האָט מען אין מעשעך פון א שאָ צײַט אַרויסגעטריבן אַלע „ניט־אַריער" און זייערע דירעס פאַרכאַסמעט. גלײַכצײַטיק האָט מען פאַרנומען פון דאָרטן אַלע מענער. אין גאַס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע באַפעלן:

ייִדן טאָרן ניט ריידן דורכן טעלעפאָן.

ייִדן האָבן קיין רעכט ניט צו פאָרן מיט דער באַן.

ייִדן טאָרן ניט אַרײַנקומען אין קיין שטאָטישן אַנשטאַלט (באָד, שפּיטאָל, קינאָ־טעאַטער, קאַפע).

ייִדן מוזן אָפּטראָגן זייערע וועלאָסיפּעדן און ראַדיאָס.

אַלע ייִדן ווערן אַרויסגעוואָרפן פון אוניווערסיטעט.

אין שטאָט האָט זיך באַוויזן די באַקאַנטע אויפשריפט: „אײַנטריט פיר יודען פערבאָטען".

אין די אָרטיקע צײַטונגען האָבן זיך באַוויזן שוידערלעכע אַרטיקלען וועגן ייִדן. דער גאַנצער גיפט פון דער דײַטשישער פּראָפּאַגאַנדע, צוגעגרייט פאַר לאַנגע יאָרן, איז אַרײַנגעדרונגען אין דער היגער פּרעסע, ווו ס'האָבן מיטגעאַרבעט פאַשיסטישע אַגענטן — דײַטשיש-ליטווישע נאַציאָנאַליסטן.

דעם 4-טן יול איז אין די צײַטונגען און אַף די ווענט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַזא מודיעָ: „אין העסקעם מיטן באַפעל פון דער דײַטשישער מיליטערישער מאַכט פון 3-טן יול 1941 מעלדן מיר, אַז אַלע ייִדן אָן אונטערשייד פון געשלעכט און עלטער דאַרפן טראָגן אַף דער ברוסט און פּלייצע א לאַטע פון צען סאַנטימעטער

אפ צען סאַנטימעטער. אינמיטן דאַרף זײַן אַ געלער קרײַז און אין־ווייניק אַ „J“. אַ מוסטער איז פאַראַן אין אַלע ווילנער פּאָליציי־צירקלען.
דער באַפעל גייט אַרײַן אין קראַפט פון 8־טן יול 1941.
פאַר ניט אויספירן דעם באַפעל — די גרעסטע שטראָף.
מיליטערישער קאָמענדאַנט פון ווילנע צענפּעניג״.
אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער שטאָט־קאָמענדאַנט נוימאַן אַרויסגעגעבן אַ נײַעם געזעץ וועגן לאַטעס: ניט קיין געלע דאַרפן זיי זײַן, און ניט אפ דער ברוסט און פּלייצע דאַרף מען זיי טראָגן, נאָר מע דאַרף אָנייען אפן אַרבל אַ בלויען אָרעמבאַנד מיט אַ ווײַסן מאָגן־דאָוויד. שפּעטער מיט אַ טאָג איז אויך אָט דער געזעץ באָטל געוואָרן: מע דאַרף שוין ווידער טראָגן געלע לאַטעס אפ דער ברוסט און פּלייצע.
די דײַטשן האָבן מיט די דאָזיקע געזעצן געוואָלט וואָס מער באַליידיקן, דערנידעריקן און צעטומלען די יידישע בעפעלקערונג און קענען „געזעצלעך“ אַרויסבאַקומען וואָס מער קאָרבאָנעס. די יידן האָבן ניט געקענט, פּאָשעט ניט באַוויזן אויסצופירן די נאָכאַנאַנדיקע שפּאָגל־נײַע באַפעלן. און פאַרן טראָגן ניט די לאַטע, וואָס מע דאַרף, האָט מען גלײַך אַרעסטירט.
נאָך ניט געענדיקט מיט די לאַטעס — ווידער אַ נײַס:
יידן טאָרן ניט האָבן קיין קאָנטאַקט, טאָרן ניט ריידן מיט ניט־יידן.
יידן האָבן ניט קיין רעכט צו פאַרקויפן וועלכע־ניט־איז זאַכן, וואָס זײַנען ביז איצט געווען זייער אייגנטום, ווײַל דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון די יידן געהערט פון הײַנט און ווײַטער צו דער דײַטשישער מעלוכע, און עס ווערט צײַטווײַליק בלויז איבערגעלאָזט בא דעם געוועזענעם באַלעבאָס.
ווי עס דרינגט אַרויס פון דעם ערשטן פּונקט, איז פאַרבאָטן פאַר די יידן צו באַזוכן דעם מאַרק.
פאַר ניט אונטערוואַרפן זיך די פאַראָרדענונגען ווערט מען דערשאָסן.
דעם 2־טן אויגוסט איז אָנגעקומען הינגסט ווי דער געביטס־קאָמיסאַר פון ווילנע.
אין דעם זעלבן טאָג האָט ער שוין באַוויזן זײַן קויעך.
אפ שפּיטאָל־גאַס און נאָוויגאָראָד זײַנען פּאָרגעקומען צוויי גרויסע פּאָגראָמען. דורכגעפירט האָבן זיי די מאַסן־מערדער שווײַנענבערג און ווײַס. כוץ דעם האָט ער אַרופגעלייגט אַ ריזיקע קאָנטריבוציע אפ דער יידישער באַפעלקערונג.

אײנ פאראָרדענונג איז פאָרויסגעלאָפנ דער צװײטער:
ייִדנ מעגנ גײנ אינ שטאָט בלויז ביז זעקס אינ אָונט.
אפ די טראָטוארנ איז ייִדנ פארבאָטנ צו גײנ. זײ מעגנ גײנ
בלויז אפנ ברוק אונ אײנציקװײז, װי עס גײענ געענדז.
אפ מיצקעװיטש-גאס, זאװאַלנע, ברײטע, שלאָס-גאס, קאַטעדראַל-
פלאַצ אונ ארומ באנ איז ייִדנ פארבאָטנ צו גײנ.
די ייִדנ האָבנ געפרוװט די געזעצנ גוזעװער זײַנ. מע טאָר ניט
גײנ אפנ מארק, איז אָדער מע פלעגט ריזיקירנ אונ גײנ אָנ לאַטעס
װי ניט-ייִדנ, אָדער די ניט-ייִדישע שכײנימ פלעגנ אופקויפנ שפײַז
אונ אַרײַנטראָגנ אינ די ייִדישע שטיבער. אויכ מיטנ גײנ איבער די
גאסנ האָבנ זיכ די ייִדנ אנ אײצע געגעבנ: מע האָט דורכגעהאַקט
הויפנ אונ געמאַכט דורכגײנג. מע איז ארומגעגאַנגענ צװישנ טײַכעס
גאסנ אונ געקומענ, װו מע דאַרפ.

## כאַפּונעס

דער געסטאַפאָ-אָפיצער שװײַנענבערג האָט געאַרבעט פלײַסיק.
אפ װילנער 12 האָט ער געשאפנ זײַנ שטאַב. ער האָט צוגעצויגנ
די ליטװישע פאשיסטנ פונ „איפּאַטינגאַס בורי'ס", אָדער װי מע האָט
זײ פאָשעט גערופנ די „איפּאַטינגא" („אויסדערװײלטע"), אונ האָט זײ
פאנאנדערגעטײלט אפ צװײ העלפטנ: די אופגאַבע פונ דער ערשטער
העלפט איז צו כאַפּנ ייִדנ, אונ פונ דער צװײטער — אויספירנ
עקזעקוציעס איבער די געכאַפּטע.

* * *

עס האָבנ זיכ איבער די גאסנ א לאָז געטאָנ כאַפּונעס. זײער
אופגאַבע איז צוערשט געװענ: אויסזוכנ ייִדישע מענער אונ זײ
שלעפנ צו דער אַרבעט. אָבער ניט אינ דער עכטער אַרבעט איז זײ
געגאַנגענ. עס איז געװענ א גוט, פונ פאָרויס צוגעגרײט מיטל,
װי אזוי אַרײַנצונאַרנ אונ פארלענדנ די ייִדישע באַפעלקערונג. די
אַרבעטנדיקע ייִדנ האָט מענ טכילעס „ניט געטשעפעט". פארקערט,
זײ האָבנ באַקומענ צעטלענ, אז זײ אַרבעטנ. מיט אזא צעטל האָט
מענ זײ ניט געטאָרט פארהאַלטנ. אינגיכנ איז די ייִדישע באַפעלקערונג
צעטײלט געװאָרנ אפ צװײ טײלנ: די, װאָס אַרבעטנ, אונ די, װאָס
באַהאַלטנ זיכ אינ מאַלינעס. געפונענ א באַהאַלטענעמ ייִדנ, פלעגנ
די כאַפּונעס אימ הײסנ מיטנעמענ א האַנטעכ אונ זײפ אונ פלעגנ

אים אָפּפירן אין דער לוקישקער טורמע. אין טורמע איז געווען שוויינענבערג. פון אים פלעגט מען זיך זעלטן ארויסדרייען.

אַפּ ווילנער 12, אין דער געביידע פון דער „איפּאטינגא", איז געווען א קארטאָטעק פון די געכאפּטע. ס'הייסט פון יענע געכאפּטע, וואָס מע האָט אוועקגעפירט אין דער לוקישקער טורמע. אין דער קארטאָטעק איז געווען פּאָלגנדיקע רובריקן: נאָמען און פאמיליע-נאָמען פונעם פארכאפּטן, ווען געבוירן און נאָמען פונעם כאפּער. אַפּ דער צווייטער זייט פלעגט דער סעקרעטאר נאַרווישא צושרייבן מיט א רויטן בלייער א ♎ אָדער א P. ♎ האָט באטייט, אז דער קאָרבן איז אין דער לוקישקער טורמע. א P — אז מע האָט אים שוין אָפּגעפירט קיין פּאָנאר.

פּאר איטלעכן געכאפּטן ייִדן, וואָס איז באשטימט געווען אַפּ אומקום, האָט דער כאפּון באקומען צו צען רובל.

פיל כאפּונעס האָבן געהאט צו זיך געהילפן. מערסטנטייל זיינען דאָס געווען גאָר יונגע אגעונטלעכ. זיי פלעגן פריִער אויס-שמעקן די ערטער, ווו ייִדן באהאלטן זיך. פאר אזא האָט מען גע-ציטערט ניט ווינציקער ווי פאר א דערוואקסענעם. די כאפּונעס פלעגן ניט נאָר כאפּן מענטשן צום טויט, נאָר אויך זיך איבער זיי אינזדיעקעווען. אין זייער גלאנץ-פעריאָד, ערעוו דער געטאָ, פלעגן זיי באפאלן באָטע-מעדראָשים און פלעגן אוועקפירן די דאוונערס אזוי, ווי זיי שטייען, אין טאלעס-און-טפילן. געווען איז אזא פאל: בייס א כאפּעניש האָט זיך געראשן שמוקלער באהאלטן אין אן אלמער. א כאפּון האָט אים דערטאפּט און געשלעפּט אַפּן הויף. דער ייִד האָט זיך געפּרוווט אויסקויפן. ער האָט אָבער ניט געהאט גענוג געלט, האָט ער זיך געבעטן בא זיין כאפּון, וועלכן ער האָט געקענט ווי א סטודענט פון אוניווערסיטעט:

— האַק מיר אויס מיינע גאָלדענע ציינער, נאָר לאָז מיך לעבן.

באַם סטודענט האָט זיך אופגעוועקט דער „געוויכן": ער האָט שמוקלערן ארויסגעהאקט די ציינער און געלאָזן לעבן.

## דער ערשטער ייִדנראט

דעם 4-טן יול איז אַפּן שולהויף ארייַנגעפאָרן א טאקסי, און צוויי דייטשן מיט ביקסן אַפּ די אקסלען האָבן באפוילן ארויסרופן דעם ווילנער ראָוו. עס איז צו זיי ארויס דער שטאָט-שאמעס כאים-

מייער גאָרדאָנ, א הויכער שײנער ייִד מיט א ווײַסער באָרד. „דו ביסט עס דער ווילנער ראָוו?“—האָט אײנער פונ די דײַטשנ געפרעגט אונ אָנגעשטעלט אפ אימ די ביקס. גאָרדאָנ האָט געענטפערט, אז ער איז בלויז א שאמעס. דער ערשטער ראָוו רובינשטײנ איז אינ אמעריקע, אונ דער צווײטער ראָוו, כאַימ-אויזער גראָדזענסקי, איז געשטאָרבנ.

— אויב אזוי,—האָבנ די דײַטשנ געמאָלדנ דעמ שאמעס, — ביסטו דער ראָוו. אונ ביז מאָרגנ דארפסטו אויפשטעלנ א ייִדנראט.

עס איז גערופנ געוואָרנ א פארזאמלונג פונ די ווילנער קלאל-טוער, אונטערנ פאָרזיץ פונ דעמ אלטנ אונ גוט באקאנטנ ד״ר גערשוני. גערשוני האָט דערקלערט, אז די, וועלכע מע וועט אויסקלײַבנ אינ ייִדנראט, טאָרנ זיכ ניט אָפזאָגנ. עס איז געגליכנ, ווי זיי וואָלטנ געגאנגענ אפ קידעש-האשעמ. אונ ער האָט זיכ ביטער צעווײנט. אינ ייִדנראט זײַנענ אויסגעקליבנ געוואָרנ זעכצנ פערזאָנ. צווישנ זיי: ד״ר יאקאָוו וויגאָדסקי, האָראוו שוב, עליִעזער קרוק, אדוואָקאט פינכאָס קאָנ, פרוי ד״ר שאבאד-גאווראָנסקי, סאול טראָצקי אונ דער באנקיר לאנגבאָרט. פארנ פאָרזיצער איז אויסגעקליבנ געוואָרנ אינזשעניער סאול טראָצקי.

דער ייִדנראט האָט זיכ ארײַנגעקליבנ אפ סטראשונ-גאס 6, אינ בינינ פונ דער געוועזענער ביבליאָטעק „מעפיצע-האסקאָלע“.

דאָס ערשטע, וואָס איז ארופגעלײגט געוואָרנ אפנ ייִדנראט, איז צונויפזאמלענ דאָס גאָלד אונ די ווערטזאכנ בא דער ייִדישער באפעלקערונג.

* * *

ווי נאָר עס זײַנענ ארײַנ אינ ווילנע די דײַטשנ, האָט נאָכ געפירווט אָנגורטנ זײַנע קויכעס דער אלטער ווילנער קלאל-טוער, דער געוועזענער פאָרזיצער פונ דער ווילנער ייִדישער קעהילע — ד״ר יאקאָוו וויגאָדסקי.

צו פינפ אונ אכציק יאָר איז אימ באשערט געווענ צו דערזענ דעמ האקנקרײַצ איבער זײַנ היימשטאָט. ער איז שוינ געווענ קראנק. קוימ וואָס געגאנגענ. ווענ די נײַע מאכטהאָבער האָבנ אָנגעהויבנ זייער מאָרד איבער דער ייִדישער באפעלקערונג, זײַנענ צענדליקער אונ הונדערטער מענטשנ געלאָפנ צו וויגאָדסקינ. בא דעמ האָט מענ אוועקגערויבט א זונ, בא דעמ א טאטנ, זאָל ער ווי אלעמאָל זיי העלפנ, זיי ראטעווענ.

דער קראנקער וויגאָדסקי האָט זיכ אופגעהויבנ פונ בעט, אָנגעטאָנ זײַנע שווארצע קליידער מיט די אָקאָרשט אָנגענייטע לאטעס, גענומענ א שטעקנ אונ איז אוועק צומ רעפערענט פאר ייִדישע איניאָנים מורער אָפּצושרײַענ די גזיירעס. דער שטורמיסט בא דער טיר האָט אימ ניט ארײַנגעלאָזנ. געהייסנ ווארטנ אפ די טרעפּ. אינ א שאָ ארום איז ארויסגעקומענ מורער.

דער זאָקנ איז צוגעגאנגענ נעענטער, זיכ פאָרגעשטעלט, ווער ער איז, אונ דערציילט דעמ נײַעמ הערשער וועגנ די גרויסע אוולעס, וואָס ווערנ אָפּגעטאָנ לעגאבבע די ייִדנ. מורער האָט ניט געענטפערט קיינ וואָרט. ער האָט ארופגעצויגנ אפ דער האנט א ווײַסע הענטשקע אונ אראָפּגעשלײַדערט וויגאָדסקינ פונ אלע טרעפּ.

דער זאָקנ האָט זיכ קוימ אופגעהויבנ. זיכ ארומגעווישט דאָס בלוט אונ מיטנ ברוק, ווי אלע ייִדנ, זיכ אוועקגעלאָזט אהיימ. ער איז געגאנגענ דורכ מיצקעוויטש-גאס. ס'איז געווענ דעמלט, וועגנ עס איז שוינ ארויס דער געזעצ, אז די הויפּט-גאסנ זײַנענ פארווערט פאר ייִדנ. עס איז גלײַכ אויסגעוואקסנ א כאפּער אונ האָט א נעמ געטאָנ ד"ר יאקאָוו וויגאָדסקינ. צופעליק האָט עס באמערקט א ניט-ייִדישער פראָפעסאָר, ער האָט אויסגעקויפט דעמ זאָקנ אונ אימ געבראכט אהיימ.

פונ דעמלט אָנ איז שוינ דער אלטער קלאל-טוער מער ניט ארויס פונ שטוב. ביז איינמאָל איז געקומענ צו זײַנ שטוב א טאקסי. מע האָט אימ ארויסגעשלעפּט פונ בעט אונ אוועקגעפירט אינ דער לוקישקער טורמע.

מײַנ פרוי האָט אימ שפּעטער געזענ אינ טורמע. א כוידעש לאנג האָט אימ שווײַנענבערג געמאטערט. צו וויגאָדסקינ אינ קאמער האָט ער ארײַנגעוואָרפנ מייסימ. די ייִדנ, אָנגעכאפּטע בייס פארשיי-דענע פּראָוואָקאציעס, האָבנ זיכ געצויגנ צו דעמ זאָקנ אונ געמאָנט בא אימ טרייסט. וויגאָדסקי האָט געמונטערט די פארמישפּעטע ייִדנ. דאָס געלט האָט ער געהייסנ צערײַסנ אונ דאָס גאָלד אונ צירונג ארײַנוואַרפנ אינ אָפּטריט, קעדיי עס זאָל ניט ארײַנפאלנ אינ די מערדערישע הענט.

## די האק

... מײַנ מאמע האָט אפּ א רעגע פארגעסנ פונ דעמ דײַטשישנ געזעצ: זי האָט געשטעלט א פוס אפנ טראָטואר. א שטורמיסט האָט זי אָנגעכאפּט פאר די האָר אונ געשמיסנ מיט דער נאהײַקע איבערנ

פּאָנעם. ווען זי איז שוין געלעגן אַ פּאַרבלוטיקטע אין רינשטאָק, האָט ער זיך הויך פֿאַנאַנדערגעלאַכט און איז אַוועק. אַ שאָכנטע האָט זי געבראַכט אַהיים. כ'האָב איר אַרומגעוואַשן דאָס בלוט און דאָס ערשטע מאָל דערפֿילט אין זיך דאָס פֿײַער פֿון נעקאָמע.

מיטאַמאָל האָבן זיך אין פּאָדערהויז דערהערט טריט. כ'האָב זיך באַהאַלטן אין אַ טונקעלן צימערל, וווּ עס איז געווען אונדזער קיך. עס זײַנען אַרײַנגעקומען צוויי כאַפּונעס. איך שטיי אינעם צימערל, צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און הער, וואָס די כאַפּונעס ריידן. אַזוי־ווי עס איז אַן אָרעמע סאַלקע, זוכן זיי ניט קיין גאָלד. זיי פֿרעגן בלויז, צי ס'זײַנען דאָ מענער. דערהערט, אַז ניט, רופֿט זיך איינער אָפּ: „מע דאַרף אַ זוך טאָן — די זשידעס האָבן זיך אויסגעלערנט צו באַהאַלטן".

איך הער, ווי עס עפֿנט זיך די טיר פֿון דעם פֿינצטערן צימערל און עמעץ גייט אַרײַן מיט אַן עלעקטריש לעמפּל. איך שפּאַר זיך אָן לעבן צעבראָכענעם אויוון און דערטאַפּ אַ האַק. איך גיב זיך אַ וואָרט, אַז אויב דער כאַפּון וועט מיך באַמערקן און וועלן מיטנעמען, שפּאַלט איך אים מיט דער האַק דעם קאָפּ.

אָט איז ער אַרײַן. איך זע אַ שוואַרצן קאַפּעליוש און אַ פּאָנעם מיט אַ שיטערן בערדל. מיטן לעמפּל פּאָכט ער איבער די ווענט. דעריקער זוכט ער אין די ווינקלען. דער כאַפּון גייט אַרײַן טיפֿער. איך הער שוין זײַן אָטעם. ער שטעלט זיך מיט דער פּלייצע צו מיר. די האַק, צוגעוואַקסן צו מײַן דלאָניע, וואַרט, איך זאָל אויספֿילן מײַן וואָרט. איך וואַרט, ער זאָל זיך אומקערן און מיך באַמערקן. אין יענער סעקונדע האָט זיך דערוועקט אין מיר דער גרויסער געפֿיל פֿון נעקאָמע איך האָב קיינמאָל נאָך ניט איבערגעלעבט אַזאַ געפֿיל. איך האָב געוואַרט, ער זאָל אַ דריי טאָן דעם קאָפּ און מיך באַמערקן. איך האָב געוואָלט נעקאָמע נעמען פֿאַר דער פֿאַרבלוטיקטער מאַמען.

דער כאַפּון האָט אַלץ און אומעטום באַלויכטן, בלויז הינטער זײַן פּלייצע איז אים ניט אײַנגעפֿאַלן צו זוכן, און ער איז אַרויס פֿון צימער.

## מײַן ערשטע מאַלינע

אין מײַן צימערל אָפּ ווילקאָמירער 14, אין שטענדיקער טויט־שרעק פֿאַר די כאַפּונעס און שטורמיסטן, וואָס האָבן זיך אויך אַ לאָז געטאָן איבער די ייִדישע שטיבער, בין איך געלעגן טאָג ווי

נאכט צוגעדעקט מיט שמאטעס און געמאכט פלענער, ווו און וויאזוי זיכ אויסצובויענ א „מאלינע“. א מאלינע — א וואָרט, וואָס איז גיכ פּאָפּולער געוואָרנ בא דער ייִדישער באפעלקערונג, — האָט געהייסנ אנ אָרט, ווו מע קאָנ זיכ באהאלטנ פונ די כאפּונעס.

מײַנ שטוב איז א הילצערנע סאלקע אפנ צווייטנ גאָרנ. דער בוידעמ איז אנ אָפענער, מע ווועט זיכער געפינענ. די כאפּונעס האָבנ זיכ אויסגעלערנט זוכנ. לעצטנס קומענ זיי מיט העק און אפילע מיט שפּירהינט. דאָס איינציקע אָרט איז דער קוימענ פונ צעבראָכענעמ אויוונ אינ קיכ. באנאכט האָב איכ פּאָרזיכטיק ארויסגענומענ עטלעכע ציגל און בינ ארופגעקראָכנ אינ דער הייכ, פונקט אנטקעגנ דער לעווּאָנע... דרײַ נעכט האָב איכ זיכ געמאטערט אינ דעמ קוימענ און פארסאמט די לונגענ אינ דער שטיקנדיקער סאזשע. איינמאָל איז מיר אײַנגעפאלנ א געדאנק, אז אונטערנ בלעכענעמ דעכל, וואָס גייט ארויס פונ דעמ פענצטער, באדארפ זיכ געפינענ א פוסט אָרט. אויב מע זאָל פונ ערגעצ דורכשנײַדנ אנ ארײַנגאנג און אימ גוט פארמאסקירנ, איז מעגלעכ דאָרטנ ארײַנצוקריכנ און „ווינענ“. אינ פּאָדעריוויז, פארנ עפענענ די טיר, האָט זיכ געפונענ א טונקל קעמערל אפנ צו האלטנ האָלצ. אינ יענעמ קעמערל האָב איכ ארויסגעריכנ א ברעט און געמאכט אנ ארײַנגאנג אונטערנ בלעכענעמ דעכל. די מאלינע האָט זיכ ארויסגעוויזנ א ביסעלע צו נידעריק. איכ האָב געקענט בלויז ליגנ אינ דער גאנצער לענג און עס איז קוימ געווענ מעגלעכ זיכ איבערצודרייענ אפ דער אנדער זײַט.

איכ פלעג ארײַנקריכנ מיט די פיס פאָרויס און נאָכדעמ צוציִענ די ברעט אפ צוריק און פארדרייענ מיט א דראָט אינעווייניק, מע זאָל ניט קענענ צוקומענ. אזוי בינ איכ אָפּגעלעגנ אינ דער מאלינע 7 וואָכנ. איכ האָב אויסגעבויערט דורכנ בלעכ א פּיצל עפענונג און פאר דעמ ביסל שײַנ אינ פאָרמ פונ א נאָדל-ליכט האָב איכ געשריבנ מײַנע לידער „פענעמער אינ זומפּנ“.

די בלעכ, אָנגעווארעמט פונ דער יול-זונ, האָט צעבריט מײַנ לײַב. איכ פלעג קוימ דערווארטנ, עס זאָל אָנקומענ דער אָוונט. אינ ביינ-האשמאָשעס פלעגט זיכ צושארנ אהער מײַנ פרוי, וואָס איז ארומגעגאנגענ אָנ לאטעס, און מיר דערלאנגענ פונ אונטערנ ברעט א שטיקל ברויט. עפענענ די מאלינע האָב איכ ניט געוואָלט, ווײַל צו יעדער רעגע קענענ זיכ אָנטראָגנ כאפּונעס.

* * *

אונטער מיר, אינ דער אונטערשטער פוסטער דירע (די זינ האָט מענ פונ דאָרטנ צוגעכאפט, די אלטע מאמע איז געשטאָרבנ), האָט זיכ ארײַנגעקליבנ א געוועזענער באאמטער פונ ווילנער מאגיסטראט, אײנער א ניקאָלײַ פטאשעק. ער האָט געוואָרפנ א שרעק אפ די עטלעכע נאָכ געבליבענע ייִדישע אײַנוווינער. אינ אָוונט פלעגט ער זיכ אוועקזעצנ אפ די טרעפ אונ רײניקנ זײַנ ביקס. אײנמאָל האָט ער זיכ בארימט פאר די שכײנים, אז ער קומט נאָרוואָס פונ דעמ שטעטל פאָדבראָדז, ווו ער האָט מיט די אײגענע הענט דער-שאָסנ 50 ייִדנ. אפ אימ איז דאָס געווענ צו גלײבנ. איבערנ גאנצנ הויפ האָבנ זיכ געלופטערט אָנגערויבטע זאכנ. גראָד איז מײַנ באהעלטעניש אויסגעקומענ איבער זײַנ בעט, עמעצער האָט אימ אונטערגעזאָגט, אז רײַנעס זונ, — מיכ, הײסט עס — האָט מענ ניט געזענ אראָפּפירנ פונ די טרעפ, מסתמא באהאלט ער זיכ ערגעצ אז ס. פטאשעק איז ארופ צו מײַנ מוטער א קוק טאָנ.

די גאנצע צײַט פונ מײַנ בראָטנ זיכ אינ דער מאלינע האָב איכ אויסגעמיטנ פונ דאָרטנ ארויסצוגײנ אפילע בײַנאכט. איכ האָב געוווּסט, אז קוימ ווער איכ געכאפט פונ די היצליעס, איז שוינ מײַנ לעבנ פארשפילט. אינ דער באהעלטעניש בינ איכ געוואָרנ קראנק. איכ האָב אָבער באשלאָסנ ניט ארויסצוגײנ פונ דאָרטנ. מײַנ מאמע האָט זיכ געבעטנ בא מיר, האָט ארײַנגעשעפטשעט אינ א ספּעציעלנ שפאלט, איכ זאָל ארויסקריכנ אונ כאפנ לופט אונ דעמ קראנקנ גופ א ביסל צוהײלנ. אײנמאָל האָב איכ זיכ געלאָזט אײַנרײדנ. ארויס-געקראָכנ פונ דער באהעלטעניש אונ ארײַנ אינ שטוב. עס איז געווענ פרײַטיק-צונאכטס. די מאמע האָט געבענטשט ליכט. אינ פענצטער האָט ארײַנגעקוקט דער מײַ-בוימ ווי א בסורע פונ פרידנ. איכ האָב זיכ אויסגעטאָנ האלב-נאקעט אונ גענומענ זיכ ארומוואשנ. אינ דער זעלבער צײַט איז ארײַנ פטאשעק. ער האָט זיכ געמאכט, ווי ער זעט מיכ ניט, אונ געפרעגט בא דער מאמענ, צי עס איז א גוטע דירע בא איר? ער וויל בעסער זיכ ארופקלײַבנ אויבנ, אונטנ שטערט מענ אימ צו שלאָפנ. אלצײַנס, זאָגט ער, וועט מענ אינגיכנ די ייִדנ ארײַנטרײַבנ אינ געטאָ, וויל ער באצײַטנס נעמענ די וווינונג. מײַנ מאמע איז פארטאָנ געווענ אינ ליכט בענטשנ. זי האָט ניט געהערט זײַנע רײד. ער האָט זיכ העפלעכ געזעגנט אונ פארמאכט די טיר. איכ האָב גלײַכ דערשפירט, אז פטאשעק האָט באשלאָסנ מיכ צו כאפנ.

און אײדער איך האָב נאָך באַוויזן אָנצוטאָן דאָס העמד — ערשט איך הער א געלאָף, א געפּילדער, א שטורמיסט מיט פּטאשעקן רײַסן זיך אַרײַן דורך דער טיר. וויאַזוי איך האָב זיך דעמלט אַרויס־געריסן פון זײערע הענט, פאַרשטײ איך ניט. פלינק ווי א בליץ בין איך אַרויסגעשפּרונגען אין פאָדערהויז און זיך באַהאַלטן צוריק אין דער מאַלינע.

## א פאַרווײַלונג בא דײַטשן

ווײַטער ליגן אין דער מאַלינע האָט שוין ניט געהאַט קײן זינען. איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן, זיך אַריבערכאַפּן אין שטאָט. איך האָב געוווּסט, אַז אַרום־גאַס, לעבן די שעסקינער בערג, אין די אַמוניציע-לאַגערן, אַרבעטן ייִדן. איך האָב פאַרטראַכט זיך אַריבער־צוכאַפּן אָן לאַטעס אַהינצו, און פון דאָרט, שוין ווי א ייִד, מיט דער גאַנצער קאָלאָנע אָפּמאַרשירן אין שטאָט.

איך האָב אָנגעשריבן א צעטל (טאָמער כאַפּט מען מיך), פאַרוקט זי אין דער באַהעלטעניש, ווו איך בין זיבן וואָכן אָפּגעלעגן אין פיבער, און באַנאַכט, דעם 5-טן אווגוסט 1941, האָב איך זיך אַריבער־געכאַפּט אַף א צווײטן הויף, זיך דאָרט באַהאַלטן אַף א בוידעם, און באַטאָג האָב איך אָוועקגעשפּאַנט אָן לאַטעס מיטן טראָטואַר צו די שעסקינער בערג. איך בין אָבער באַגאַנגען א גרויסן פעלער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז הײַנט איז גאָר זונטיק, און דעם טאָג טרײַבט מען ניט די ייִדן צו דער אַרבעט.

לעבן פּוסטעס ציגעלניע האָט מיך אָפּגעשטעלט א שיקערער שטורמיסט און געפאָדערט דאָקומענטן. געזען, אַז איך בין אַרײַנגע־פאַלן, זאָג איך אים, אַז איך בין א ייִד און איך האָב פאַרגעסן אָנצוטאָן די לאַטעס.

— גוט, וואָס דו האָסט אָנגעטראָפן אַף מיר, ניט אַף מײַנע יענע קאָלעגן, — ווײַזט ער מיטן פינגער אין דער אַנטקעגנדיקער ריכטונג, — זײ וואָלטן דיר אָפּגעשניטן די אויערן. איך, זעסטו, וועל דיר קײן שלעכטס ניט טאָן. הײַנט באַנאַכט וועל איך דיך אָפּלאָזן, איצט וועסטו גײן מיט מיר, דו וועסט שפּילן אין א צירק.

איך זוך אין געדאַנק אַן אײצע, וויאַזוי זיך צו ראַטעווען. איך נעם אַראָפּ פון מײַן האַנט דאָס זײגערל, גיב עס אים און בעט, ער זאָל מיך באַפרײַען. דער שטורמיסט צעלאַכט זיך, רוקט אַרײַן אין קעשענע די האַנט, ציט אַרויס פון דאָרטן עפּעס א צענדליק זײגערלעך און ווײַזט זײ מיר:

— אינ פּאָניעווּעזש האָט מיר א ייִד געוואָלט אָפּגעבנ זייַנ נייַעמ צוויי-גאָרנדיקנ מויער, אבי איכ זאָל אימ שיסנ וואָס גיכער. אונ בא א צווייטנ האָב איכ געבעטנ זייַנ האַנטזייגערל, ווײַל איכ אימ לאָז לעבנ, איז דאָס אימ געווענ א שאָד... נאָר דיר, — קלימפּערט ער מיט די זייגערלעכ, — וועל איכ ניט טאָנ קיינ שלעכטס. איכ שווער בא היטלערנ! דו וועסט בלויז בא מיר שפּילנ אינ צירק. מער גאָרניט.

וואָס אזוינס דער שטורמיסט האָט פּארטראַכט, האָב איכ ניט געקענט באַנעמענ. איכ האָב געהאַט בלויז איינ פּארלאַנג: ער זאָל מיכ נאָר ניט אוועקשלעפּנ אינ דער לוקישקער טורמע, פונוואַנענ עס זייַנענ שוינ צו מיר דערגאַנגענ גרוסנ, וויַאזוי שווייַנענבערג פּייַניקט. פּאַר דעמ האָב איכ מוירע געהאַט פּיל מער, ווי פּאַר דערשאָסנ ווערנ. איכ האָב געקלערט אנטלויפּנ. נאָר מיטנ שטורמיסט איז מיטגעגאַנגענ, ווי זייַנ שאָטנ, א שווארצער קודלאטער הונט. ווער ווייסט, ער קענ מיכ נאָכ דעריאָגנ, כאַפּנ, אונ דעמלט וועט זייַנ ערגער. איכ האָב באשלאָסנ צו אנטלויפּנ בלויז אינ דעמ פּאַל, ווענ איכ וועל זיכ איבערצייַגנ אפּ זיכער, אז דער שטורמיסט פירט מיכ צומ טויט.

אינ דער זעלבער צייַט זייַנענ אָנגעגאַנגענ זייַנע צוויי קאָלעגנ. זיי האָבנ געפירט צוויי ייִדנ מיט געלע לאַטעס. דערזענ, אז זייער קאָלעגע איז אויכ ניט מיט ליידיקנ, האָבנ זיי זיכ שטארק דערפרייט.

— מארש! — האָט א פייַפ געטאָנ איינער פונ די צוגעקומענע שטורמיסטנ אונ געוויזנ וווּהינ צו גייַנ. די דרייַ זייַנענ נאָכגעגאַנגענ אונדז פונ הינטנ אונ געטריבנ ווי די שאָפּ. דער הונט איז פאָרויס-געלאָפנ ווי דער שאָליעכ פונ טויט. אזוי זייַנענ מיר געגאַנגענ ביז צו דער ווילקאָמירער גאַס, צו דער אלטער קלויז.

אפנ וועג האָב איכ זיכ אומגעקוקט אפּ מייַנע צוויי מיטגייער. דער ערשטער איז דער אכציקיעריקער ראָוו פונ אונדזער גאַס, קאַסעל. „דער אלטער“ האָט מענ אימ גערופנ. א נידעריקער, גרייכט קוימ מייַנ אקסל, ווייַס ווי שניי. די שווארצע לאַנגע קאַפּאָטע מאַכט אימ נאָכ נידעריקער. מיר דאַכט, עס איז א קינד, פארגרימירט פאַר א זאָקנ. מיר איז אויסטערליש, וואָס ער גייט אָנ א שטעקנ. איכ דערמאָנ זיכ, אז דער שטורמיסט, וואָס האָט אימ אָקאָרשט צוגעפירט, האָט זיכ געשפּילט מיט א שטעקנ. פאָרזיכטיק טו איכ א בייג דעמ קאָפּ אפּ הינטער, אונ מייַנ כשאַד באשטעטיקט זיכ: עס איז דער שטעקנ פונעמ אכציקיעריקנ ראָוו. דער שטורמיסט האָט זיכ באוואָרנט, אז דער קאָרבנ זייַנער זאָל ניט אנטלויפּנ.

דער צווייטער איז א יונג יינגל מוישקע. אויך א באקאנטער, פון דער זעלבער גאס. ער גייט דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן, קוקט אפן ברוק, און זיין פּאָנעם פּיבערט אין ראָזלעכע פלעקן. דאָס צעשראָ-קענע יינגל איז א קאָנטראסט צו דעם זאָקנס רויקייט. דער טויט איז נאָך פאר אים צו גרויס, מוישקע קען אים ניט באנעמען.

מיר האָבן אלע דריי ניט געוווסט, וווהין מע פירט אונדז. דאָס יינגל האָט גנקוקט א צעשראָקנס דאָ אפ מיר, דאָ אפ דעם זאָקן, מיט אזא אויסדרוק, ווי אין אונדז האָט זיך באהאלטן זיין גוירל.

לעבן דער אלטער קלויז האָט שוין געוואַרט א האמויז, וועלכן די דייטשן האָבן באצייטנס צונויפגעטריבן. דער שטורמיסט, וואָס האָט זיך געשפּילט מיטן זאָקנס ביינערדיק שטעקעלע, האָט אונדז דרייען צוגעפירט צו דער וואנט פון דער קלויז און געהייסן זיך אויסטאָן. ערשט איצט האָב איך באמערקט, ווי איבער דער גאנצער לענג פון דער גאס איז איבערגעצויגן א סייפער-טוירע מיט סימאָנים פון רעדער, וואָס זיינען איבער איר דורכגעפאָרן. אכוץ דער צעראָלטער סייפער-טוירע איבער דער גאס איז א הויפן סייפער-טוירעס געלעגן לעבן דער קלויז, מיט צעריסענע פארבלוטיקטע מענטעלעך, דורכגעזוימטע מיט זילבערנע פעדעם. און לעבן זיי — א בערגל אָנגעהויפטע ברעטלעך אין פאָרם פון א שייטער.

„הייסט עס, אז מע קלייבט זיך אונדז פארברענען“, — איז מיר דורכגעלאָפן א געדאנק. איך האָב א קוק געטאָן אפן זאָקן, און זיין בליק האָט אָפּגעטייט מיין מוירע. בלויז דאָס יינגל האָט געוויינט: „מאמע!“

דער שטורמיסט האָט ארויסגענומען זיין רעוואָלווער און נאָכ-אמאָל איבערגעכאזערט דעם באפעל: „אויסטאָן זיך!“, אָבער דאָס מאָל שוין ניט מיט קיין שטיל קאָל, נאָר מיט אזא געוווי, אז א צוקוקער איז פון שרעק אראָפּגעפאלן פון פארקאן. דער שטורמיסט האָט מיט א שוועבעלע אונטערגעצונדן דעם שייטער.

דער ערשטער האָט זיך אויסגעטאָן דער ראָוו. זיין דארער איינגעשרומפּענער גוף, אין שיין פון אופגייענדיקן שייטער, האָט אויס-געזען ווי א וועקסענע יאָרצייט-ליכט, אויסגעבויגן און געל. נאָך אים — איך. די הענט אליין, ניט הערנדיק די באפעלן פון געדאנק, האָבן אראָפּגעצויגן מיינע לייכטע זומערדיקע קליידער. צולעצט האָט זיך אויסגעטאָן דאָס יינגל. די קליידער האָט ער געהאלטן אין די הענט ווי שלאנגען און ניט געוווסט וואָס מיט זיי צו טאָן. דער שטורמיסט האָט אונדז באפוילן אופצולייגן די קליידער אין איינ

פֿעקל, אונ ער אַליינ האָט אַלצ צוגעדעקט מיטנ ראָווס טאַלעס-קאָטנ.

מיר האָבנ געדאַרפֿט טאַנצנ אַרומ פֿײַער אונ זינגענ. זינגענ אַפֿ רוסיש. דער ראָוו האָט קיינ רוסיש ניט געקענט. ער האָט געשוויגנ. איצט איז שוינ צוגעלאָפֿנ אַ צוויטער שטורמיסט — דער, וואָס זאָט געקלימפּערט מיט די זייגערלעכ, — אונ אַ שטופּ געטאָנ דעמ ראָוו צומ פֿײַער. דער ראָוו האָט פֿאַרמאַכט זײַנע אויגנ. דער רויכ האָט אימ אַרומגעקנוילט. ס'האָט זיכ דערהערט אַ רייעכ פֿונ אָפּגעסמאַליעטע האָר. צומ ערשטנ מאָל האָט זיכ אַרויסגעריסנ פֿונ זײַנ מויל אַנ „אוי".

מע האָט אונדז, געשלאָגנ, באַפֿוילנ רײַסנ די סייפֿער-טוירעס אונ זיי וואַרפֿנ אינ פֿײַער. די ערשטע סייפֿער-טוירע האָבנ די דײַטשנ אַרײַנגעשטעקט דעמ נאַקעטנ זאָקנ. דער פּאַרמעט איז געווענ האַרט. די סייפֿער-טוירע איז אַרויסגעפֿאַלנ פֿונ זײַנע הענט אונ צוגעדעקט דעמ פֿלאַקער. דאָס פֿײַער האָט זיכ אינ אָנהייב פֿאַרשטיקט, פֿאַרטונקלט. שפּעטער האָט דער פֿלאַקער מיט נאָכ מער קראַפֿט זיכ אַדורכגעריסנ דורכנ פּאַרמעט אונ מיט אַ געקנאַק אַ פֿלייצ געטאָנ אינ דער הייכ צו דעמ פֿײַער פֿונ זונ-פֿאַרגאַנג. דאָס יינגל האָט געגאָסנ טרערנ, זיכ צוגעדעקט מיט די הענט דעמ קאָפּ, זײַנע האָר זאָלנ זיכ ניט אָנכאַפּנ.

דערנאָכ האָט אונדז דער צערעמאָניע-מײַסטער געהייסנ זיכ אָנטאָנ.

מיר האָבנ זיכ אָנגעטאָנ. די זונ איז פֿאַרגאַנגענ. די שטורמיסטנ זײַנענ אַוועק.

דער ראָוו איז אַרײַנ אינ דער כאָרעווער קלויז אונ זיכ געשטעלט דאַווענענ. דאָס יינגל איז אַנטלאָפֿנ. איכ בינ אויכ אינ קלויז אַרײַנ, זיכ אַוועקגעלייגט אינ אַ ווינקל וואַרטנ אַפֿנ מאָרגעדיקנ טאָג.

## קעפּ

עטלעכע וואָכנ האָב איכ זיכ אויסבאַהאַלטנ אַפֿ סאַלטאַנישאָק, אַ פֿאָרשטאָט פֿונ ווילנע, בײַ דער מישפּאָכע פֿונ דעמ באַקאַנטנ ווילנער רעוואָליוציאָנער באַסטאַצקי, וואָס איז אינ יאָר 1936 געפֿאַלנ אינ שפּאַניע. פֿונ מײַנ נײַער צײַטווײַליקער היימ בינ איכ, צוזאַמענ מיט די געבליבענע מענער פֿונ דער מישפּאָכע באַסטאַצקי, געגאַנגענ אַרבעטנ אינ די אַמוניציע-לאַגערנ אַפֿ די שעסקינער בערג. ווענ ניט די האַרציקע מישפּאָכע, וואָס האָט מיכ אַרײַנגענומענ צו זיכ, וואָלט איכ שוינ לאַנג ניט געווענ צווישנ די לעבעדיקע. אַרבעטנ האָב איכ

געמוזט גיין, קעדיי צו באקומענ א שיינ פונ דעמ ווילנער ארבעטסאמט. יענע טעג איז עס געווענ די איינציקע רעטונג קעגנ די כאפונעס. די באסטאצקיס האבנ איבער מיר איינגעשטעלט דאס לעבנ, וויל ניט קיינ איינגעמאלדענעמ האט מענ ניט געטארט ארופלאזנ אפ דער שוועל. אונ יעדער ייד, וועלכער איז געגאנגענ זיכ איבערמע ..נ אפ א צווייטער ווינונג, איז שוינ ניט צוריקגעקומענ פונ פאליציי-ציירקל אהיימ.

די ארבעט אינ די אמוניציע-לאגערנ איז באשטאנענ אינ אופקלייבנ די קוילנ, גראנאטנ, באמבעס, וואס די דויטע ארמיי האט ניט באוויזנ אופצורייסנ פארנ פארלאזנ די שטאט. מיט מיר צוזאמענ האט דארט געארבעט לייב שריפטזעצער — דער גוט באקאנטער אונ באליבטער אקטיאר. ער האט אויסגעזענ געל אונ אויסגעדארט ווי נאכ א טיפוס. מיר האבנ ניט דערלאזנ, ער זאל שווער ארבעטנ, אימ צוגעטראגנ די פארציע זופ אונ געקויפט פאר אימ בא די פויערימ עפל. די עפל איז אימ שטענדיק א שאד געווענ אופצועסנ. ער פלעגט ארויסנעמענ זיינ מעסערל, זיי צעשניידנ אפ דינע כאלאקימ אונ אנפילנ מיט זיי דעמ אונטערשלאק פונעמ רעקל, קעדיי די זשאנדארנ, וואס קאנטראלירנ אפ די גאסנ, זאלנ גארניט געפינענ. די עפל האט ער געטראגנ אהיימ פאר זיינ קראנק טעכטערל.

— איכ שפיל מיינ לעצטע ראליע, — האט ער מיר געזאגט. — דער אקטיאר לייב שריפטזעצער, וואס זיינ גאנצ לעבנ האט ער געשפילט שאלעמ-אליינכעמענ, שפילט איצט די קאמעדיע „מענאכעממענדל אונטערנ האקנקרייצ“.

מיט מיר צוזאמענ האט דא געארבעט האפמעקלער, דער דיריגענט פונ סימפאנישנ ארקעסטער אינ ווילנער ראדיא. ווענ ער איז געגאנגענ מיט דער קאלאנע אהיימ, האט אפ אימ אנגעוויזנ א מאסער, אז ער האט געארבעט אינ ראדיא, אונ מע האט אימ אוועקגעפירט אינ טורמע.

די שטימונג בא די ארבעטער איז געווענ א ביטערע. די דייטשנ, וואס זיינענ שוינ געווענ בא לענינגראד, האבנ זיכ בארימט אינ זייערע בלעטער, אז מארגנ-איבערמארגנ וועט פאלנ די שטאט. איבער די גאסנ פונ ווילנע האבנ די דייטשנ ספעציעל ארומגעפירט קאלאנעס געפאנגענע רויטארמייער, אויסגעהונגערטע, נאקעטע, צו באוויזנ דערמיט דער באפעלקערונג, ווער עס איז דער זיגער.

* * *

איינמאָל, ס'איז געווענ א וואָכנ צוויי פארנ אריינטרייבנ די ייִדנ אינ געטאָ, איז פונ יענער זייט דראָט פונ אונדזער נייעמ ארבעט-פלאצ אינ בורבישאָק פארבייגעגאנגענ א פויערטע אונ מיר אָנגעוויזנ, אז דאָ, ווו עס איז א געלער זאמד, ליגנ באגראָבנ 50 ייִדנ. די דייטשנ האָבנ זיי געקעפט. זי האָט עס צופעליק אליינ געזענ. ניט ווייט פונדאנענ האָט זי געפיטערט איר ציג, די זעלבע ציג, וואָס זי פיטערט אויכ איצטער. די דייטשנ האָבנ דאָ געבראכט געבונדענע יונגע ייִדנ אונ מיט א האק אָפגעהאקט זיי די קעפ. איכ האָב דערציילט וועגנ דער געשיכטע קאפלאנ-קאַלאנסקינ, אונדזער בריגאדיר. ער האָט ניט געגלייבט. „די פויערטעס האָבנ ליב צו באָלבענ", — האָט ער געזאָגט אונ א מאַכ געטאָנ מיט דער האנט.

מיטיק-צייט, ווענ די וועכטער זיינענ אוועק פונ פלאצ, האָב איכ גענומענ א רידל אונ אָנגעהויבנ גראָבנ אינעמ זאמד. ניט געגראָבנ קיינ האלב מעטער, האָט זיכ דער רידל אָנגעשטויסנ אפ עפעס הארטס. איכ האָב אָפגעשאָטנ דעמ זאמד, אונ דער רידל איז פארקילט געוואָרנ אינ מיינע הענט. א גופ אָנ א קאָפ איז געלעגנ איבערגעוואָרפנ איבער א צווייטנ. די העלדזער האָבנ נאָכ אויסגעזענ רויז אונ פריש. פונ איינעמס א פלייצע האָט ווי א בלינד אויג ארופגעקוקט א געלע לאַטע. מער האָב איכ שוינ ניט געגראָבנ. טיפער ווי דעמ עמעס וועל איכ ניט דערגרייכנ. איכ האָב בלויז ארויפגענומענ די געלע לאַטע פונעמ האָרוג אונ זי פארדריקט אינ פויסט.

## אינ אנ אָרנ פאר מייסימ

אפ סאלטאנישאָק האָבנ זיכ אָנגעהויבנ רעוויזיעס. ווו זיכ צו באהאלטנ איז ניטאָ. מיינ פאפיר, אז איכ ארבעט, איז שוינ גאָרניט ווערט. אָט זיינענ אוועק צו דער ארבעט עטלעכע מענער פונ דער מישפאָכע באסטאצקי אונ זיכ ניט צוריקגעקערט. צו וואָס דארפנ די כאפונעס זוכנ איינציקווייז אינ די שטיבער, אז א כאכ גרינגער איז אָנצוכאפנ א גאנצע מאכנע. איכ האָב גערעכנט אוועקצוגיינ מיט א גרופע ייִדנ אינ א לאַגער, ווו מע גראָבט טאָרפ. אינ רעשע, ביאַ-לאָוואקע אונ אנדערשווו זיינענ שוינ געווענ אזוינע לאַגערנ.

פינכאָס קאָנ, דער דעמלטיקער פאָרזיצער פונ ערשטנ ייִדנראט, האָט געראטנ מיינ פרוי, איכ זאָל בעסער אוועקגיינ אינ קענע ארבעטנ בא א פאָרעצ אינ א מאיאָנטעק. אויכ די פריצימ האָבנ רעכט געהאט

אויסצונוצן די ייִדן. דאָרטן האָט זיך דעמלט אויסבאהאלטן דער דירעקטאָר פֿון דער ווילנער פּערעץ-גימנאזיע יוסף טעפּער. עס האָט זיך געדאכט, אז ווײַטער פֿון שטאָט, צווישן וועלדער, וועט מען ניט פֿילן אזוי די רעציחעס.

איך בין אוועק אויף סטראַשון-גאס 6, אויפֿן הויף פֿון ייִדנראַט, קעדיי זיך צונויפֿשליסן אָן א גרופּע, וואָס קלײַבט זיך אין קענע. פּינכאָס קאָן האָט מיך דערזען פֿון זײַן פֿענצטער, ווו ער אמטירט, און האָט מיך ארײַנגערופֿן צו זיך. זײַן פּנים איז געווען געל און צעקנייטשט ווי די לאטע אויף זײַן ברוסט. ער האָט זיך אָקאָרשט אומגעקערט פֿון מויערן. אלץ, וואָס ביז איצט איז געשען, איז נאָר אָן אָנהייב. עס וועלן נאָך זײַן פּראָוואָקאציעס. עס וועט נאָך זײַן א געטאָ. ייִדיש בלוט וועט באפֿארבן ווילנע. אין איינס איז אָבער קאָן זיכער: אין דײַטשלאנדס פֿולשטענדיקער מאפּאָלע.

איך דערצייל קאָנען, אז איך האָב באשלאָסן צו פֿאָלגן זײַן אייצע. איך קען מער ניט אָנקוקן די פּענעמער פֿון אונדזערע מערדער. איך קען מער ניט זען, ווי מע טרעט אונדז מיט די פֿיס. ער ענטפֿערט מיר באהערשט, קאלט, אז איך האָב שוין ניט וווהין צו פֿאָרן. מיט א האלב שאָ צוריק האָט ער זיך דערוווסט, אז די ארבעטער, צוזאמען מיט טעפּערן, האָט מען נעכטן געשאָסן. איז דאָס נאָך ווייניק. דערווײַס איך זיך פֿון באקאנטע: דאָוויד אומרו האָבן אוועקגעשלעפּט די כאפּונעס. די מיטגלידער פֿון „יונג-ווילנע" מוישע לעווין, שימשן קאהאן און בענציע מיכטאָם האָט מען געזען פֿירן קיין פּאָנאר. דער לאָדזער דיכטער ייִסראָעל ראבאָן איז דערשאָסן געוואָרן הינטערן שטאָט, מײַן פֿרײַנט קאָזשען, דער וואַרשעווער מאָלער, איז שוין אויך ניט צווישן די לעבעדיקע. דעם לאנגיעריקן פֿאָרזיצער פֿון ווילנער ליטעראטן-פֿארײַן מוישע שאליט האָט צוגענומען די געסטאפּאָ. דער אקטיאָר מאָריס לאמפּע, וואָס א פּאָר שאָ פֿאַר דער מילכאָמע האָט ער געענדיקט שפּילן אין טעאטער דאָס גרויסע געווינס", האָט די גאנצע צײַט זיך אויסבאהאלטן אין זײַן האָטעל. די כאפּונעס האָבן זיך דערוווסט, און ער איז פֿארשלעפּט געוואָרן ווו אלע אנדערע.

איך פֿרעג אן אייצע וועגן זיך. וואָס טוט מען ווײַטער? קאָן דערציילט מיר וועגן מורערס באפֿעל, אז אויפֿן הויף פֿון דעם ייִדנראַט מוזן שטענדיק און צו יעדער צײַט זיך געפֿינען פֿופֿציק ייִדן. אויב, זאָגט קאָן, עס איז פֿאראן ניין און פֿערציק, קען איך דאָ בלײַבן. מיר ציילן איבער: עס איז דאָ פּונקט פֿופֿציק. קאָן זוכט אן אויסוועג.

ער וויל מיכ ראטעווענ. ער קענ אָבער ניט ארויסשיקנ פונדאנענ קיינ מענטשנ. ווײַל דאָס מיינט: זיכ איבערגעבנ אינ די הענט פונ כאפונעס. איכ באמערק מײַנ פרײַנטס פארלעגנהײַט און זאָג אים: איכ וועל זיכ דאָ אליינ ערגעצ באהאלטנ, און קיינער וועט מיכ ניט זענ.

אפנ הויפ איז שטיל. פונ דעמ אָפענעמ פענצטער, ווו די ביבלי-אָטעק „מעכיצע-האסקאָלע”, טראָגנ זיכ טפילעס. אונטנ אפ די טרעפ זיצט א הײַפל ייִדנ. אינמיטנ — דער „יעשיווע-באָכער” פונ כטעפנ-גאס — א כיראָמאנט און „פּאָרויסזעער”. ייִדנ שטופנ זיכ: איטלעכער וויל פונ זיכ הערנ א וואָרט.

עס איז געוואָרנ טינקעלער. איכ האָב אָנגעהויבנ צו זוכנ א באהעלטעניש. אפ יענעמ הויפ האָט זיכ געפונענ די כעווורע-קאדישע. אינ א ווינקל זײַנענ אָנגעשטעלט געווענ אָרנס פאר מייסימ. איכ בינ ארײַנגעקראָכנ אינ אנ אָרנ, צוגעמאכט איבערנ קאָפּ דעמ דעק, געלעגנ אינ דער פארשטיקטער לופט, און אזוי, ליגנדיק אינ אָרנ, האָב איכ אויסגעוועבט מײַנ ליד „איכ ליג אינ א מיטע”.

* * *

אפ מאָרגנ אינדערפרי, ווענ איכ בינ ארויסגעקראָכנ פונ אָרנ, איז דער הויפ שוינ געווענ פול. דאָ האָבנ זיכ ייִדנ פארזאמלט, זיכ אויסגעשטעלט אינ קאָלאָנעס, און יעדער קאָלאָנע מיט איר בריגאדיר איז אוועק צו דער ארבעט. צום ערשטנ מאָל פאר איבער צוויי כאדאָשימ האָב איכ דערזענ דאָ באקאנטע פּנימער. אָט איז יאקאָוו בערעגאָלסקי, דער ארטיסט פונ באקו, וואָס איז ניט א פּאָר טעג פאר דער מילכאָמע געקומענ שפּילנ טעאטער אינ ווילנע. די געלע לאטע אפ זײַנ הארצנ איז עפּעס גרעסער ווי בא אלעמענ. זי רײַסט מאמעש די אויגנ. ער זאָגט מיר אָנ די סימכע, אז זײַנ פרוי האָט געבוירנ א ייִנגל. דער ארטיסט בלײַכער איז פארשמײַעט ביז גאָר. ער האָט ארויסגעקראָגנ צענ שײַנענ בא זײַנ פעלדפעבל און צעטיילט זיי די באקאנטע. איכ טרעפ כאַימ סעמיאטיצקינ, דעמ פרומענ דיכטער פונ די „טראָפּנס טוי”, וואָס זינט ער האָט דערזענ, ווי מע קוילעט אונדז, האָט ער אָנגעהויבנ רייכערנ שאבעס. פרוי שאליט קומט זיכ דערוויסנ אינ ייִדנראט פראָנימ וועגנ איר צוגערויבנטנ מאנ — דעמ פאָרזיצער פונ ווילנער ליטעראטנ-פארײַנ. מאמעס באגלייטנ זייערע זינ און בענטשנ זיי פארנ אוועקגײַנ. איכ באגעגנ דאָ א קראנקע, א פארוויינטע נויעכ פרילוצקיס פרוי פאולע. זי מאכט באמיונגענ צו ראטעווענ איר מאנ. זי איז פארקראָכנ אומש אינ געסטאפּאָ צו

נויגעבויערנ אלײנ. יענער האָט צוגעזאָגט, איבערגעכאַזערט דרײַ מאָל, אז די דײַטשנ אכטנ געלערנטע. פאולע האָפט, כאָטש זי האָט שוינ ניט קײנ קויעכ צו האָפנ.

אינ דער זעלבער צײַט איז ארײַנגעפאָרנ אפנ הויפ פונ יידנראַט אנ אגאָלע. דער שווארצער מײסימ-פירער מיט דער געלער לאטע האָט דערצײלט די ארומיקע: זאלמענ-בער דער קאברענ אפנ זארעטשער בעסוילעמ האָט זיכ אויסבאהאלטנ מיט זײַנ מישפּאָכע זאלבעצוועלפט אפנ בוידעמ פונ דער טארע-שטוב. מע האָט אימ געמאסערט. נעכטנ אָוונט זײַנענ געקומענ שטורמיסטנ, אופגעזוכט די באהאלטענע, זײ באשולדיקט, אז באנאכט האָבנ זײ געצונדנ פײַער אונ געגעבנ צײכנס די פײַנטלעכע עראָפּלאנענ. אינ זאלמענ-בערס מישפּאָכע זײַנענ גע-ווענ דרײַ ווײַבער אונ פיר קינדער. צוויי פונ זײ אײפעלעכ. די יידנ האָבנ געפרוווט טײַנענ, אז זײ האָבנ גאָר ניט קײנ שוועבעלעכ, אז די קינדער רײכערנ ניט קײנ פּאפּיראָסנ... עס האָט גאָרניט געהאָלפנ. די מענער האָט מענ געגעבנ רידלענ אונ געהײסנ אויסגראָבנ א קײווער. די שטורמיסטנ האָבנ פאר די מאמעס אינ די אויגנ צעשמעטערט די קינדער אָנ די בײמער. די מענער אונ די פרויענ באגראָבנ לעבעדיקע. דער אײנציקער איז געבליבנ זאלמענ-בער. ער איז אנטלאָפנ צווישנ די מאצײוועס, זיכ אויסגעגראָבנ א קײווער אונ דאָרטנ לעבט ער.

דער מײסימ-פירער האָט נאָכ ניט געענדיקט זײַנ טרויעריקע געשיכטע, איז ארײַנגעלאָפנ א יונגערמאנ אונ מיט טרערנ אינ די אויגנ גענומענ דערצײלנ: ער איז געגאנגענ מיט א גרופּע יידנ אפנ פּאָלאָצקער טראקט, ווו זײ ארבעטנ באמ פאריכטנ דעמ ברוק. באמ ראנד פונ „שטיבל-וואלד" האָבנ זײ דערזענ א שרעקלעכ בילד: פינפ יונגע יידנ זײַנענ צוגעבונדנ צו באזונדערע בײמער, מיט די הענט אפ די רוקנס. זײערע לײַבער זײַנענ צעשניטנ פּאסנווײַז. קענטיק מיט נאָ-הײַקעס. אימ דאכט זיכ, אז עמעצ פונ זײ לעבט נאָכ. ער האָט געוואָלט זײ באפרײַענ, אראָפּנעמענ פונ די בײמער, האָט קײנער פונ זײַנע כאווײרימ ניט געהאט בא זיכ קײנ מעסער. ער איז געקומענ אָנזאָגנ: לויפט צומ „שטיבל-וואלד", ראטעוועט אונדזערע ברידער!..

איכ האָב באשלאָסנ צו דער ארבעט ניט צו גײנ. דער טויט וויס ניט פונ קײנ גרענעצנ. איכ האָב זיכ דורכגעדרײט דורכ די גאסנ, אונ אפ דאָמיניקאנער זאווולעק בינ איכ ארופ צו מײַנ פרויס עלטערנ.

# בראַנפן און בלוט

מײַן באַקאַנטער, מאָטל גדוד, האָט מיר דערציילט:

„דאָס איז געווען אין יול 1941. איך בין צוזאַמען מיט מײַן טאַטן אַוועק אַרבעטן אין אַ ערקדראָם אין פּאָרובאַנעק. מיר האָבן באַקומען שײַנען, אַז מע טאָר אונדז נישט פאַרהאַלטן, און זײַנען געווען צופרידן, וואָס מיר זײַנען אַרויס פון דער מאַלינע.

איינמאָל, ווען איך האָב זיך אומגעקערט מיט מײַנעם אַ כאַווער פון דער אַרבעט, האָט אונדז אָנגעיאָגט אַ באַקשט אַ טאַקסי, און דרײַ דײַטשישע אָפיצערן האָבן אונדז באַפוילן אַרײַן אין טאַקסי. אַפן וועג האָבן זיי אויפגענומען נאָך זעקס ייִדן און האָבן אונדז אַלעמען אַוועקגעפירט אין בערנאַדינער גאָרטן. דאָרט האָב זיך שוין געטראָפן בא אַ פינף הונדערט ייִדן. מע האָט אונדז געהאַלטן ביז נאַכט, שטרענג באַוואַכט פון פּאָליציי. אויסגעשעפּט פון היציקן טאָג, פון מײַן שווערער אַרבעט אין פּאָרובאַנעק, האָב איך אײַנגעדרעמלט צווישן אַ קופּע ייִדן. ווען איך האָב געעפנט די אויגן, איז שוין אונטערגעגאַנגען די זון. אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען אַ „שוואַרצע וואָראָנע״ — אַ גלאַנציקע לאַסט־מאַשין מיט קליינע פאַרגראַטעוועטע פענצטערלעך. פון הינטן האָט זיך געעפנט אַ טיר, און אַ דײַטשישער אָפיצער מיט אַ שאַרבנדל אַפן הוט האָט אַראָפּגעצויגן די אײַזערנע טרעפּלעך.

מע האָט אונדז באַפוילן אײַנציקווײַז אַרויפגיין. דער אָפיצער האָט געציילט. ווען אין אַוטאָ האָבן זיך שוין געפונען פינף און דרײַסיק ייִדן, האָט ער אַ הייב געטאָן די האַנט און דעם זעקס־און־דרײַסיקסטן, וועלכער איז געשטאַנען שוין אַפן טרעפּל, האָט מען אָפּגעשטופּט צוריק. דער אָפיצער האָט אונדז פאַרשלאָסן פון דרויסן, און אַליין האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט מיטן שאָפער אין דער קאַבינע.

ווי דרויסן אַזוי אינעווייניק איז דער אַוטאָ שוואַרץ. קיין בענק זײַנען ניטאָ. בלויז די זעקס וועכטער האָבן געהאַט ווו צו זיצן. ריידן האָט מען ניט געטאָרט. וויינען אויך ניט. פאַר אַ מינדסטער באַוועגונג האָבן אונדז די וועכטער געשלאָגן, געשטאָכן מיט באַגנעטן. נאָכן אָפּפאָרן אַ מינוט צען האָט זיך די „וואָראָנע״ אָפּגעשטעלט. דער אָפיצער האָט אויפגעשלאָסן דאָס טירל. די זעקס וועכטער זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען און אַוועק אָן אַ זײַט. איך האָב דערזען אַ פּאַרקן פון שטעכלדראָט און אַ טויער פון ברעטער. אַפן טויער אַ גרויסער פּאַפּיער־פּלאַקאַט: „אַכטונג! לעבנס־געפאַר! מינירט!״

ווענ די וועכטער זײַנענ אראָפגעגאנגענ, האָט מענ אונדז געפירט ווײַטער. די טיר איז שוינ ניט געווענ פארשלאָסנ. ווענ דער אווטאָ האָט זיכ אָפּגעשטעלט צומ צווייטנ מאָל, איז צוגעקומענ צומ טיר שווײַנענבערג. אפ וועמענ ער האָט אָנגעוויזנ מיטנ פינגער, האָט יענער באַדארפט אראָפּ.

מיכ האָט ער אויסגערופנ דעמ זיבעטנ. דורכ דער אָפענער טיר פונ אווטאָ האָב איכ געזענ, ווי מע דערשיסט מײַנע באקאנטע. אינ א גראָבנ, וואָס האָט געצויגנ צו א גרויסנ קײַווער, האָט מענ באדארפט זיכ אויסטאָנ. ווענ דער מענטש איז שוינ געווענ נאקעט, האָט אימ שווײַנענבערג ארײַנגעפירט אינ גרוב אונ מיט א רעוואָלווער געשאָסנ אינ פּאטילניצע.

איכ האָב געוואָלט וואָס גיכער אומקומענ. א נאקעטער בינ איכ ארײַנגעלאָפנ אינ גרוב אונ געהערט א כאָרכלעניש פונ נאָכ לעבעדיקע מענטשנ. ווענ עס האָט א קנאל געטאָנ א שאָס פונ א רעוואָלווער, בינ איכ געפאלנ אפנ רוקנ. די קויל האָט מיכ אויסגעמיטנ. איכ האָב געהערט, ווי עס רעדט שווײַנענבערג מיט די דערבײַיקע סאָלדאטנ. ער האָט זיי געלערנט, ווי מע דארפ אומברענגענ. אינ א פּאָר מינוט ארומ האָב איכ דערפילט אפ זיכ א זשיפּענדיקנ גופ, אונ א שטראָמ בלוט האָט זיכ ארײַנגעגאָסנ אינ מײַנ מויל. איכ האָב געהערט, ווי דער מענטש גויסעסט אונ ווי עס קאָכנ זײַנע געדערימ. אינ יענער רעגע האָב איכ פארלאָרנ דעמ באוווסטזײַנ. ווענ איכ האָב זיכ אופגעכאפּט, איז שוינ געשטאנענ די זונ הויכ. זי האָט דורכגעלויכטנ דאָס בלוט, וואָס האָט פארשווומענ מײַנע אויגנ. קיינ שיסערײַ איז שוינ ניט געווענ. א ווינטעלע האָט מיכ דערפרישט. שפּעטער א ביסל האָט זיכ דערהערט א שיסערײַ פונ א קוילנווארפער. דאָס האָבנ די וועכטער דורכגעשטעפּט דעמ קײַווער. דעמלט בינ איכ לײַכט פארווונדעט געוואָרנ.

ווענ די שיסערײַ האָט אופגעהערט צומ צווייטנ מאָל, האָבנ די שיסער, א טייל אינ מיליטערישע מונדירנ, א טייל ציווילע, זיכ אוועקגעזעצט באַמ קײַווער-ראנד אונ געטרונקענ בראנפנ. שיקערע איז מענ זיכ צעגאנגענ פונ קײַווער. ניט ווײַט אפ א בערגל איז געבליבנ א וואכ.

אז ארומ האָט זיכ פולשטענדיק באַרויִקט, בינ איכ א נאקעטער ארויסגעקראָכנ פונ גרוב אונ געפויזעט דורכ גראָז אונ קוכטעס, ביז איכ בינ אָנגעקומענ צו דעמ דראָטענעמ פארקאנ. פונדערווײַטנ האָב איכ דערזענ די „וואָרצאָנע”, וואָס איז ווידער געקומענ אָנגעפאקט מיט מענטשנ.

א פּאָליאַק האָט מיך אַרײַנגעלאָזנ אינ שטוב, האָט פאַרבונדנ מײַנ ווּנד אוּנ געגעבנ מיר קליידער. איך האָב איבערגענעכטיקט, זיך אָנגעטרונקענ מיט מילך אוּנ אַפ מאָרגנ באַגינענ אַוועק אינ שטאָט.

ווענ איך האָב דערציילט וועגנ מײַנע איבערלעבונגענ אינ פּאָנאַר, האָט מײַנ אייגענער טאַטע מיר ניט געוואָלט גלייבנ".

## פּאָנאַר

פּאָנאַר איז א דאַטשע-אָרט הינטער ווילנע, אַפנ זיבעטנ קילאָמעטער פונ גראָדנער שליאַך. רעכטס וויקלט זיך די ווילִיע אוּנ פאַרשווימט הינטער בערג. די געגנט איז באַרימט מיט איר שיינער לאַנדשאַפט. זי איז באַזונגענ דורך אַדאַמ מיצקעוויטשנ. נאַפּאָלעאָנ האָט זיך אינ ווילנע געהאַט אויסגעדריקט, אַז ער וואָלט פּאָנאַר אַפ די הענט אַריבערגעטראָגנ קיינ פראַנקרײַך.

דאָס אָרט געפינט זיך רעכטס פונ דער באַנ-ליניע ווילנע — וואַרשע אַפנ צענטנ קילאָמעטער. דאָרטנ געפינענ זיך גרויסע גריבער, וואָס זײַנענ פריִער באַשטימט געווענ פאַר מיליטערישע צוועקנ, אוּנ צוויי קלענערע גריבער, אינעווייניק אויסגעפלאַסטערט מיט שטיינער אוּנ צעמענט.

ווי נאָר עס זײַנענ געקומענ די דײַטשנ, האָבנ זיי דערשמעקט דאָס אָרט. עס איז געווענ ווי אָנגעמאָסטנ פאַר זייערע מאָרד-פּלע-נער. רעכטס גייט דער טראַקט, דורך וועלכנ מע קענ מיט אויטאָס אַרײַנפירנ די קאָרבאָנעס; לינקס — די באַנ-ליניע ווילנע — וואַרשע.

ווענ די פאַבריק איז שוינ געווענ פאַרטיק אוּנ דאָס וואָרט „פּאָנאַר" איז געוואָרנ א שרעק אוּנ א קלאָלע, האָבנ די דײַטשנ אַרויסגעגעבנ אינ ווילנע א מאַפּע, ווּ פּאָנאַר איז ניט דערמאָנט געוואָרנ. דאָס אָרט איז נאָר באַפלעקט געווענ מיט גרינס.

## די ערשטע, אָדער די גרויסע, פּראָוואָקאַציע

דעמ 31-טנ אויגוסט 1941 האָט דער דײַטשישער אָפיצער שווײַנענבערג, צוזאַמענ מיט זײַנע אַדיוטאַנטנ ווײַט אוּנ הערינג, מיט א ספּעציעלנ שיסער-באַטאַליאָנ אַרומגערינגלט די יִידישע קוואַרטאַלנ: יִידישע גאַס, יאַטקעווער גאַס, סטראַשונ-גאַס, גלעזער-גאַס, גאָענ-גאַס, דאָמיניקאַנער געסל, לידסקע אוּנ דײַטשישע גאַס. שווײַנענבערג איז געלאָפנ איבער די הויפנ מיט א נאַהײַקע, געשמיסנ, מע זאָל וואָס גיכער, אינ משך פונ צענ מינוט, אַרויס אַפנ הויפ. מיטנעמענ קענ מענ בלויז א האַנטפּעקל מיטנ סאַמע ווערטפולסטנ פונעמ פאַרמעגנ. ווער עס וועט צו דער צײַט ניט אַראָפּגיינ, וועט דערשאָסנ ווערנ אַפנ אָרט.

איך בינ דעמלט געשלאָפנ. א שמיצ פונ א נאהײַקע האָט צע־שניטנ מײַנ שלאָפ. איך האָב א שפרונג געטאָנ פונ בעט אונ דערזענ קעגנ מיר שווײַנענבערגנ מיט א הינטל בא דער זײַט. שווײַנענבערג איז געלאָפנ איבערנ שטוב אונ מיט דער נאהײַקע געכוואָשטשעט די אײַנוווינער, זיי געטריבנ אפנ הויפ. זײַנ פּאָנעמ האָט זיך מיר ארײַנ-געשרויפט אינ אויג. איך בינ אראָפּ אפנ הויפ. יידנ מיט פעקלעך אינ די הענט זײַנענ געשטאַנענ מיט ווײַב-אונ-קינד אונ געוואַרט אפ א יעשועע. אלע האָבנ גערעדט, אז דאָס פירט מענ אינ געטאָ. אונ דאָך האָט קײנער ניט געגלייבט. האָט עמעצ זיך דערוועגט צו זאָגנ, אז דאָס פירט מענ ערגעצ אנדערש, האָבנ מענטשנ אימ פאַר-שאָלטנ.

איך האָב געפרווט אנטלויפנ. ארײַנגעקראָכנ אינ א ליידיקער שטוב, אויסגעזוצט די שויבנ אונ בינ ארויסגעשפרונגענ אפנ גאס. א פּאָליציאנט האָט מיך באמערקט, אָנגעצילט די ביקס. איך האָב זיך ארײַנגעצויגנ צוריק אונ זיך אויסגעמישט מיט די שכיינים. איך האָב געזוכט מײַנ פרוי. זי איז ערגעצ פארשווונדנ. זיך עפשער געראטעוועט? קײנער ווייכט ניט.

אינ הויפ זײַנענ ארײַנגעקומענ צוואנציק פּאָליציאַנטנ. דער עלט-סטער האָט געהייסנ דעמ אוילעמ זיך אויסשטעלנ צו פיר אינ א ריי. שווײַנענבערג האָט געהאלטנ א רעדע, אז מע פירט אונדז אינ געטאָ, מע זאָל גײנ רויִק אונ פּאָלגנ די באפעלנ. ער האָט ארויסגענומענ א קעסטל ציגארעטנ אונ פאַרגעלייגט צו רייכערנ. די צוואנציק שיסער האָבנ אונדז גענומענ אונטער באגנעטנ אונ ארויסגעפירט דורכנ טויער פונ הויפ. דאָס איז געווענ צוועלפ באנאכט. פאַרויס אונ הינטער מיר האָבנ זיך געצויגנ מאכנעס פונ אנדערע געסלעך אונ אנדערע הויפנ. קומענדיק צו זאוואלנע, נעענטער אינ דער ריכטונג צו דער לוקישקער טורמע, האָבנ אלע שוינ דערזענ, אז מע פירט ניט אינ געטאָ. ווײַבער האָבנ אָנגעהויבנ וויינענ, זיך רײַסנ פאר די האָר. די דרעמלדיקע קינדער אפ זייערע אָרעמס האָבנ זיך אופגעכאפּט אינ שרעק אונ שטארקער זיך אײַנגעקלאמערט אינ די מאמישע העלדזער. באמ ראָג פּאָרטאָווע האָבנ מיר אָנגעיאָגט נאָך א פארטיע. איך האָב דאָרט דערזענ מײַנ פרוי. איך האָב געוואָלט אריבערלויפנ אהינ. אויב אומקומענ—איז צוזאמענ. א גלאנציקער באגנעט האָט מיר אָבער פארשטעלט דעמ וועג.

שוינ נאָענט צו דער טורמע. איך ווייס ניט, וויאזוי האָט זיך מיר אײַנגעגעבנ צו אנטלויפנ. איך געדענק בלויז, אז אינ קאָפּ איז מיר

ליכטיק געוואָרנ, ווי געטראָפנ פונ א בליצ. איכ בינ געלאָפנ אָנ א פלאנ, אָנ א כעזשבנ. מיר האָט געדאַכט, איכ האָב דורכגעבראָכנ ווענט, דורכגעשניטנ מויערנ.

איכ האָב זיכ אופגעכאַפּט באַמ ברעג ווילִיע. עס האָט געגומענ טאָגנ. פונקט אַנטקעגנ מיר, אַפ דער אַנדערער זייַט, האָב איכ דערקענט מייַנ הויפ. דאָרטנ איז מייַנ מאַמע. קאָנ זייַנ, זי קוקט איצט דורכנ פענצטער צו מיר אַהערצו, קאָנ זייַנ, זי רופט אַצינד נאָכ הילפ: א שטורמיסט קוילעט!

* * *

אַפ מאָרגנ, דעמ 1-טנ סענטיאַבער 1941, זייַנענ איבער די ווילנער גאַסנ פאַנאַנדערגעקלעפט געוואָרנ פלאַקאַטנ מיט דער אונטערשריפט פונעמ געביטס-קאָמיסאַר פונ ווילנע הינגסט:

דעמ 31-טנ אַווגוסט 1941 איז געפאַלנ א שאָס אַפ א דייַטשישנ מיליטערמאַנ. עס האָט זיכ איינגעגעבנ צו כאַפּנ די מערדער. זיי זייַנענ יידנ. די יידנ וועלנ דערפאַר טייַער באַצאָלנ.

דעמ זעלבנ טאָג איז די צייַט פונ גייִנ איבער די גאַסנ רעדוצירט געוואָרנ פאַר יידנ ביז דרייַ באַטאָג. פונ דרייַ באַטאָג זייַנענ אַלע יידנ מעכוייעוו צו זייַנ אינ די שטיבער: ניט אַפ די הויפנ, בוידעמער אָדער ערגעצ אַנדערשוו.

אַכוצ דעמ האָט הינגסט באַפוילנ, אַז די יידנ מוזנ גלייַכ אַרייַנטראָגנ אינ די פאָליציי-צירקלענ זייער גאַנצ גאָלד, זילבער אונ צירונג. א ייד טאָר ניט האָבנ מער ווי דרייַ הונדערט סאָוועטישע רובל. דאָס הייסט דרייַסיק מאַרק. דאָס הייסט — צוויי קילאָ ברויט, וואָס מע טאָר ניט קויפנ.

## אינ לוקישקער טורמע

ווי עס קומענ אַהינ די פאַרכאַפּטע, האָט קיינער ניט געוווּסט. מע האָט זיי געפירט „זיכ פאַרשרייַבנ אַפ אַרבעט" אינ דער לוקישקער טורמע. א סאַכ יידנ, ניט קענענדיק שוינ מער אויסהאַלטנ פונ די כאַפּונעס, זייַנענ אַוועק זיכ פאַרשרייַבנ פרייַוויליק. בעסער, האָבנ זיי געטראַכט, וועלנ מיר טראָגנ שטיינער, איידער ליגנ אינ גרוב אונ ביסלעכווייַז אויסגייִנ. נאָר אויסגעצאַנקט האָט מענ דאַפקע אינ טורמע.

מייַנ פרוי, וואָס האָט בייַס דער גרויסער פראָוואָקאַציע געהאַט דעמ שלימאַזל אַרייַנצופאַלנ אינ דער לוקישקער טורמע, האָט מיר

שפּעטער, נאָך איר באַפרײַונג, דערציילט, וואָס זי האָט געזען דאָרט:

„גלײַך ווי מיר זײַנען געקומען אַפן לוקישקער מארק, נאָך ניט דערגאַנגען צו דער טורמע, האָט אונדז איבערגענומען א שפּאַלער ציוויל געקליידטע פּאָליציי. מיר האָבן געמוזט דורכגיין צווישן ביידע רייען און אויפנעמען פון די ראָצכים דעם ערשטן קאַבאָלאַס־פּאָנעם. איבער מײַן קאָפּ האָט זיך צעבראָכן א שטעקן. פיל קינדער און זקיינים זײַנען צו דער טורמע ניט דערגאַנגען. געפאַלן אַפן מאַרק. די אַנדערע ייִדן האָבן זיי געמוזט מיטשלעפּן אונטער די אײַזערנע קלעפּ. מאַמעס האָבן געטראָגן אַפ קינדער. קינדער האָבן זיך געוואַלגערט לעבן צעטראָטענע מאַמעס. ענדלעך זײַנען מיר אין טורמע. גלײַך ווי מיר זײַנען אַרײַן הינטערן טויער, האָט מען אונדז באַפוילן אָפּצוּוואַרפן אָן א זײַט די געבראַכטע פּעקלעך מיט די איבערשטע בגדים. נאָכדעם האָט מען געעפנט טירן און מיט די פּיס אונדז אַרײַנגעשפּאַרט אין גרויסע שוין אָנגעפּראָפּטע קאַמערן. מע איז געלעגן אין ענגשאַפט איינער אַפן אַנדערן. קיין לופט איז ניט געווען. מע האָט ניט געקענט זיך באַוועגן, שטעלן א טראָט.

אַפ מאָרגן באַנאַכט איז געקומען שווײַנענבערג מיט פּאַרקאַשערטע אַרבל, ווי בא א קאַצעוו, מיט דער נאַהײַקע אין האַנט. ער האָט זיך געשטעלט אינמיטן זאַל אַפן קערפּער פון א פּאַרכאַלעשטער פרוי, געהייסן אַלעמען זיך אומקערן מיט די פּנעמער צו די ווענט און אָנגעזאָגט: פאַר אויסדרייען דעם קאָפּ וועל איך פּאַרפּײַניקן צום טויט! ער האָט געשמיסן מיט זײַן נאַהײַקע און אַרויסגעגעבן באַפעלן: אויפשטיין! זעצן זיך! אויפשטיין! זעצן זיך!..

א פרוי האָט זיך אויפגעהאַנגען אַפ די ווינדעלעך פון איר קינד. מענטשן זײַנען געפאַלן פּאַרכאַלעשט ווי מילבן אַרום א פײַער. מע האָט געוואַרט אַפן טויט ווי אַפן איינציקן אויסלייזער. נאָר קיין גרינגן טויט האָט אונדז שווײַנענבערג ניט פּאַרגונען. ער האָט אונדז אָפּגעהאַלטן אין די קאַמערן איבער א וואָך. יעדער נאַכט פלעגט ער קומען אין די קאַמערן און איבערכאַזערן זײַן גימנאַסטיק. ווער עס האָט זיך ניט אויפגעשטעלט, אָדער געזעצט זיך פאַר דער צײַט, איז אין דער זעלבער סעקונדע צעשניטן געוואָרן פּאַסנווײַז. צווישן די פּאַרפּײַניקטע האָב איך דערקענט די אַרטיסטן כאַש און קאַדיש. אַפן זעקסטן טאָג האָבן די וועכטער מיט אײַזערנע האָקנס אַרויסגעשלעפּט פון די קאַמערן די דערשטאָכענע, דערשטיקטע און פּאַרפּײַניקטע. מע האָט זיי געשלעפּט איבער די לאַנגע בלוטיקע קאָרידאָרן און זיי אַרײַנגעוואָרפן אין דער קאַמער פון אַלגעמיינעם קלאָזעט.

פאַר אַרויסגיינ דערליידיקנ א באַדערפֿעניש האָבנ די וועכטער זיכ געהייסנ טײַער באַצאָלנ, ניט ווינציקער ווי טויזנט רובל א מאָל. שפּעטער איז די פּרײַז געשטיגנ אונ דערגאַנגענ ביז צענ רובל גאָלד. אויב קיינ וואַסער פּלעגט מענ אומזיסט ניט געבנ. פאַר א טרונק האָט מענ געדאַרפט באַצאָלנ א זייגערל אָדער א ווערטפולנ רינג.

א טייל ייִדנ פונ אַנדערע קוואַרטאַלנ, וואָס האָבנ אויסגעמיטנ די פּראָוואָקאַציע, האָבנ געפּרוווט אונטערקויפנ די דײַטשנ, קעדיי צו ראַטעווענ פונ דער טפיסע זייערע ווײַבער אונ קינדער.

דער אָבער-לייטענאַנט פונ די בורבישקער פאָרטנ וואַגנער איז פאַר א סאַכ גאָלד אוועק אינ דער טורמע אַרויסציִענ אַכט ייִדנ. ער איז אַרײַנ מיט דער האַסקאָמע פונ שווײַנענבערגנ אינ די קאַמערנ אונ האָט אויסגערופנ אַכט נעמענ. ווענ ער האָט אויסגערופנ דעמ נאָמענ גאָלדבערג, א פרוי פונ קאַלוואַריִער נומ. 60, וואָס איז שוינ געלעגנ א דערשטאָכענע דורכ שווײַנענבערגס קינזשאַל, האָב איכ אינ מײַנ פאַרצווייפלונג אויסגערופנ: איכ! — אונ דער אָבער-לייטענאַנט האָט א געשריי געטאָנ: „שנעלער! לויס!”.

שווײַנענבערג אַליינ האָט אונדז אַרויסגעפירט צומ טויער. אינ האַנט האָט ער געהאַלטנ א רעוואָלווער. ער האָט געמאָלדנ:

— איכ ווייס אַלצ. אויב איר וועט עמעצנ דערציילנ כאָטש א וואָרט וועגנ דעמ, וואָס איר האָט דאָ געזענ, וועט איר מעקאַנע זײַנ דעמלט אײַערע ברידער, — האָט ער אָנגעוויזנ אפ דער טורמע.

בײַמ אַרויסגיינ פונ טורמע האָט זיכ א פרוי פאַרטשעפּעט מיט איר שאַל אָנ שווײַנענבערגס א קנעפּל פונ שינעל. דער טאַליענ האָט זי פאַרהאַלטנ אונ זי צוריק אומגעקערט אינ טורמע”.

## ווידער בא דער מאַמענ

וווהינ גייט מענ ווײַטער? איכ בינ געלעגנ בא דער ווילִיע האַלב-נאַקעט אונ זיכ געברענט אפ דער זונ, איכ זאָל ניט אויסזענ פאַרדעכטיק. אָוונט-צײַט בינ איכ אַריבער דעמ טײַכ אונ באָרוועסערהייט זיכ אַרײַנגעשאַרט צו דער מאַמענ. פּטאַשעקס אָנגעריכטע זאַכנ האָבנ זיכ נאָכ אַלצ געלופּטערט אפנ הויפ. די פונ ווינט אָנגעבלאָזענע בלוזעס אונ העמדער האָבנ אויסגעזענ ווי מײַסימ. די מאַמע האָט שוינ אויסגעוויינט דעמ בלאַסק פונ אירע אויגנ. זי איז געווענ זיכער, אַז מע האָט מיכ שוינ דערשאָסנ. איטלעכס מאָל, ווענ זי האָט גע־הערט א שאָס פונ דער אַנטקעגנדיקער טורמע, האָט זי געמיינט, אַז עס איז אינ מיר.

איכ דערוויס זיכ נײַס וועגנ באַקאַנטע, שכײנימ. דעמ האָט מענ געכאַפּט, יענעמ האָט מענ געשאָסנ. דעמ אַלטנ כאַזנ פונ סקאַפּאָוקערס הויפ האָבנ נעכטנ פֿנגעכאַפּט די שטורמיסטנ, אימ געהייסנ אויסגראָבנ א טיפע גרוב, באַפוילנ אימ נאָכדעמ אַרײַנגײנ און ביזנ האַלדז אימ פאַרשאָטנ מיט ערד. זײַנע טעכטער האָט מענ אויסגעטאָנ נאַקע-טע און באַפוילנ אַרומטאַנצנ אַרומ טאַטנ.

פאַרטאָג האָב איכ זיכ געזעגנט מיט דער מאַמענ, פאַזע די ברעגנ פונ דער ווילִיע אַוועק אַפ סאַלטאַנישאָק — ווידער צו דער מישפּאָכע באַסטאַצקי.

## ציגײַנער

בא די סאַלטאַנישקער גערטנער האָב איכ באַגעגנט א טאַבאָר ציגײַנער. אַנ אַלטער איז געגאַנגענ פאָרויס מיט א קינד אַפ זײַנ אַקסל. פאַמעלעכ האָט ער צוגעשמיסנ די פערד. א ציגײַנערקע האָט זיכ געשפּילט מיט אירע גלעזערנע קאָרעלנ און בײס-מײַסע געזונגענ א ראָמאַנס. אינ אָנהײב האָב איכ מעקאַנע געווענ דעמ פרײַענ שײ-ווער. זײ טראָגנ דאָכ ניט קײנ לאַטעס. און אַזוי ווי איכ באַטראַכט די פאַרבײַפאָרער, שפּרינגט עמעצ אַראָפּ פונ וואָגנ און לאָזט זיכ לויפנ צו מיר.

— דערקאָנסט מיכ?

איכ בינ געבליבנ נישטוימעמ: טכילעס האָט זיכ מיר אויסגעדאַכט, אַז עס איז דער ברודער פונ מאַריע קוויעק — דער ציגײַנערשער זינגערנ, מיט וועלכנ איכ האָב זיכ אַמאָל געהאַט באַקאַנט. נאָר פונוואַנענ האָט ער זיכ אויסגעלערנט יידיש? לאַנג האָב איכ ניט גע-דאַרפט וואַרטנ. דער ציגײַנער האָט אַלײנ זיכ פאָרגעשטעלט:

— איכ בינ כאַימ גאָרדאָנ, דערקענסט ניט?

ערשט איצט האָב איכ אימ דערקענט. מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָבנ מיר צוזאַמענ געלערנט אינ „בײס-יעהודאָ". נאָכ קינדווײַז, גע-דענק איכ, האָט מענ אימ גערופנ כאַימקע דער ציגײַנער.

וויאַזוי ער קומט אינ ציגײַנערשנ טאַבאָר? עס איז א פּאָשעטע מײַסע: ווענ די דײַטשנ זײַנענ אַרײַנ קײנ ווילנע, האָט כאַימקע זיכ געפונענ הינטערנ שטאָט אינ דעמ דערפל דאָלניע. דעמ פאָריקנ שאַ-בעס האָט פאָליצײ אַרומגערינגלט דאָס דערפל און אַלע יידנ אַוועק-געפירט קײנ וועליטשאַנ. אַהינ זײַנענ דורכנ טאָג געבראַכט געוואָרנ די יידנ פונ קענע, אַנדרעלישאָק, מעדניק, לאַוואַרישאָק, שומסק, סאָראָק-טאַטאַר, דאָלניע און נײַ-ווילײקע. מע האָט אַלע מענער געגעבנ

רידלענ אונ זיי באפוילנ אויסצוגראָבנ א לאנגע אָקאָפּע אינ דער פאָרמ פונ א דאַלעד. די פרויענ מיט די קינדער האָט מענ געהאלטנ באזונדער. ביז אָוונט האָט מענ געגראָבנ. באמ זונ-פארגאנג, ווענ די אָקאָפּע איז שוינ געווענ פארטיק, האָט פונ אנטקעגנדיקנ וועלדל זיכ א לאָז געטאָנ א בינטל אָרטיקע פאשיכטנ אונ ארומגענומענ מיט א פייער דעמ צעטומלטנ אוילעמ. מע איז געווענ אזוי געפּלעפּט, אז קיינער איז זיכ ניט צעלאָפנ. מיט די רידלענ אינ די הענט איז מענ געפאלנ אינ אָקאָפּע. עס איז אלצ געווענ אזוי פלוצלינג, אז קיינער האָט ניט באוויזנ צו זענ דעמ טויט. גאָרדאָנ איז געווענ געשטאנענ הינטער א בוימ, אונ די קוילנ זיינענ פארביי געפלויגנ לעבנ זיינ אויער. בייס-מייסע האָט ער זיכ צעטומלט, — ניט פארשטאנענ, וואָס דאָ טוט זיכ. נאָר דאָס פלייצנדיקע בלוט אפנ געלנ זאמד האָט אופגעוועקט זיינ באוווסטזיינ. ער האָט אריינגעיאָגט אינ א קאָרנפעלד אונ זיכ דאָרטנ באהאלטנ.

אפ מאָרגנ אינדערפרי האָט ער דורכ די זאנגענ געזענ, ווי דער געסטאפּיסט ווייס איז אָנגעקומענ מיט א טאבאָר ציגיינער אונ זיי באפוילנ אריינצוווארפנ די דערשאָסענע אינ די גריבער. אז ווייס איז אוועקגעפאָרנ, איז גאָרדאָנ ארויסגעקראָכנ פונ צווישנ די זאנגענ אונ געבעטנ די ציגיינער, זיי זאָלנ אימ נעמענ מיט זיכ. דער אלטער, זיינ נאָמענ איז פעדאָר, האָט אימ גוט באטראכט אונ געהייסנ זיכ ארײנזעצנ אינ וואָגנ. ער האָט געשמיסנ מיט דער בייטש זיינע קינדער, וואָס האָבנ געפּרוווט זיכ צורירנ צו די קליידער פונ די דערשאָסענע. צו כאימענ האָט ער געזאָגט:

— מאָרגנ, איבערמאָרגנ וועט דאָס געשענ מיט דיר.

כאימ האָט מיר פאָרגעלייגט גיינ מיט אימ. פעדאָר איז א מענטש א ברילִיאנט. ער וועט ניט האָבנ דאגעגנ. וואָס שייעכ מיינ בלייכ פּאָנעמ, וועט ער מיכ איינשמירנ מיט הינטיש פעטס, פונ דעמ ווערט איינגעברוינט די הויט, אונ איכ וועל אויסזענ ווי ער. עס וועט מיכ קיינער ניט דערקענענ. איכ האָב געדאנקט דעמ ציגיינער אונ זיכ אָפּגעזאָגט פונ גליק. איכ קענ ניט איבערלאָזנ מיינע אייגענע. איכ וייס נאָכ ניט דעמ גוירל פונ מיינ כּרוי. נעכטנ האָב איכ זי איבער-געלאָזנ באמ טויער פונ דער טורמע.

כאימ האָט זיכ מיט מיר געזעגנט. ער האָט נאָכגעיאָגט דעמ ציגיינערשנ טאבאָר, וואָס האָט געוואַרט אפ אימ באמ אנטקעגנדיקנ קלויסטער.

# צווישן פרײַנט

איך בין ווידער בא דער מישפּאָכע באסטאצקי. ווהין צו גיין אנדערשוווּ האָב איך ניט געהאט. פאר די עטלעכע טעג האָט זיך די מישפּאָכע פארקלענערט. עס האָבן געפעלט דרײַ מענער. זיי האָבן זיך ניט צוריקגעקערט פון דער ארבעט.

אינדערפרי זײַנען די געבליבענע מענער פון דער מישפּאָכע באס-טאצקי, צוויי זין און א שוועסטערקינד, אוועק ווי אלע טאָג צו דער ארבעט. איך בין אויך געגאנגען: אין דער היים קאָן מען ארײַנפאלן צו די כאפּונעס. הגאם אויך דאָס ארבעטן איז שוין ניט מער קיין גאראנטיע: פיל ארבעטנדיקע מאכנעס האָט מען גלײַך פון דער ארבעט אוועקגענומען אין טורמע.

אופן ארבעטס-פּלאץ האָט געפעלט בא א העלפט מענטשן. זיי האָבן געוווינט אין די יידישע געסלעך און זײַנען ארײַנגעפאלן בעשאס דער פּראָוואָקאציע, נאָר די געבליבענע האָבן געארבעט ווײַטער. ווידער האָט מען געהאנדלט מיט די ארומיקע פויערים. זיך געדונגען פאר א רובל, און עס האָט געמאכט דעם אײַנדרוק, ווי איטלעכער האָט אונטערגעקויפט דעם טויט.

מיטיק-צײַט איז געקומען דער באלעבאָס, דער געוועזענער ארטיסט, פעלדפעבל הערדער און אופגערופן ארום זיך אלע קנעכט. ער האָט גערעדט עפּשער א שאָ. געוואָלט אונדז איבערצײַגן אין זײַן גוטסקײַט, אין זײַן אָרנטלעכקײַט. דערציילט מיט אופגעבלאָזענעם פּאטאָס, אז זײַן בעסטער יוגנט-כאווער איז געווען א ייד; אז די נירנבערגער געזעצן ווארפט ער זיך ניט אונטער, כאָטש אליין איז ער א פארטיי-מאן פון 1926. צום סאָף האָט ער פאָרגעלייגט, עס זאָלן אופהייבן הענט די יעניקע יידן, וועמענס ברידער, שוועסטער אָדער קרויווים זײַנען ארײַנגעפאלן אין דער לוקישקער טורמע. ער וועט אלעמען באפרײַען. אפילע אין מילכאָמע-צײַט מוז מען זיך אופירן מאָראליש... ער, דער פעלדפעבל הערדער, וועט אזוינס ניט דערלאָזן, בא צים איז רעכט צו ראפּאָר-טירן אין בערלין. אלע האָבן אופגעהויבן די הענט. בא איינעם האָט געפעלט א ברודער, באם צווייטן א ווײַב, בא א דריטן א קאָרעוו. אנדערע האָבן אופגעהויבן די הענט אף טראַפ — שוין עטלעכע מעסלעס ווי זיי נעכטיקן ניט אין שטוב. ווער קען וויסן, ווו זײַנען די נאָענטסטע?

נאָך דעם, ווי קאפּלאן-קאפּלאנסקי, דער בריגאדיר, האָט אופ-געשטעלט די רעשימע, פארשריבן אלע נעמען פון די ברידער און קרויווים, האָט דער פעלדפעבל הערדער פארטרויט עפּעס קאפּלאנסקין

אפנ אויער אונ איז אוועקגעפֿאָרנ אפ זײנ טאקסי. קאפלאנסקי האָט אונדז געמעלדנ, אז דער מעלדפעבל פֿאָדערט דרײַ גאָלדענע זייגערס פונ דער פירמע „צימא", כאָר זײַנ ווײַב א קאראקולנעמ מאנטל, פינפ פאָר שיכ אונ שמיוול, שאמפאניער אונ פוטער, ווײַל אלײנ האָט ער קיינ צײַט ניט זיכ צו זארגנ. וואָס גיכער מע וועט אים געבנ די מאטאָנעס, אלץ גיכער וועט דער מעלדפעבל פֿאָרנ מיט דער רעשימע אינ טורמע אונ וועט ראטעווענ די געפֿאנגענע.

אפ מאָרגנ זײַנענ די מאטאָנעס גרייט געווענ. דער כעלדפעבל העודער איז געקומענ אפ זײַנ מאטאָר אונ באוויליקט זיי צו נעמענ. ווי מיר האָבנ זיכ שפעטער דערוווּסט, איז ער אינ א שאָ ארומ אוועקגעפֿאָרנ קיינ קאָוונע.

## דער סאָפ פונעמ ערשטנ יודנראט

פונ די אָנגעקומענע ארבעטער פונ שטאָט דערווייס איכ זיכ: דעמ 1-טנ סעפטעמבער 1941 איז אינ יודנראט געקומענ בוראקאס, אײנער פונ די שעפנ פונ דער היגער „איפאטינגא", אונ געגעבנ א פאראָרדענונג, אז אפ מאָרגנ, צו ניינ אינדערפרי זאָל דער יודנראט צושטעלנ אפ ווילנער 12, אפנ הויפ פונ דער „איפאטינגא", צענ וועגענער. אויב די וועגענער וועלנ ניט זײַנ, וועט עס דערנאָכ דעמ יודנראט פארדריסנ. בוראקאס האָט גוט געוווּסט, אז אלע פערד אונ וועגענער האָט מענ בא די יידנ שוינ לאנג קאָנפיסקירט. אויכ דער יודנראט האָט פארשטאנענ, אז עס איז בלויז א שפיצל, אז בוראקאסנ גייט טאקע דערינ, אז דער יודנראט זאָל דעמ באפעל ניט אימשטאנד זײַנ אויספירנ. פונדעסטוועגנ האָט פינכאָס קאָנ ניט געוואָלט מיט די אייגענע הענט העלפנ דער פראָוואָקאציע. עס האָט זיכ אײַנגעגעבנ בא ניט יידישע טורמאנעס צונויפקויפנ פורנ, אונ מע האָט זיי אוועקגעשיקט אינ דער „איפאטינגא". נאָר בוראקאס האָט די מאטאָנע ניט אָנגענומענ.

— עס איז שוינ צו שפעט, — האָט ער געזאָגט. — עס איז שוינ צענ מינוט נאָכ ניינ...

ארומ עלפ אזייגער איז אינ יודנראט געקומענ שווײַנעבערג מיט צוויי באוואָפנטע געהילפנ. ער האָט אויסגעשטעלט בא די ווענט אלע, וואָס האָבנ זיכ דאָרט געפונענ, אונ געטאָנ א געשריי:

— ווער פונ אײַכ האָט עס אָנגענומענ די באשטעלונג?

עס איז ארויסגעטראָטנ פינכאָס קאָנ אונ געמאָלדנ:

— איך.

— הייסט עס, דו האָסט עס ניט אויסגעפירט די פאַראָרדענונג? — האָט שוויינענבערג א שניט געטאָן קאָנען מיט דער נאָהײַקע. — עס איז נאָך אלץ צו שוואך בא אײַך דער זיקאָרן. איך וועל אײַך נעמען צו זיך, וועט איר בעסער פארגעדענקען. — ער האָט אָפּגעקליבן צו זיך 16 ייִדן. צווישן זיי זײַנען געווען פינכאָס קאָן, האָראוו קאַץ, דער פאַרוואַלטער פון „מעפּיצע-האסקאָלע" קראסנער, סאול טראָצקי אא., וואָס האָבן זיך דאָרט צופעליק געפונען. מע האָט זיי אויסגעשטעלט פאַרוויַיַז, אין שוויינענבערגס געהילפן האָבן זיי אָפּגעפירט אונטער באגנעטן אין טורמע. פון דאָרטן איז שוין קיינער ניט געקומען.

אפ דער טיר פון ייִדנראַט האָבן די דײַטשן אופגעהאנגען א שלאָס.

## דער בלוטיקער שפּאס

דעם 6-טן סענטיאבער 1941, זעקס פארטאָג, ווען איך און די גאנצע מישפּאָכע באסטאצקי זײַנען נאָך געשלאָפן, האָט זיך אין דרויסן דערהערט א פײַפערײַ און א ווילד צאָקען פון פערדישע טלאָען. צוגעשפּרונגען צום פענצטער, האָב איך דערזען, אז די היגע פּאָליציי טראָגט זיך ווי א הײשעריק איבער די גאסן. די שטוביקע האָבן זיך גלײַך אָנגעטאָן. מע האָט געקוקט דורכן פענצטער און זיך געגרייט אפ אן אומגליק. די גאסן זײַנען געווען געשלאָסן. אָן דאָ-קומענטן האָט מען קיינעם ניט דורכגעלאָזן. וואָס אונדז דערוואַרט, האָבן מיר נאָך ניט געוווּסט. נאָר אלע האָבן געפילט, אז עס קומט עפּעס פאָר.

עס האָט זיך מיטאמאָל דערהערט א געבראַזג פון שויבן. פונקט אנטקעגן אונדזער פענצטער, אין א שכיינעסדיקן הויז, האָט א פּאָלי-ציאַנט מיט א האק אין האנט געזעצט אין א ייִדישער טיר, קענטיק, א פאַרשלאָסענער, און געריטשעט, מע זאָל וואָס גיכער אים עפענען. ווען די טיר האָט זיך געעפנט, האָט ער די אײַנוווינער באַפוילן ארויסגיין אין דרויסן.

נאָך וואָס וואַרטן מיר אין שטוב? באלד וועט דאָך פּאָליציי אויך אהער אַרײַנקומען. און ווהין זיי שלעפּן, ווייס דאָך ווידער קיינער ניט. בעסער אנטלויפן, — זאָגט איינער פון דער מישפּאָכע. אנטלויפן צו דעם ארבעטס-פּלאַץ, אפ די שעסקינער בערג. עס איז דאָך ניט ווײַט, סאכאקל א האלבער קילאָמעטער. קען זײַן, מירן דאָרט גע-פינען „אונדזער" דײַטש, דעם פעלדפעבל הערדער, אָדער ווי מע האָט אים גערופן „דער סוכאָטניק". נעכטן האָט ער דאָך באקומען אזוי-

פּיל מאַטאָנעס, צוגעזאָגט צו פּאַרטיידיקנ זייַנע ייִדנ. עפּשער וועט ער באַשיצנ איצט?

זאַלבעדריט — איכ, שמערל אונ זייַנ שוועסטערקינד דער סטודענט — האָבנ מיר זיכ ווי שטענדיק אוועקגעלאָזט צו דער אַרבעט. מיר האָבנ אויסגעמיטנ די הויפּט-גאַס אונ דורכנ הויפ אונ גערטנער זיכ דערנענטערט צו די בערג. די פּאָליציי האָט אונדז קענטיק ניט באַמערקט. מיר זייַנענ דורכגעשווומענ צווישנ הויכע קוסטנ פּאָמידאָרנ, אונ מיר זייַנענ אַרויסגעקומענ צו די שעסקינער בערג.

נאָר דאָ האָט אונדז אָנגעיאָגט אַ רייַטער... ער איז געלאָפנ גאַלאָפּ איבער די שטויביקע וועגנ, אונדז אָנגעיאָגט אונ געהייסנ זיכ אָפּשטעלנ. דער רייַטער האָט ניט גערעדט קיינ וואָרט. ער האָט אָפּ שטומלאָשנ אונדז געהייסנ מיטגיינ, אונ בא אַ טייַכל האָט ער אונדז איבערגעגעבנ אַ צווייטנ. יענער האָט שוינ געטראָגנ אַ העלמ, אונ די ביקס האָט ער געהאַלטנ אונדז אַנטקעגנ.

„געזעגנ זיכ מיט דייַנע לידער“, — האָב איכ אַ טראַכט געטאָנ, אונ גלייַכצייַטיק האָט זיכ געוועבט בא מיר אַ נייַ געזאַנג...

נאָר דער מענטש מיטנ העלמ האָט אונדז געטריבנ פאָרויס אונ געשמייכלט צו זייַנ ביקס. דער שוויס אָפּ זייַנ אָנגעהיצטנ פּאָנעם איז דאָס מיִעסטע, וואָס איכ האָב געזעענ אינ מייַנ לעבנ. אַפנ באַרג איז אַ יונגע פויערטע אונדז געקומענ אַנטקעגנ. דער מענטש מיטנ העלמ האָט זי פאַרשעפּעט, אַ קניפּ געטאָנ אינ באַק אונ געזאָגט צו איר:

— דיר געפעלנ זייערע זאַכנ? קומ, איכ וועל דיר באַלד זיי געבנ.

די פויערטע האָט אים ניט געענטפערט. ער איז געבליבנ באַליידיקט. הינטערנ באַרג האָבנ געוואַרט שוינ אַנדערע. אַלע אינ העלמענ. ער האָט געהייסנ אונדז זיכ אומדרייענ מיט די פּלייצעס אונ מיט די הענט פאַרשטעלנ זיכ די אויגנ. איכ האָב אַרופגעלייגט אָפּ די אויגנ די פינגער, זיכ צוגעהערט, ווי פאָרויס פאַר מיר זינגט אַ פויגל, ווי הינטער מיר ווערנ אָפּגעצויגנ פונ ביקסנ די שלעסער, אונ צווישנ די פינגער אָפּ מייַנע אויגנ האָב איכ דערזענ אַ שפּריצנדיק פייַער — אַ געקנאַל, איבערנ געקנאַל — צווייַגנ... איכ האָב אַ פאַל געטאָנ אינ גראָז. דער ערשטער געדאַנק, וואָס האָט אַ שניט געטאָנ דעמ באַוווסטזייַנ, איז געוועזנ, צי בינ איכ טאַקע טויט? זיכ איבערגעצייַגט, אַז ניט, האָב איכ אַ קוק געטאָנ אָפּ די כאַווערימ. איינער איז געשטאַנענ אָפּ די קני, אונ דער צווייטער האָט זיכ אַפילע ניט אייַנגעבויגנ.

הייסט עס, מיר לעבנ. טאָ ווער האָט דאָ אינ אונדז געשאָסנ? ערשט

איצטער האָב איך דערהערט הינטער מײַנ פּלייצע א געלעכטער, אונ דער מאנ מיטנ שטאָלענעמ העלמ האָט אונדז געזאָגט מיט א שמייכל:

— עס איז געווענ א שפּאס, הייבט זיך אופּ. איך וועל אײַך פירנ אינ געטאָ.

## דער וועג צו דער געטאָ

מיר האָבנ אלצ ניט געגלייבט. געמיינט, דאָס איז איינע פונ די פּראָוואָקאציעס. צוקומענדיק אָבער נעענטער צו ווילקאָמירער גאס, וווהינ דער שטאָלענער העלמ האָט אונדז געפירט, האָב איך דערזענ, ווי מע פירט אויכ אנדערע מאכנעס.

אפּ ארופּ ווילקאָמירער גאס, ווו עס איז געווענ אמאָל די „גרויסע מיל“, האָט מענ די קופּעס יידנ אופּגעטריבנ אפנ הויפּ. געהייסנ דאָרט ווארטנ. צומ ערשטנ מאָל פאר די עטלעכע כאדאָשימ האָב איך דערזענ פאר זיך מײַנע אלטע באקאנטע שכײנימ אונ כאווײרימ פונ לאנגע יאָרנ. אלעמענ האָט מענ באגינענ ארויסגעריסנ פונ די הײַזער, ניט דערלויבט מיטנעמענ קימאט גאָרנישט פונ די זאכנ, אונ גלײַך ווי די באלעבאטימ האָבנ איבערגעטראָטנ זייערע שוועלנ, האָט מענ די טירנ פארכאסמעט אונ באמ ארײַנגאנג ארופּגעקלעפּט א צעטל:

„דויטשעס אײַגענטום!“

דער הויפּ האָט געפּלייצט מיט יידנ. ערשט־געבוירענע קינדער, גויסעסדיקע זקײנימ, טראָגעדיקע פרויענ — אלצ איז אופּגעמישט אינ דעמ קאָכיקנ קעסלגרוב. די געיאָגטע האָבנ ניט געוויינט. דער ערעוו געטאָ האָט אויסגעברענט די טרערנ, פארשטיינערט די געפילנ. מע האָט דערשפּירט דעמ שוידער פונ דער צײַט. דערשמעקט, אז עפּעס גרייט זיך.

איך דערמאָנ זיך א פרוי מיט א בלייכנ ארויסגעצויגענעמ פּאָנעמ. זי איז געשטאנענ מיט א קינד אפ איר אָרעמ לעבנ פּארקאנ אונ ארויסגעקוקט צו איר הויז. דאָס קינד האָט געוויינט, האָט אויסגע-שטרעקט די הענטלעכ איבערנ פּלויט, ווו עס איז געשטאנענ דער וועכטער, וואָס האָט געהיט די געפאנגענע. דער וועכטער האָט געגעסנ עפּל. ער האָט ארויסגענומענ פונ קעשענע אנ עפּל אונ גע-געבנ דעמ קינד. דאָס קינד האָט אופּגעהערט וויינענ אונ זיך גענומענ צו דעמ עפּל. די פרוי האָט ארויסגעריסנ בא דעמ קינד די מאטאָנע אונ אפּ צוריק א וואָרפ געטאָנ צו דעמ וועכטער. דערבײַ האָט זי געזאָגט:

— איכ דארפ ניט פונ א מערדער קיינ ראכמאָנעס!

נאָכ עמעצ איז געזעסנ איינגעבויגנ אפ א שטיינ, די פינגער איינגעוואקסנ אינ באָרד, אונ איבערנ הויפ האָט זיכ געטראָגנ זיינ ניגנ פונ טילים.

עס האָט זיכ דערהערט א פייפ. צוויי אָפיצערנ, א דייטשישער אונ א היגער, זיינענ ארייננ אינ הויפ אונ געהייסנ אלעמענ זיכ אויס־שטעלנ צו פיר אינ א ריי. דער היגער האָט אונדז געזאָגט, אז דאָס פירט מענ אונדז אינ געטאָ.

מע האָט גענומענ זיכ רירנ. בא די זייטנ האָט אונדז ארומגע־רינגלט פּאָליצײ.

אפנ וועג זיינענ צוגעקומענ נאָכ מענטשנ פונ די שכייניסדיקע געסלעכ. פּאָליציי, באגלייט מיט ספּעציעלע אָנווייזער, איז געלאָפנ פאָרויס אונ ארויסגעטריבנ יענע, וואָס זיינענ נאָכ געווענ אינ די הייזער. א סאכ ייִדנ, וואָס ביז אצינד זיינענ זיי געלעגנ אינ בא־העלטענישנ, האָבנ זיכ דערוווּסט, אז מע פירט אינ געטאָ. זיי האָבנ מוירע געהאט אליינ צו בלייבנ. עס איז ארויס א קלאנג, אז נאָכ דעמ, ווי מע וועט ארייננטרייבנ אינ געטאָ, וועט מענ פארברענענ די ייִדישע הייזער. דעריבער זיינענ זיי ארויס פונ דער כינצטערניש אונ זיכ גע־שטעלט אינ די רייענ. זיי האָבנ אויסגעזענ ווי גייענדיקע מייסים.

א געקומענער פונ שטאָט איז אפ א ווייל ארייננגעשפּרונגענ צו אונדז אינ דער מאכנע אונ דערציילט:

— עס זיינענ פאראנ צוויי געטאָס: אפ רודניצקער גאס אונ אפ דער ייִדישער. אָבער ניט אלע ווערנ אהינ געפירט. גאנצע גאסנ מיט הונדערטער אונ טויזנטער מענטשנ פירט מענ ניט אינ געטאָ, נאָר אינ דער לוקישקער טורמע.

פארבייגייענדיק אונדזער הויז, אפ ווילקאָמירער 14, האָב איכ דערזענ מיינ מאמע. זי איז געשטאנענ אפנ באלקאָנ אָנגעלענט אָנ פארענטש, מיטנ גראָבנ קאָרבנ־מינכע אונטערנ אָרעמ, מיט א פעקעלע בא דער זייט, אונ ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ: ארונטערגייענ אונ זיכ אָנשליסנ אָנ דער ריי אָדער וואַרטנ, ביז די פּאָליציי וועט אראָפּיאָגנ. זי איז געשטאנענ צעטומלט אפנ באלקאָנ, אונ אירע פארטערטע אויגנ האָבנ מיכ געזוכט צווישנ אוילעמ. מיר האָבנ זיכביידע דער־זענ. דער וועכטער האָט אָבער ניט געלאָזט זיכ אָפּשטעלנ.

ווענ די מאכנע איז געקומענ אפ דער גרינער בריק, האָב איכ דערזענ, ווי בארג־אראָפ פונ קאלווארייער גאס גייט א צווייטע מאכנע, נאָכ גרעסער ווי אונדזערע. זי ווערט אויכ געפירט אינ א קייט פונ פּאָליציי.

אף דער גרינער בריק האָבן אַלע דערשפּירט, אַז אָט דאָ וועט זיך אַנטשיידן אונדזער גורל. אויב מע וועט פירן פאָרויס, דורך ווילנער צו מיצקעוויטש-גאַס, איז אַ סימען, אַז מע וועט קומען אין געטאָ. אויב מע וועט די מאַכנע פאַרקערעווען רעכטס, צו דער לוקישקער טורמע, איז אַ סימען, אַז מע פירט צו אַן עקזעקוציע.

באַם אַריבערגיין די גרינע בריק האָט אַף אַ מינוט זיך אָפּגע-שטעלט דאָס האַרץ. וווהין וועט מען פירן? איין טראָט, פינף טריט, צען. מע האָט אַוועקגעפירט פאָרויס. מע האָט געאײַלט. די הינטערשטע האָבן געטראָטן אַף די פּיס. געוואָלט וואָס גיכער אַריבערגיין דעם וועג. זײַן וואָס ווײַטער פון דער לוקישקער טורמע.

איך האָב אומגעדרייט דעם קאָפּ, געוואָלט וויסן, וואָס איז מיט דער גאַס הינטער אונדז. איך האָב דערזען, ווי די הונדערטער, אין אַ שפּאַלער פון גלאַנציקע באַגנעטן, ווערן פאַרקערעוועט אַף רעכטס צו דער לוקישקער טורמע.

* * *

מע האָט געפירט אין געטאָ ווערדליק אַ געניטעם פּלאַן. אַ סאַך גאַסן האָט מען גלײַך טאָקע אָנשטאָט געטאָ אַוועקגעפירט צום טויט. פאָלגנדיקע גאַסן זײַנען צו דער געטאָ ניט דערגאַנגען: מיצקעוויטש-גאַס, טאַרטאַקי, פאָרטאָווע, ביידע פּאָהולאַנקעס, קאַלוואַריער (פון 50־טן נומער ביז נומער 1 זײַנען דערגאַנגען), פּיראָמאָנט, אַ טייל זווע-ריניעץ, וועגנלאָווע, אַנטאָקאָל, אאַ., צוזאַמען באַ אַ צען טויזנט מענטשן.

קומענדיק צו מיצקעוויטש־גאַס, האָב איך דערזען אַן אויסטערליש בילד: באַ אַ צוואַנציק מענטשן, אַנדערע האַלב-נאַקעטע, אַנדערע אָנגעטאָן אין מעשוגאָים־העמדלעך, מיט ווילדע אויפגערייצטע פּענע-מער, האָבן מאַרשירט פאָרווײַז אַפן ברוק, און באַ דער זײַט האָט געשפּאַנט אַ דײַטשישער אָפיצער מיט מעדאַלן אַף דער ברוסט. דאָס זײַנען געווען די ייִדישע מעשוגאָים פון אַנטאָקאָלער שפּיטאָל.

די דײַטשן האָבן זיי אַרומגעפירט איבער דער גאָרער שטאָט, קעדיי צו ווײַזן פאַר דער ניט ייִדישער באַפעלקערונג די ייִדישע ראַסע. די מעשוגאָים האָט מען אָנגעשלאָסן אָן דער שפּיץ פון אונ-דזער מאַכנע. פאָרויס איז געפאָרן אַן אויטאָ מיט אַ גרויסן האַקן-קרייץ, און אַ פילם־אָפּעראַטאָר האָט פאַרייביקט דאָס בילד.

אויך אַנדערע גאַסן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן אונדזער מאַכנע. יונגע מענער זײַנען דאָרט געווען ווינציק. די כאַפּונגעס האָבן זיי אויסגעכאַפּט נאָך פריער. דעריקער זײַנען דאָס פרויען, קינדער און זקיינים. עס האָבן זיך מיטגעשלעפּט אויך קראַנקע און קאַליקעס,

ארויסגעטריבענע פונ די שפיטעלער. אינ זייערע בלויע שפיטאָל־קליידער האָבנ זיי דער פּראָצעסיע צוגעגעבנ א באזונדערנ אומהיימלעכנ אויסזענ.

אפ דייטשישער גאס לעבנ פונקס ביכער־קראָמ האָבנ א בלענד געטאָנ צוויי ווייסע טויערנ: איינער לינקס, אפנ דראָג יידישער אונ דייטשישער, דער צווייטער רעכטס — אפ גיטקע טויבעס זאווולעק. די טויערנ זיינענ געווענ פארמאכטע. ארומ אונ ארומ איז געשטאנענ כּאָליציי, די באוועגונג איז געווענ אָפּגעשטעלט. בא די טויערנ האָט אונדז אָפּגעווארט הערינג, שוויינענבערגס אדיוטאנט, א געלער אויס־געצויגענער דייטש מיט א שארבנדל אפנ היטל. ער האָט געשליידערט מיט די פויסטנ הינ אונ הער, ווי א שיקערער דיריגענט. דאָס האָט ער אָנגעוויזנ, וווהינ די יידנ זאָלנ גיינ — אינ דער ערשטער געטאָ אָדער אינ דער צווייטער. רעכטס איז געווענ די ערשטע, לינקס די צווייטע. עס האָט זיי כּאנאנדערגעטיילט די דייטשישע גאס.

דורכ די אָפּגעבויגענע ברעטער פונ דעמ הילצערנעמ ניט פאר־ענדיקטנ טויער האָט מיכ א פּוס אריינגעשטופּט אינ גיטקע טויבעס זאווולעק — דאָס פּאָדערהויז פונ דער ערשטער געטאָ.




דער טויער פונ ווילנער געטאָ אפ רודניצקער גאס.

# הינטערן טויער

## דאָס פּאָנעם פון געטאָ

איך בין געשוווּמען אין דעם קאָכעדיקן מענטשן-שטראָם און האָב ניט געקענט זיך אָפּשטעלן. ניט געפונען קיין ברעג, קיין אָנהאַלט. ייִדן מיט שמאַטעס און פּעק זײַנען געלאָפן איבער די הויפן און פאַרכאַפּט וווינונגען. די וווינונגען זײַנען געווען פרײַע. דאָס האָט שוויַנענבערג מיט א וואָך צוריק איבערגעריסן פון דאָרט די אײַנוווי-נער און זיי פאַרשלעפּט אין טורמע. די ניט-ייִדישע באַפעלקערונג, וואָס האָט געוווינט אין דעם קוואַרטאַל פון דער געטאָ, האָט פריִער, אינמיטן דער נאַכט, זיך געמוזט אַרויסקלײַבן.

איך האָב דערזען די דיכטערן לייע רודניצקי. זי איז געשוווּמען ווי איך אינעם האַמון. מיר האָבן ביידע זיך אויסגעקניפּלט פון אוילעם און זײַנען אַרײַן אין „בײערקעס הויף", וווּ עס האָט געוווינט אַמאָל מאָטקע כאַבאַד. אירע ערשטע ווערטער זײַנען געווען: זיי וועלן לעניגראַד ניט נעמען!

אין לידסקע גאַסל האָבן מיר געפונען א וווינונג. מיר זײַנען געווען נאַיִוו — געמיינט, מע וועט זיך קענען אָפּרוען. די דירע איז געווען א ליידיקע. די רעשטלעך פון דער באַלעבאַטישקײַט האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. אויף א שטול אין א ווייקשאַכט האָט זיך געזאַלצן פלייש, אין א לאַבן ברויט האָט געשטעקט א מעסער, און אויפן טיש איז געשטאַנען א גלאָז טיי, וואָס שוויַנענבערג האָט ניט געלאָזט אויסטרינקען דעם באַלעבאָס פון דער וווינונג.

איך האָב זיך געלייגט אויף א שטרויענעם געלעגער און אויפגע-קליבן די געדאַנקען. וווּ בין איך? וווּ איז מײַן פרוי? וווּ איז די מאַמע? דער טאָג האָט זיך געצויגן לאַנג, ווי א יאַם, וואָס מע זעט דעם ברעג ניט. עס איז ערשט איצט דרײַ אַזייגער. דער קאָפּ ברענט, איך ווער פאַרסאַרפּעט. איך האָב געפונען א קרוג וואַסער. אַרויפ-געגאָסן אויפן קאָפּ. מיר איז געוואָרן לײַכטער. איך האָב א פאַל גע-טאָן אויפן שטרויענעם געלעגער און פאַרזונקען אין שלאָף.

אין אָוונט איז געקומען די דיכטערן און מיך אויפגעוועקט. מיר

איבערגעגעבנ א גרוס פונ דער מאמענ. זי לעבט. א באקאנטער האָט זי געזענ אינ געטאָ. מיר זײַנענ ארויפ אינ גאס. באגעגנט כאַ-ווײרימ, דעמ ארטיסט בערעגאָווסקי אונ שאבסײַ בליאכערנ. זײ דער-ציילנ, אז די גאנצע געטאָ איז פאנאנדערגעטײלט מיט טויערנ, אויכ אינווײניק איז ניט מעגלעכ דורכצוגײנ פונ אײנ גאס אינ דער אנ-דערער. די טויערנ אינ געטאָ גופא זײַנענ מיר גאָר ניט געפעלנ, איכ האָב באשלאָסנ זיכ ארויסבאקומענ אפ רודניצקער גאס. עס גײט די הויפט-גאס פונ געטאָ. מײַנ באגלייטער האָב איכ פארלאָרנ אינ וועג. דורכ בוידעמער אונ לעכער האָב איכ זיכ דערשלאָגנ פונ לידסקער געסל אינ דער הויפט-גאס. אלצ נײַע אונ נײַע מאכנעס זײַנענ ארײַנ-געשווומענ פונ שטאָט. איכ האָב דערזענ צווישנ זײ מײַנ פרײַנט קאלמאנאָוויטש — דעמ באקאנטנ געלערנטנ, מיטארבעטער פונ „ייוואָ". ער איז פארוואקסנ מיט א שיטער בערדל. פונ זײַנע קנײטשנ האָט ארויסגעקוקט דער יידישער גורל. איכ האָב זיכ ארײַנגעשניטנ צווישנ אוילעמ אונ אימ גענומענ אונטערנ אָרעמ.

— שאָלעמ-אליכעמ א יידנ, וואָס מאכט איר?

קאלמאנאָוויטש האָט זיכ דערפרייט, מיכ געקלאפט איבערנ אקסל:

— אויב נאָר צווישנ יידנ — איז שוינ גוט...

* * *

אפ רודניצקער 6, ווו עס געפינט זיכ דער בנינ פונ דער רעאל-גימנאזיע, איז פול מיט מענטשנ. יעדער וויל זיכ ארײַנכאפנ אינ א דירע זאָט דאָ אפנ הויפ. מע זאָגט, דאָ וועט זיכ געפינענ דער יודנ-ראט אונ דאָס אָרט איז זיכערער ווי ערגעצ אנדערש. דערווײַל איז ניט מעגלעכ דורכצוגײנ. איטלעכער האָט זיכ צוגעוואָרצלט צומ באָדנ אונ גײט ניט אָפ קײנ שפאנ, גלײַכ עס וואָלט זיכ אונטער זײמ גע-פונענ אנ אוצער. איכ זע אנ אלט פאָרפאָלק. בײדע ליגנ אפ א העגעלע אונ קוקנ אפ דער געטאָ. בײדע זײַנענ פאראליזירט. ווי נאָר עס איז ארײַנ די פאָליציי ארויסצוטרײַבנ פונ דער דירע, האָט זײ אָפגענומענ הענט-אונ-פיס. א קאָרעוו האָט זײ ארײַנגעלײגט אינ א וועגל אונ געבראכט אהערצו. איכ האָב געוואָלט זײ העלפנ. גע-פרעגט זײער פארלאנג. דער אלטער האָט א צוק געטאָנ מיט די ליפנ אונ שטיל, אָבער גענוג דײַטלעכ ארויסגערופנ:

— גיט מיר סאמ!

איכ האָב זיכ דערוווּסט, אז זײער פאמיליע איז בעראנאָווסקי. די אקטריסע וויטאלינא האָט מיכ געצויגנ פאר דער האנט.

— קומט מיט מיר. א דירע האָט איר שוין? איכ האָב נאָכ א פרייַ אָרט. מע וועט עס אויסכאַפּן.

אַפּ דעם זעלבן הויפ, אין דער וווינונג פונ כויכער שטשיבוק, האָב איכ זיכ אייַנגעמאָשטשעט אינ א ווינקל. דער באַלעבאָס, וואָס האָט דאָ געוווינט פונ פריער, האָט זיכ שטארק געבראָיגעזט אַפּ זייַנע נייַע, ניט געבעטענע קוואַרטיראַנטנ. דער אַלטער שטשיבוק איז זאָכ דערווייַל באַלעבאָס. עס האָט קיינער קיינ רעכט ניט אָנצורירנ זייַנ אייגנ־טומ. פונ דער וואַנט הענגט נאָכ אַראָפּ זייַנ פּאָרטרעט מיט די לע־בעדיקע פּאַרדרייטע וואָנצעס, וואָס קוקנ אַפּ דער וועלט מיט גאַדלעס אונ האָנאָר.

עס איז געוואָרנ טונקל. איכ לויפ איבער הויפ: אונ געסלעכ צו געפינענ מייַנע נאָענטסטע. די געטאָ איז גרעסער, ווי איכ האָב געמיינט. רודניצקער גאַס, אָשמענער, שפּיטאָל-גאַס, דיסנער, שאַוולער, סטראַשונ-גאַס, לידסקע אונ דרייַ הויפנ פונ קאַרמעליטנ־גאַס. דאָס אַלצ איז אונדזער „אייגנטום”, ניט אומעטום איז אָבער מעגלעכ דורכצוגיינ. סטראַשונ-גאַס איז פאַרשפּאַרט מיט א טויער. לידסקע האָט ביכלאַל ניט קיינ דורכגאַנג. מע קענ אהער צוקומענ נאָר דורכ די בוידעמער. צו די דרייַ הויפנ אַפּ קאַרמעליטנ-גאַס האָבנ די ייִדנ דורכגעהאַקט ווענט דורכ נומ. 6, 14 אונ 16 פונ רודניצקער גאַס. אַפּ שפּיטאָל־גאַס באַגעגנט מיכ ליבע גראַדע, די פרוי פונ דעם דיכטער כאַיִמ גראַדע. זי אַרבעט אינ ייִדישנ שפּיטאָל, וואָס גייט אַרייַנ אינ געטאָ. זי איז א קראַנקנ-שוועסטער. זי פירט מיכ אַרייַנ אַפּנ שפּיטאָל-הויפ אונ ברענגט פאַר מיר א קוביק מילכ. מע טראָגט א פאַרסאַמטנ. עס איז דער אַלטער ד״ר געַרשוני. איכ טרינק די מילכ אונ וואַרג זיכ.

דעם טויער, וואָס פאַרצוימט סטראַשונ־גאַס, האָבנ שוינ הענט אופגעריסנ. איכ טראָג זיכ אהינ. אַפּנ הויפ, ווו עס איז געווענ ניט לאַנג דער ערשטער ייִדנראַט, זיצט דער לערער טורבאָוויטש, אָנגעלענט אָנ א בערגל שטיינער אונ פאַרשרייַבט עפּעס אינ א ביכל. דאָס פירט ער א טאָגבוכ. אַפּ סטראַשונ־גאַס 1 האָב איכ געפונענ מייַנ מאַמע. אינ א כאָרעוו הויז, בא דער שייַנ פונ זונ-פאַרגאַנג, איז זי געשטאַנענ אונ געדאַוונט. אַפּנ קיכ האָט זיכ געוואַרעמט טיי. די שכיינים האָבנ געגרייט עסנ. א מיידל מיט א שפּיגעלע אינ האַנט האָט זיכ געפּאַרבט די ליפּנ. מע האָט געלאַכט, געוויינט, געציִדעוועט זאָקנ. דאָס הויז ברענט, אונ דער זייגער גייט ווייַטער.

* * *

עס איז געווען א ליכטיקע נאכט. איך האָב ניט געקענט אײַנשלאָפן. גערעכט איז די פרוי, וואָס האָט גערעדט צו איר שאָכן: „די ערשטע נאכט אין געטאָ איז ווי די ערשטע נאכט אין קייווער". איך בין אראָפ מיט די טרעפ אפן הויף. אפ די גאסן זײַנען געלעגן קופּעס מענטשן. ניט פאר אלעמען האָט געסטײַעט דירעס, איז מען געלעגן אפ דער ערד, ווי פיש ארויסגעשלײַדערט אפ א זאמדיקן ברעג...

לעבן יאָגיכעס' קלויז האָב איך באגעגנט קאלמאנאָוויטשן. אויך ער האָט ניט געקענט אײַנשלאָפן. ווי איך, איז ער אראָפ זיך צוקוקן צו דעם כורבן. מיר זײַנען געגאנגען צוזאמען. איך האָב מוירע גע־האט אויסצורײדן א וואָרט, צו באליידיקן די שטילקײַט. אפ רודניצקער 4, לעבן הילצערנעם טויער, איז געלעגן אפ א ביסל שמאטעס א האלב-נאקעטע פרוי און זיך געוואָרפן אין פאליקע. די לעוואָנע האָט באלויכטן אירע צעווינטיקטע האָר און מיט א גרינעם אומהיימ־לעכן קאָליר באפארבט אירע באקן.

## די צווייטע פּראָוואָקאציע און דער צווייטער ייִדנראט

אפ מאָרגן האָט מען זיך דערוווּסט נײַס. אלע מענטשן, וואָס זײַנען געווען אפ לידסקע, האָט שווײַנענבערג באנאכט ארומגערינגלט מיט כאפּונעס און אלעמען אוועקגעפירט אין דער ריכטונג צו פּאָנאר. א קליינעם טייל האָט מען אפ מאָרגן צוריק געבראכט און ווידער זיי ארײַנגעשפּארט אין די ביידע געטאָס. דאָס איז געטאָן געוואָרן צו בארויִקן און פארטומלען דעם אוילעם, קיינער זאָל ניט וויסן, צי זײַנע נאָענטע האָבן זיך אומגעקערט אָדער ניט. גיין פון איין געטאָ אין דער אנדערער איז געווען פארבאָטן.

דאָס אוועקנעמען די ייִדן פון לידסקע האָט מען אָנגערופן די צווייטע פּראָוואָקאציע. צוזאמען האָט מען דאָרט אויסגעראָבט בא א צוויי טויזנט מענטשן. ווען א הונדערט האָבן זיך אָבער אומגעקערט צוריק, איז געוואָרן די שטימונג א בעסערע.

דעם זעלבן טאָג האָט מוירער באשטימט א ייִדנראט. בעראָש איז געוואָרן אַוועקגעשטעלט יאקאָוו גענס, א געוועזענער אָפיצער פון דער ליטווישער ארמיי, א ייִד פון קאָוונע. צום ייִדנראט האָבן גע־הערט: אנאטאָלי פריד, אינזשעניער בוכמאן, אדוואָקאט מילקאָנאָוויצקי, פישמאן און גריגאָרי יאשונסקי.

דער ייִדנראט איז געווען פאראנטוואָרטלעך פאר דער אָרדענונג אין געטאָ. גענס האָט געשאפן אן אָרטיקע פּאָליציי, ער האָט אָרגא־

ניזירט די אדמיניסטראציע אינ געטאָ, געשאפנ א מינ סטרוקטור פֿאר דעמ מעשונעדיקנ צושטאנד. ער האָט אויסגעקליבנ צוגעפאסטע יונגע-לײַט, זיי אָנגעטאָנ אפֿנ ארבל בלויע טאשמעס מיט ווײַסע מאָגנ־דאָווידס אונ פֿונ הײַנט אונ ווײַטער האָט מענ זיי געמוזט פֿאָלגנ, אויספֿירנ אלע זייערע באפֿעלנ. קעדיי מע זאָל פֿאָלגנ אפֿ אנ עמעס, איז אפֿ לידסקע געסל געעפֿנט געוואָרנ א טורמע אונ צו דער טורמע דרײַ פֿאָליציי־קאָמיסאריאטנ. פֿאר יעטווידער זינד, ווי גיינ אינ א פֿארקער-טער ריכטונג, גיינ שפּעטער ווי די באשטימטע שאָ אָדער פֿאר שטערנ די רו — איז מענ געוואָרנ באשטראָפֿט מיט געלט אָדער מיט ארעסט. מע האָט אפֿילע געשאפֿנ אינ געטאָ א געריכט מיט א גענויעמ שטראָף-קאָדעקס אונ ספּעציעלע מאלבושימ פֿאר די פֿארטיידיקער אונ פּראָקוראָר.

* * *

דער יידנראט האָט שוינ דײַטלעכ געזענ, אז די שפּיל איז צומ טײַוול. ער האָט געוווּסט, אז די שכיטע האָט זיכ אריבערגעטראָגנ אינ ווײַסרוסלאנד אונ אז דער ציל פֿונ די דײַטשנ איז אונדז אלע-מענ אויסצוראָטנ ביז אײנעמ. גענס האָט געמיינט, אז אימ וועט זיכ אײַנגעבנ צו באפֿרײַענ א טייל אײַנוווינער פֿונ געטאָ. ער האָט גע-שפּילט אפֿ דער צײַט. געוואָרט, עס זאָל זיכ דערנעענטערנ דער פֿראָנט, די דײַטשנ זאָלנ ניט באווײַזנ אויסצופֿירנ זייער רעציכע. ער האָט געגלייבט מורערנ אונ ווײַסנ. דער לעצטער פֿלעגט קומענ צו אימ אינ געטאָ אפֿ מיניק. די צוויי טאליאָנימ האָבנ גענסנ פֿארזיכערט, אז די ווילנער געטאָ וועט מענ ניט ליקווידירנ. גענס האָט געגלייבט אונ פֿלעגט דורכויס אײַנריידנ דעמ אוילעמ, מע זאָל גוט ארבעטנ, ווײַל די געטאָ האלט זיכ נאָר אדאנק דער ארבעט. ער האָט גע-שאפֿנ אינ געטאָ ווארשטאטנ, אופֿגעבויט פֿאכשולנ, די יוגנט זאָל זיכ אויסלערנענ א פֿאכ.

די יידישע פֿאָליציי, וואָס צומ גוטנ קאָנ מענ זי ניט דערמאָנענ, פֿלעגט מאכנ אינ די נעכט רעוויזיעס אונ צונעמענ דאָס געפֿונענע גאָלד אונ די ווערטפֿולע זאכנ. מיט דעמ האָט גענס אונטערגעשמירט זײַנע דײַטשנ. א סאכ מאָל האָט ער באַ זיי געפּועלט אונ האָט ארויסגענומענ פֿונ טורמע געפֿאנגענע שוינ ערעוו דער עקזעקוציע. גענס האָט ניט פֿארשטאנענ, אז ער איז בלויז א ווערקצײַג אינ די הענט פֿונ דער געסטאפּאָ, אז ווילנדיק העלפֿנ יידנ, העלפֿט ער אינדערעמעסנ די דײַטשנ אומצוברענגענ די געטאָ.

# א בינטל געזעצנ

די ערשטע פאראָרדענונג, וואָס מורער האָט ארײַנגעשיקט אינ געטאָ דעמ ייִדנראט, איז געווענ: מאָרגנ אינדערפרי דארפ אפנ געטאָ־טויער הענגענ א שילד: „אכטונג! יודענ־פירטעל, זעוכע־געפאר! אײַנ־טריט פיר ניכט יודענ פערבאָטענ!" א צווייטע מעלדונג אפנ טויער האָט געדארפט וואָרענענ, אז עס איז פארבאָטנ ארײַנצוטראָגנ אינ געטאָ יעטווידער מינ שפּײַז אונ האָלץ.

אינ מעשעכ פונ דער זעלבער נאכט האָט מענ געמוזט מורערנ צושטעלנ אַ רעשימע: וויפל אײַנוווינער עס געפינענ זיכ אינ געטאָ, זייערע יאָרנ, פאכנ, אדרעסנ אונ צי זיי האָבנ שײַנענ, אז זיי ארבעטנ.

דער אוילעמ האָט ניט געוווּסט, ווי איז בעסער: רעגיסטרירנ זיכ צי ניט. די, וואָס האָבנ געהאט שײַנענ, האָבנ זיכ מערסטנס רעגי־סטרירט. די, וואָס האָבנ קיינ שײַנענ ניט געהאט, האָט מענ אפ מאָרגנ געצוווּנגענ אריבער אינ דער צווייטער געטאָ. נאָר ווענ די ווײַבער אונ קינדער זײַנענ קאָלאָנעסווײַז ארויס דורכנ טויער אינ ריכטונג צו דער צווייטער געטאָ, אפ דער אנדער זײַט גאס, זײַנענ זיי ארומגעכאפט געוואָרנ מיט א קאָרדאָנ פאָליציי, אונ קיינמאָל האָט מענ זיי שוינ מער ניט געזענ. א טייל נאָר האָט מענ ארײַנגעפירט אינ דער צווייטער געטאָ, קעדיי דער אוילעמ זאָל ניט וויסנ, ווער עס לעבט אונ ווער ניט.

פונ דער צווייטער געטאָ ווידער האָט מענ פאכלײַט באפוילנ צו גיינ אינ דער ערשטער געטאָ. זיי זײַנענ אָבער אהינ ניט געקומענ. אויכ זיי האָט מענ שוינ מער ניט געזענ.

עס איז ניט מעגלעכ אויסצורעכענענ די סעריעס געזעצנ אונ באפעלנ, וואָס זײַנענ אָנגעקומענ פאר דער געטאָ. איכ וועל בלויז פרוּווּנ ברענגענ א קליינ בינטל, אונ זאָל א נאָרמאלער מענטש פרוּווּנ עס באנעמענ:

ייִדנ טאָרנ ניט קוקנ דורכ פענצטער, וואָס גייענ ארויס אויסער דער געטאָ. דעריבער מוזנ די פענצטער גוט פארקלאפט זײַנ אָדער פארשמירט אפ טונקל;

ייִדנ איז פארבאָטנ צו ריידנ וועגנ פאָליטיק;

ייִדנ טאָרנ ניט ריידנ דײַטש;

פארנ האנדלענ אָדער ריידנ מיט א ניט־ייִדנ ווערט א ייִד דערשאָסנ;

ייִדנ טאָרנ ניט טראָגנ קיינ וואָנצעס (קעדיי מע זאָל לײַכטער דערקענענ דעמ ייִדנ, ווענ ער גייט אינ שטאָט);

עס איז פארווערט צו עסנ פעטס;

יִדישע פֿרויען טאָרן זיך ניט פֿארבן די האָר, די ליפּן;
מע טאָר ניט דאַווענען, מע טאָר זיך ניט לערנען;
פֿון א זעקסיעריק קינד ביז א זאָקן דארף יעדער טראָגן געלע לאַטעס, כּסדר אינם געטאָ, סײַ אויסערן געטאָ. דערבײַ מוזן די לאַטעס זײַן גוט צוגענייט אף אלע שפּיצן, און מע דארף זיי טראָגן אף דער לינקער זײַט ברוסט און אף דער פּלייצע;
אַז א דײַטש קומט ארײַן אינם געטאָ, מוז מען פֿאר אים אראָפּנעמען דאָס היטל. דערבײַ טאָר מען זיך ניט נייגן און זאָגן „גוט-מאָרגן";
עס איז פֿארווערט ארײַנצוטראָגן אינם געטאָ בלומען;
יִדישע פֿרויען טאָרן ניט געבוירן. אויב א פֿרוי וועט געבוירן, וועט זי געטייט ווערן צוזאמען מיטן קינד.
ווען געסטאַפּאָ האָט אָפֿיציעל געמאָלדן דעם דירעקטאָר פֿון געטאָ-שפּיטאָל ד"ר סעדליס, אַז פֿון בערלין איז אָנגעקומען א געזעץ, וואָס פֿארבאָט יִדישע פֿרויען צו געבוירן קינדער, איז אינם געטאָ פֿאָרגעקומען אן עמעסע צערודערונג. מע האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט די טראַגעדיקע פֿרויען, מיט די ערשט-געבוירענע אייפעלעך. מאַמעס זײַנען אוועק געבוירן מיטן באַוווּסטזײַן, אַז זייערע קינדער וועט מען פֿארסאמען. אָבער אויך אָט דעם געזעץ האָט מען געפּרוווּט שפּעטער גוויוּער זײַן. מע פֿלעגט באהאלטן די נײַ-געבוירענע גלײַך פֿון בראָכשטול אינא פֿארמאסקירטן צימער. באנאכט פֿלעגן די מאַמעס אהינשטילערהייט ארײַנקומען און געבן זויגן די קינדער. ווען די קינדער זײַנען עטוואָס אויפֿגעוואקסן, האָט מען זיי אין די אָפֿיציעלע געטאָ-אמטן פֿארמאָלדן עלטער, ווי זיי זײַנען.
די ראנגלעניש פֿון דער יִדישער פֿרוי פֿאר געבוירן אינם געטאָ א קינד, עס זאָל זײַן א טרייסט נאָך די אומגעקומענע עלטערן, נאָכן דערמאָרדעטן מאן, און עס זאָל אופֿהאלטן דאָס ווײַטערדיקע לעבן און די צוקונפֿט פֿון א פֿאָלק — האָט אָנגעהאלטן אינם געטאָ ביז די לעצטע טעג. און אומפֿארגעסלעך איז דאָס בילד, ווען בלייכע מאַמעס מיט נײַ-געבוירענע קינדער אף די הענט, געבוירענע קעגן דײַטשישן געזעץ, אויסבאהאלטענע אין גריבער, אף בוידעמער, אין היילן, זײַנען געשלעפּט געוואָרן דורך די געסלעך צום טויט.

## די צעטומל-קאָלירן

גלײַך ווי די דײַטשן זײַנען ארײַן אין ווילנע, האָט זיך אָנגעהויבן א כאַפּעניש אף יִדישע מענער. מע האָט זיי געשלעפּט אף

פֿאַרשײדענע אַרבעטנ. קעדײַ מע זאָל די אַרבעטנדיקע אָפּנ גאַס ניט אַרעסטירנ, האָבנ זײ פֿונ זײערע אַרבעטסגעבער באַקומענ שײַנענ. אַפּנ שײַנ איז געװענ אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿונ דעם אַרבעטנדיקנ ײדנ. אַ שײַנ מיט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע האָט זיכ גערעכנט פֿאַר אַ גוטנ שײַנ. גלײַכצײַטיק זײַנענ געװענ שײַנענ אָנ פֿאָטאָגראַפֿיעס.

נאָכ די שײַנענ מיט די פֿאָטאָגראַפֿיעס האָט מענ אָנגעהױבנ אַרױס־געבנ „װײַסע שײַנענ“, באַשטעטיקטע פֿונ אַרבעטס־אַמט אינ װילנע. דער שײַנ איז געװענ ביז אַ טערמינ, דאָס הײסט, ביז דעם טאָג „טאָר“ מענ דעם ײדנ ניט שיסנ. אַלע מענער, װאָס האָבנ צו יענער צײַט ניט געהאַט קײנ װײַסנ שײַנ, זײַנענ פֿאַרשלעפּט געװאָרנ צומ טױט דורכ די כאַפּונעס. שפּעטער האָט מענ גאַנצע אַרבעטער־קאָלאָנעס אױכ מיט די װײַסע שײַנענ אַװעקגעפֿירט אינ פּאָנאַר. די שײַנענ זײַנענ געװאָרנ אַ מיטל אױפֿצוזאַמלענ די ײדנ אינ אַ מאַסע, עס זאָל גרינגער זײַנ זײ צו פֿאַנגענ.

װענ מע איז אַרײַנ אינ געטאָ, האָט אַ װײַסער שײַנ נאָכ גע־מוזט אָפּ זיכ האָבנ דעם שטעמפּל „פֿאַכ־אַרבעטער“. קעדײ צו באַ־קומענ אָט דעם גליקלעכנ שטעמפּל, האָט מענ געצאָלט דעם אַרבעטס־אַמט טױזנטער. אָבער גראָד אָט די, װאָס האָבנ געהאַט די שטעמפּלענ, זײַנענ פֿאַרנאַרט געװאָרנ אינ דער לוקישקער טורמע.

דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהױבנ אַ נײַע צעטומלעניש: אַזױװי עס איז אָנגעקומענ פֿונ הימלערנ אַ באַשטעטיקונג, אַז די װילנער געטאָ דאַרפֿ קלוימערשט בלײַבנ אָפּ שטענדיק, האָט דער דײַטשישער אַרבעטס־אַמט אַרױסגעגעבנ דעם ײדנראַט פֿאַר דער ערשטער געטאָ געלע שײַנענ פֿאַר דרײַ טױזנט פֿאַכלײַט. די דרײַ טױזנט גליקלעכע האָבנ נאָכ רעכט אַרײַנשרײַבנ אינ דאָקומענט זײערע מישפּאָכעס. געבענטשט איז דער יעניקער, װאָס האָט באַקומענ פֿונ דעם ײדנראַט אַזאַ געלנ שײַנ. עס איז אַ „לעבנס־שײַנ“. אַזױ האָבנ אײַנגערעדט די דײַטשנ.

װידער האָט געלױערט אַ שכיטע. װידער האָבנ זיכ ײדנ געקליגט. יעדער האָט געמײנט, ער װעט זיכ אַרױסדרײענ. מע האָט געצאָלט מיט גאָלדענע צענדרובלדיקע פֿאַר די געלע פּאַפּירלעכ, מע האָט נאָכ־געמאַכט פֿאַלשע, זיכ צוגעשריבנ צו „גליקלעכע“. מײדלעכ מיט געלע שײַנענ האָבנ אינ געטאָ כאַסענע געהאַט. ס'איז געװענ זײער נאַדנ.

אַ מאַמע פֿלעגט זיכ אױסדריקנ װעגנ איר קינד: „איכ היט עס װי מײַנ געלנ שײַנ“.



1116—4

דעם 24-טנ אָקטיאבער 1941 האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ געטאָ א שכיטע אפ די, וואָס האָבנ ניט קיינ געלע שײַנענ. די, וואָס האָבנ שײַנענ, האָט מענ געהייסנ צוזאמענ מיט זייערע מישפּאָכעס אוועקגיינ אפנ אָרט פונ ארבעטס־פּלאצ אונ איבערוואַרטנ די שכיטע.

קעדיי מע זאָל דורכלאָזנ א מישפּאָכע-מיטגליד דורכנ טויער, האָט יער געמוזט האָבנ א הארט בלוי צעטל — אינ פאָרם פונ א ווי-



א טייל פונ די צעטומל־קאָלירנ: דער „גוטער" שײַנ מיט דער פאָטאָגראפיע; א ווײַסער שײַנ; דער ווײַסער שײַנ מיטנ שטעמפּל „פאכ-ארבעטער"; דער געלער שײַנ; דער בלויער שײַנ; דער ראָזער שײַנ; דאָס בלויע קארטעלע, מיט וועלכנ מע האָט דורכגעלאָזנ דורכנ געטאָ-טויער צו דער ארבעט די „צוגעשריבענע" צו א געלנ שײַנ־באזיצער אינ די שכיטע-טעג פונ די געלע שײַנענ. אזא קארטעלע האָט באטײַט א לעבנ; א געלע לאטע; א פאס פונ אנ אָנערקענטנ געטאָ־בירגער; דאָס בלעכענע נומערל, וואָס מע האָט געטראָגנ אפנ הארצנ (גאָר אינ דער הייכ).

זיט־קארטל, מיט א דײַטשישנ שטעמפּל. קינדער האָבנ זיכ גערעכנט בלויז ביז 16 יאָר. אָנ עלטערנ האָט מענ דורכנ טויער ניט דורכגעלאָזט אונ צוגענומענ דאָס צעטל. אינ א פּאָר טעג ארום, ווענ אינ געטאָ איז שוינ געוואָרנ דורכגעפירט די שכיטע, האָבנ די, וואָס פארמאָגנ געלע שײַנענ, זיכ אומגעקערט אינ געטאָ.

דעם 3-טנ נאָיאבער 1941 איז ווידער געווענ א פאראָרדענונג, אז אלע, וואָס פארמאָגנ געלע שײַנענ, מוזנ צוזאמענ מיט זייערע מישפּאָכעס אריבערקלײַבנ זיכ אינ דער צווייטער געטאָ. דאָרט זײַנענ זיי אָפּגע-

ווענ ביזנ 5־טנ נאָיאבער. אינ די דאָזיקע טעג האָט מענ אינ דער ערשטער געטאָ געקוילעט זי אלע, וואָס האָבנ ניט פארמאָגט קיינ געלע שײַנענ. בא דער אקציע זײַנענ אומגעקומענ אנ ערעכ 8 טויזנט מענטשנ.

ווענ א ייִד מיט א געלנ שײַנ איז אוועק צו דער ארבעט, האָט ער געדארפט איבערלאָזנ זײַנ ווײַב א קאָפּיע פונ זײַנ שײַנ. אניט איז זי געווענ אויסגעשטעלט, די קאָנטראָליאָרנ זאָלנ זי מיטנעמענ אינ פּאָנאר.

די קאָלירנ-צעטומלונג האָט זיכ ניט אָפּגעשטעלט. יעדער אײנ-ציקער, וואָס האָט ניט קיינ געלנ שײַנ, האָט געמוזט פארמאָגנ א ראָזנ פּאפּירל. דאָס דאָזיקע פּאפּירל איז גילטיק נאָר פאר דער געטאָ. ארויס-גייענ מיט דעם דורכנ טויער קענ מענ ניט. עס ווערנ ארויסגעלאָזט בלויז די, וואָס פארמאָגנ געלע שײַנענ. עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א יאָגעניש נאָכ די ראָזע קארטלעכ. די דאָזיקע שײַנענ זײַנענ אײַנגע-טײלט געוואָרנ אינ צוויי קאטעגאָריעס: מישפּאָכע-שײַנענ און שוץ-שײַנענ. די מישפּאָכע-שײַנענ האָבנ באקומענ די פאמיליע-מיטגלידער פונ די „געלע“, און א קלײנע צאָל שוץ-שײַנענ איז צעטײלט געוואָרנ דורכנ ייִדנראט פאר די, וואָס האָבנ ניט געהאט קיינ געלע שײַנענ.

דעם 21־טנ דעקאבער איז אינ געטאָ פאָרגעקומענ א כאפּעניש אפ די, וואָס האָבנ ניט קיינ ראָזע שײַנענ. די כאפּעניש האָט געדויערט דרײַ טעג. דורכגעפירט האָט זי די אָרטיקע „איפּאטינגא“. פונ קעלערס און מאלינעס האָט מענ אויפגענומענ בא א טויזנט נעפּאשעס און אוועקגעפירט צום טויט.

א נײַע פאראָרדענונג: צו א ראָזנ שײַנ מוז מענ נאָכ האָבנ א בלויענ. אניט לאָזט מענ ניט ארויס צו דער ארבעט אינ שטאָט. אינגיכנ האָט מענ אָנגעהויבנ ארויסצוגעבנ גרינע צעטלענ. נאָכ די גרינע זײַנענ באָטל געוואָרנ אלע שײַנענ. די נייטיקע ארבעטער האָבנ באקומענ פּעסער, ארבעטס-ביכלעכ און בלעכענע נומערנ, וואָס איט-לעכער האָט געדארפט טראָגנ אפנ האלדז. מײַנ נומער איז געווענ 475. די רעשימעס פונ די נומערנ מיט די רעשימעס פונ זייערע טרעגער זײַנענ געלעגנ אינ ארבעטס-אמט, באם געביטסקאָמיסאר און אינ געסטאפּאָ. די נומערנ פלעגט מענ ניט ארויסגעבנ אָנ אנ ארבעטס-ביכל.

אויכ מיט די נומערנ איז ניט געווענ אזוי פּאָשעט. צוויי גויראָלעס האָט שפּעטער צעטײלט די באפעלקערונג: נידעריקע נומערנ און הויכע נומערנ. אינ אויגוסט 1943 האָט זיכ אָנגעהויבנ אנ אויסראָטונגס-אקציע אפ די הויכע נומערנ: פונ נומער צענ טויזנט און ווײַטער. די איבע-ריקע נומערנ האָבנ אינ יענע טעג ניט געליטנ.

די סיסטעם מיט די קאָלירטע שײַנענ, נומערנ און ביכלעכ איז געווענ דאָס אויסגעפינס פונ נויגעבויערס קאבינעט. די קאָלירנ זײַנענ

געווענ ניט צופעליק. דער ציל איז געווענ — צעטומלונג. די רעזול-טאטנ פונ די קאָלירטע פאפירלעכ זײַנענ ענלעכ צו א פסיכישער לופט-אטאקע, וואָס די דײַטשנ האָבנ אָנגעווענדט אינ די ערשטע מילכאָמע-טעג. אזא אטאקע באשטייט דערינ, וואָס באנאכט לאָזט זיכ אראָפ נידעריק אנ עראָפּלאנ און נעמט ווארפנ אפ א באפעלקערטנ פונקט ווירבלדיקע פראָזשעקטאָר-שײַנ פונ צענדליקער קאָלירנ. די אײַנוווינער נעמענ לויפנ אינ פאניק. בייס אזעלכע לופט-אטאקעס גייענ מענטשנ ניט זעלטנ אראָפ פונ זינענ.

## שטורמיסטנ

דעמ גליקלעכנ שטעמפל „פאכ-ארבעטער" אפנ ווײַסנ שײַנ האָבנ באקומענ בלויז עטלעכע טויזנט געטאָ-אײַנוווינער. איכ האָב אזא שטעמפל ניט געהאט, ווײַל איכ בינ ניט געגאנגענ אפ ארבעט. מײַנע באקאנטע אינ געטאָ האָבנ מיר געראטנ, איכ זאָל גײנ כאָטש אפ א טאָג אָדער צוויי אפ ארבעט, קעדיי מע זאָל מיר אָפּשטעמפלענ דעמ ווײַסנ שײַנ.

איכ האָב געפאָלגט די אייצע פונ מײַנע פרײַנט און זיכ געלאָזט אוועקפירנ דורכ שטורמיסטנ אינ די קאזארמעס אפ פיראָמאָנט, לעבנ אלטנ יידישנ בעסוילעמ. די גרופע, אינ וועלכער איכ האָב געארבעט, איז באשטאנענ פונ זעקס מאנ. צוויי שטורמיסטנ, נאָכ גאָר יינגלעכ, האָבנ אונדז געבראכט צו א קופע באלקנס און געהייסנ זיי אריבער-טראָגנ אפ א צווייטנ הויפ, דערבײַ האָבנ די שטורמיסטנ אָנגעזאָגט, אז יעדער ייד מוז טראָגנ א באלקנ, זאלבעצווייט טאָר מענ ניט.

איכ האָב אָנגעלייגט אלע מײַנע קויכעס און אופגעהויבנ דעמ קלאָץ אפ מײַנ אקסל. איכ בינ געגאנגענ און מוירע געהאט צו קוקנ אפנ שטעכ, וואָס טיילט מיכ אָפ פונעמ אָרט, ווו איכ דארפ אימ אוועקלייגנ. אז איכ בינ פארבײַגעגאנגענ די צוויי שטורמיסטנ, האָב איכ דערפילט א שניט פונ א נאהײַקע און דערהערט א געשריי: „לאופענ"! איכ האָב געהערט, ווי סע טרעשטשענ מײַנע ביינער. פונ מײַנ קאָפ איז גערונענ בלוט און פארטונקלט מיר די אויגנ. איכ האָב דערזענ די וועלט דורכנ קאָליר פונ בלוט. פונדעסטוועגנ בינ איכ געלאָפנ. דער מעשוגענער לעבנס-קויעכ האָט מיכ געטראָגנ פאָרויס.

אוועקגעלייגט די באלקנס אפנ אָרט, בינ איכ אוועק צוריק. מיטנ נאסנ שווייסיקנ העמד האָב איכ אויסגעווישט מײַנע פאר-לאָפענע אויגנ. די שטורמיסטנ האָבנ געלאכט. איכ האָב געהערט, ווי איינער האָט עפעס ארײַנגערוימט דעמ אנדערנ אפ מײַנ כעזשבנ, און

ווי נאָר איכ האָב זיכ אײַנגעוויגנ אופצוהייבנ די באלקע, באפעלט מיר מײַנ האר, איכ זאָל אופהייבנ צוויי: עס איז גענוג גרינג, ער וועט מיכ אויסלערנענ ארבעטנ. דעמ זעלבנ באפעל האָט ער ארויסגעגעבנ דעמ אלטנ שטשיבוק. עס איז דער זעלבער שטשיבוק, וואָס צו אימ אינ וווינונג האָב איכ זיכ געהאט פארקליבנ באמ ארײַנקומענ אינ געטאָ. ער האָט דעמלט אפ מיר געשריִענ, וואָס איכ צעברעכ זײַנע וואזאָנעס. אצינד האָט ער זיכ געבעטנ בא די שטורמיסטנ, מע זאָל אימ לאָזנ לעבנ. ער איז שוינ אלט זיבעציק יאָר. ווי קענט ער אופצוהייבנ אזא מאסע?

דערזענ א רעוואָלווער, האָט ער פונדעסטוועגנ די באלקנס אופגעהויבנ. איכ האָב ארופגעטאָנ אפ בײדע אקסלענ די באלקנס, זיי ארומגעקלאמערט מיט די הענט אונ געלאָזנ זיכ אינ ווײַטנ וועג ארײַנ. „מע זאָל מיר נאָר ניט באפעלנ לויפנ"!—האָב איכ א טראכט געטאָנ. אָבער ווי נאָר איכ בינ פארבײַגעגאנגענ די שטורמיסטנ, האָט מיכ ווידער א שמײַט געטאָנ די נאהײַקע, אונ ווידער: „לאופענ!"

איכ האָב געפילט, אז איכ וועל ניט אויסהאלטנ: עס ברעכנ זיכ די אקסלענ. פארוואָס לויפ איכ? פארוואָס גיב איכ נאָכ די שטורמיסטנ? אלציינס האָב איכ מער קיינ קויעכ ניט. נאָכ א רעגע, אונ דאָס הארצ פלאצט מיר. איכ האָב א שלײַדער געטאָנ די באלקנס אונ גענומענ לויפנ. ניט לויפנ, נאָר אנטלויפנ. די שטורמיסטנ זײַנענ געווענ פארנומענ מיט שטשיבוקנ. ער איז געלעגנ אפ דער ערד אונטער די באלקנס אונ קוימ געזשיפעט. לויפנדיק בינ איכ ארײַנגעפאלנ אינ א קאלכ-גרוב. שניירלעכ בלוט האָבנ זיכ געצויגנ פונ מײַנ לײַב אונ גערייטלט דעמ צעלאָזענעמ קאלכ. איכ בינ דאָרט געלעגנ ביז אָוונט אונ אנטלאָפנ אינ געטאָ.

* * *

די געשיכטע מיטנ שטעמפל „פאכ-ארבעטער" האָט זיכ נאָכ ניט געענדיקט, דעמ זעלבנ אָוונט האָט מענ ארײַנגעשיקט אינ געטאָ א מעלדונג: אלע, וואָס האָבנ דעמ שטעמפל „פאכ-ארבעטער", דארפנ אראָפגיינ אפנ הויפ. ווער עס האָט ניט דעמ שטעמפל, דארפ בלײַבנ אינ דער היימ.

די, וואָס זײַנענ אראָפ צו די טויערנ, זײַנענ צוריק שוינ ניט ארופ.

איכ בינ צומ טויער ניט געגאנגענ. מיר האָט געקלעקט אפ הײַנט דער שטעמפל אפ מײַנ פּאָנעמ.

# אינ דער צווייטער געטאָ

אז קײנ צוויי געטאָס וועלנ אינ ווילנע ניט זײַנ — דאָס האָט גע־פילט יעדערער. קײנער האָט אָבער אפ זיכער ניט געוווּסט, וועלכע געטאָ עס וועט איבערבלײַבנ — די ערשטע צי די צווייטע. עמעס, אינ דער ערשטער זײַנענ מער פאכ-ארבעטער, אינ דער צווייטער גיט מענ אָבער בעסער עסנ... מישפּאָכעס האָבנ זיכ בעקיוונ צעטײלט. א העלפט איז געווענ אינ דער ערשטער, די אנדערע העלפט אינ דער צוויי־טער. וועט מענ איינ געטאָ ליקווידירנ, זאָל כאָטש איבערבלײַבנ פונ דער מישפּאָכע א זייכער. דערווײַל דערוויס איכ זיכ, אז דער גאנ־צער הויפ, ווו עס האָט געווױנט מײַנ מאמע, איז אריבערגעוואָרפנ אינ דער צווייטער געטאָ. איכ האָב באשלאָסנ זיכ אהינ ארײַנצובא־קומענ אונ צוריקברענגענ די מאמע. עס איז געווענ ערעוו יאָמקיפּער 1941. איכ בינ ארויס מיט א קאָלאָנע צו דער ארבעט אינ שטאָט אונ זיכ צוריקגעקערט מיט אנ אנדער קאָלאָנע, וואָס איז געגאנגענ נעכטיקנ אינ דער צווייטער געטאָ.

מײַנ מאמע האָט זיכ געגרייט צומ יאָמטעוו. זי האָט געטראָגנ א טונקל קלייד, וואָס בינ איצט האָב איכ עס קײנמאָל ניט געזענ. פונעם טונ־קעלנ קלייד האָט זיכ אויסגעטײלט איר גרויער קאָפּ. אויכ אזא גרוי־קײַט האָב איכ קײנמאָל ניט באמערקט. די האָר האָבנ אזש געבלענדט, געלויכטנ ווי א קרוינ.

מײַנ מאמע האָט ניט געוואָלט זיכ קערנ צוריק. זי האָט שוינ קײנ קויעכ ניט. אונ אכוץ דעמ איז שוינ באלד יאָמטעוו. זי קלײַבט זיכ צו קאָלנידרע. מיר האָט זי געראטנ, איכ זאָל צוריקגיינ. דאָרט, מיינט זי, איז פאָרט זיכערער. דאָ זײַנענ דאָכ מערסטנטייל אלטע אונ קינדער. זי האָט אָנגעצונדנ ליכט, מיכ געבענטשט אונ איז אוועק צו קאָלנידרע.

* * *

איכ בינ אוועק איבער די געסלעכ. יידנ מיט קיטלענ אונטער די אָרעמס האָבנ געײַלט אינ די קלויזנ. אינ אלע פענצטערלעכ האָבנ געפלעמלט ליכט. דעריקער איז פול געווענ אפנ שולהויפ. מע האָט געײַלט אינ דעמ כסידישנ שטיבל, אינ דער גרויסער שול, אונ מערסטנטייל אינ גאָענס קלויז, ווי דאָרט וואָלט געווענ זיכערער, אז די טפילעס וועלנ פארנומענ ווערנ.

אפנ הויפ האָב איכ דערהערט א געזאַנג. עס האָבנ זיכ געטראָגנ יידישע ווערטער. איכ בינ נאָכגעגאנגענ די קלאַנגענ. זיי האָבנ מיכ ארופגעפירט אפ טרעפּ. אינ א לאַנגנ, שמאָלנ צימערל, אָנ פּענצטער, איז געזעסנ דער לערער יאַקאָוו גערשטיינ צווישנ א קרייַז מיט קינדער אונ געזונגענ מיט זיי פּערעצעס ליד: „האָפּ, ניט ווייַט איז שוינ דער פרילינג”. גערשטיינ האָט געענדיקט זינגענ אונ מיכ הארציק ארומגענומענ:

— איר זייַט דאָ?

— איכ בינ געקומענ הערנ אייַער כאָר, — האָב איכ געענטפערט.

ער האָט צונויפגענומענ די קינדער נעענטער, זיי צעשטעלט אינ אָרדענונג ווערליק די שטימענ, אונ איבערנ בוידעמ, איבער דער געטאָ, איבער דער גאָרער וועלט האָט זיכ צעקלונגענ:

אונ זאָל ווי ווייַט
נאָכ זייַנ די צייַט
פונ ליבע אונ פונ שאָלעמ, —
דאָכ קומענ וועט
צי פרי צי שפּעט
די צייַט — עס איז קיינ כאָלעמ.

* * *

ווי נאָר כ'האָב זיכ ארויסגעכאַפּט פונ דער צווייטער געטאָ, איז אהינ געקומענ שווייַנענבערג מיט דער היגער „יפּאַטינגא” אונ זיכ גענומענ צו דער ארבעט. דאָס מאָל האָט ער ווידער צוגעטראכט עפּעס א נייַס. ער האָט דורכגעפירט די שכיטע מיט א סיסטעמ: איינ הויפ האָט ער צוגענומענ, דעמ אנדערנ האָט ער געלאָזנ. נאָר עס איז געווענ פאר אימ ווייניק מענטשנ. ער איז געקומענ נאָכ א באַשטימטער צאָל קעפּ, ניט מער אונ ניט ווינציקער. איז ער אוועק אינ די קלויזנ אונ האָט אוועקגעפירט צומ טויט די יידנ אינ קיטלענ אונ טאַלייסימ.

ער האָט געבראכט מאנדאלינעס אונ באַלוילנ שפּילנ. אפנ וועג צו דער טורמע האָט מוישע פרומקינ, א באָכער פונ אכצנ יאָר, א געשריי געטאָנ: „לאָזט זיכ ניט פירנ! צעלויפט זיכ אינ די גאסנ!” אינ דער מאכנע איז געוואָרנ א מעהומע. פרויענ האָבנ זיכ אויסגעלייגט אפנ ברוק אונ זייַנענ ניט געגאנגענ ווייַטער. זקיינימ זייַנענ געבליבנ פארשטיינערט. יונגטלעכע זייַנענ זיכ צעלאָפנ. שווייַנענבערג האָט באַפוילנ שיסנ, צענדליקער זייַנענ געבליבנ טויטע, אונ די לע-

בעדיקע האָבן זיי געמוזט מיטראָגן. פונדעסטוועגן זײַנען היפּשע זיך צעלאָפן, צווישן אנדערע אויך דער באָכער פרומקין.

די ענדגילטיקע ליקווידאציע פון דער צווייטער געטאָ איז פאָר-געקומען דעם 28-טן נאָיאבער 1941.

ווען אין דער צווייטער געטאָ זײַנען שוין קיין ייִדן ניט גע-ווען, האָט זיך אין דער צײַטונג „גאָניעץ צאָדזעננ" באוויזן א נאָ-טיץ, אז די ייִדן פון דער צווייטער געטאָ זײַנען אויסגעשטאָרבן פון עפּידעמיעס און אז די געסלעך זײַנען פרײַ פאר באוועגונג.

## די נאכט
## פון געלע שײַנען

דעם 23-טן אָקטיאבער 1941 צוועלף באנאכט איז אין געטאָ א מעהומע. עס איז פון געסטאַפּאָ אָנגע-קומען א באפעל: אלע ייִדן, וואָס האָבן „געלע שײַ-נען", דארפן מאָרגן פרי צוזאמען מיט זייערע בּיש-פּאָכעס אוועקגיין צו דער ארבעט.


ווילנער שול-הויף. דאָס אלץ איז געבליבן פון דעם גאָענס קלויז.

אין דער ערשטער גע-טאָ האָבן נאָך דעמלט גע-לעבט בא 23 טויזנט ייִדן. געלע שײַנען האָבן געהאט בלויז 3 טויזנט. צוזאמען מיט די מישפּאָכעס — ארום נײַן טויזנט. איז וואָס וועט זײַן מיט די איבעריקע? די געננג אויסגעפּרוווטע האָבן פארשטאנען: אַפ די אי-בערבלײַבנדיקע אין געטאָ וועט זיך אָנהייבן א שכיטע. ווער עס האָט נאָר געהאט א מאלינע, איז געלאָפן זיך באגראָבן. עס האָבן זיך מאלינעוועט אויך א סאך מיט שײַנען.

אין א שאָ אָרום נאָכן באַפעל, פונקט איינס אַזייגער באַנאַכט, איז געקומען מורער און אַרומגערינגלט די געטאָ מיט קוילנוואַרפער. די מיט די געלע שײַנען האָבן זיך צוגעגרייט פעקעלעך און גע־וואַרט, עס זאָל ווערן טאָג.

איך האָב קיין געלן שײַן ניט געהאַט. באַ מײַן פרוי איז אַזאַ שײַן געווען. איך בין אַנטלאָפן צו מײַן מאַמען. זי האָט זיך גע־ראַטעוועט פון דער צווייטער געטאָ, און זי איז אין אַ כורווע אָפּ סטראַשון־גאַס. איר פאַרפײַניקט פּאָנעם האָט דערוועקט אין מיר אַ קויעך, נײַ בלוט אַרײַנגעגאָסן אין האַרץ. איך האָב זי באַהאַלטן אין אַ קעלער, דעם אַרײַנגאַנג צוגעדעקט מיט שטיינער, עס זאָל ניט זײַן קענטיק, און אַליין מיט אַ האַק אַוועקגעלאָפן צום טויער. איך האָב באַשלאָסן זיך דורכרײַסן דורך רודניצקער גאַס. באַם טויער האָב איך שוין געטראָפן אַ האַכוריע. יעדער איינער האָט זיך געוואָלט דורכרײַסן, אַנטרונען ווערן, כאָטש אין טאָט איז געטאָ קיין באַהעלטעניש.

מיט דער האַק אונטערן מאַנטל האָב איך זיך דורכגעריסן צום טויער. איך האָב אַרויסגעצויגן די האַק און גענומען זעצן אין די



די סאָרטירונג באַ דעם טויער פון געטאָ בײַם דער שכיטע פון די „געלע שײַנען".

ברעטער. דער פּאָליציאַנט אַף דער אַנדערער זײַט האָט דערהערט די קלעפּ, האָט ער אַן עפֿן געטאָן דעם טויער. אין דעם מאָמענט האָט זיך מיר און נאָך עטלעכע מענטשן פֿון עם האַמויז אײַנגעגעבן זיך דורכצורײַסן.

עס איז געווען איינס באַנאַכט. גיין טאָר מען ניט. ווו איך וועל זיך נאָר קערן, וועלן מיך פֿאַרהאַלטן פּאַטרולן. דער איינציקער אויס־וועג — זיך אַרײַנכאַפּן אין דערבײַיִקן קלויסטער. די קלויסטער־טיר איז געווען אָפֿן. איך בין אַרײַן און האָב זי צוגעמאַכט. איך האָב זיך אַרופֿגעדרייט אַף די טרעפּ און צוגעקומען צו די גלעקער. אַרום דער געטאָ זײַנען געשטאַנען קוילנוואַרפֿער. ייִדן זײַנען אַרומגעלאָפֿן אין געטאָ און געזוכט אַ באַהעלטעניש.

## דורך דער נאַכטיקער ווילנע

ווי לאַנג וועל איך זיך באַהאַלטן אין קלויסטער? אינדערפֿרי וועט מען קומען זיך מאָדליען און מע וועט מיך געפֿינען. איך האָב באַשלאָסן זיך לאָזן הינטער דער שטאָט אַף זווערינעץ. איך האָב אויסגעטאָן די שיך, די האַק אַרײַנגערוקט אין גאַרטל און אַף די שפּיץ פֿינגער זיך אַרויסגעשאַרט פֿאַזע דער וואַנט.

אַפֿן ראָג זאַוואַלנע האָב איך געטראָפֿן אַ ייִדן, אײַנגעוואַקסן אין אַ נישע פֿון אַ טויער. זײַן געטאָ-פֿענצטער גייט אַרויס אין שטאָט, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן אַף אַ שטריק. איצט ליגט ער דאָ מיט אַ צעקלאַפּטן פֿוס. ער האָט כאַראָטע אַף זײַן טוונג. איך העלף אים זיך אופֿשטעלן, נעם אים אונטערן אָרעם און פֿרעג, צי ער האָט ער־געץ אין שטאָט באַקענטע. ניין, ער האָט קיינעם ניט. ער איז אַ וואַרשעווער פּאָליט. איך לייג אים פֿאָר מיטצוגיין און זאָג אים די ריכטונג. דער פּאָליט איז מאַסקים. זײַן נאָמען איז ראָזנבוים. ער איז אַ וואַרשעווער אַדוואָקאַט. איך הייס אים אויסטאָן די שיך, זיי זאָלן ניט קלאַפּן אין ברוק. ער הייבט אָן זיך קווענקלען: אים וועט זײַן קאַלט. איך באַפֿעל אים פּאָשעט. ער פֿאָלגט און טוט אויס.

לעבן דער קאָרשול אַף זאַוואַלנע באַגעגנט אונדז דער אומגליק. עס לויפֿן אָן צוויי פּאָליצײַען און פֿאַרשטעלן אונדז מיט ביקסן דעם וועג. קיין ברירה איז ניטאָ — איך דערצייל זיי דעם עמעס: מיר זײַ־נען אַנטלאָפֿן פֿון געטאָ. איך נעם אַרויס אַ פּאָר כאָלעוועס, וואָס איך האָב מיטגענומען פֿון געטאָ, און רוק זיי דעם עלטערן אַרײַן אין האַנט. די מאַטאָנע איז אים קענטיק געווען צום האַרצן. ער ראַט

אונדז צו גיין אפ נאָוויגאָראָד: דאָרט וועלן מיר ניט טרעפן קיין פאטרולן. אין דער צייַט האָט ראָזנבוים זיך געשושקעט מיט א צווייטן פאָליציאנט. דער אדוואָקאט האָט זיך פאראקשנט און ניט געוואָלט אָפּגעבן זייַן זייגער. דער זשאנדאר האָט אים געוואָרנט, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. איך האָב געמוזט באַרויִקן דעם אנדערן מיט מייַנע דרייַ הונדערט רובל.

דורך נאָוויגאָראָד האָבן מיר זיך פארקערעוועט אפ וויוואָלסקע. דורך וויוואָלסקע אפ קליין פּאָהולאנקע. אפ אָרט פּאָהולאנקע איז אָנ־געקומען א פאטרול. מיר האָבן זיך באהאלטן הינטער ביימער, און ער האָט אונדז ניט באמערקט.

באם צוקומען צום טויער, וואָס פירט אריַין אין זאקרעטער וואלד, איז א וואכמאן געזעסן און פארשטעלט דעם אריַינגאנג. דער אדוואָקאט וויל, מיר זאָלן גיין צוריק, ווייַל דער וואכמאן וועט אונדז באלד כאפן און איבערגעבן אין געסטאפאָ. איך האָב ארויסגעצויגן די האק, זי געהאלטן אפ הינטער און מיט גיכע טריט זיך א לאָז געטאָן צום טויער. מיר זייַנען פארבייַגעגאנגען דעם וואכמאן און אריַינגעשלייַכט אין וואלד. וויאזוי דער וועכטער האָט ניט דערהערט, פארשטיי איך ניט ביז הייַנט צו טאָג. ער איז געווען אפאָנעם טויט אָדער טויט-שיקער.

ווי נאָר מיר זייַנען אריַין צווישן די ביימער, זייַנען אונדז בא-פאלן הינט מיט אזא געוואוי, מיט אזא בילעניש, אז מייסים וואָלטן זיך געדארפט אופכאפן פון די קוואָרים. נאָר דער וואכמאן האָט זיך ניט אופגעכאפט. עפשער א וויאָרסט נאָכאנאנד האָבן אונדז נאָכגע-יאָגט די הינט. ווי נאָר זיי האָבן זיך איַינגעשטילט, האָט דער אד-וואָקאט ראָזנבוים א פאל געטאָן אפ דער ערד: ער האָט מער קיין קויעך ניט; זייַן הארץ האָבן צעריסן די הינט; דאָ וועט ער זיך אויס-גראָבן א קייווער און אריַינקריכן. פון מיר פארלאנגט ער בלויז איין זאך: איך זאָל אים גוט פארשיטן. שפעטער א ביסל באטראכט ער זיך:

— נו גוט, זייַנען מיר אדורך בעשאָלעם, אָבער וואָס וועט זייַן ווייַטער? ווו וועלן מיר זיך אהינטאָן, ווען עס וועט אופגיין די זון?

— לאָמיר אָקאָרשט אריבערגיין די סטראטעגישע בריק, — דינג איך זיך מיטן ווארשעווער, — און נאָכדעם וועלן מיר זען. עפשער וועט געשען א נעס.

אין זאקרעטער וואלד האָב איך פארבראכט מייַן יוגנט. מייַ ערשטע לידער האָב איך געשריבן אין שאָטן פון זייַנע ביימער. ג

איצט איז ער געענדערט, ניט צום דערקענען. איך דריי זיך שוין א שאָ בא די ברעגן פון דער ווילִיע. איך קען בעיין-אויפן ניט געפי־נען די בריק. צום טײַוול! ווו איז זי אהינגעקומען?

דעם אדוואָקאט האָב איך געהייסן צוּוואַרטן, ניט אָפּטרעטן פון אָרט, און איך בין אוועק מיט דער ווילִיע אופזוכן די בריק. די נאכט איז געוואָרן טינקעלער. עס האָט גענאָגט אן עסיק רעגנדל. איך האָב געבענשטערט אומעטום, נאָר די בריק פאָרט ניט געקאָנט געפינען.

מיטאמאָל האָט א שטראל פײַער א שניט געגעבן איבער מײַן קאָפּ. און ווו איך האָב זיך געדרייט, זײַנען מיר נאָכגעשפּרונגען פאסן בלענדיקע שײַן. בייס-מײַסע האָב איך גאָרניש פארשטאנען. געפילט בלויז, אז איך בין געפאנגען פון א פײַערדיקער כײַע. ביי־מער ווערן שאָטנס, שאָטנס ווערן ביימער, און ניט אנדערש — די כײַע וויל מיך פארצוקן. איך האָב א שפּרונג געטאָן פון דעם טײַך־ברעג און זיך אראָפּגעקײַקלט צו דער ווילִיע, צו דעם שטראָמענדיקן וואסער. דאָס וואסער האָט מיך דערפרישט, אָפּגעקילט דאָס הארצ. ערשט איצט האָב איך באמערקט, אז דאָס פײַער איז פון א פּראָזשעקטאָר. דאָס בין איך ארײַנגעפאלן אין א נעצ פון לופט-שוצ. איך בין אפ אלע פיר דערקראָכן צו דעם שלאָפנדיקן אדוואָקאט. זיך אוועקגעזעצט לעבן אים אָפּרוען. ווען עס האָט געגומען טאָגן, האָב איך דערזען די בריק. צוויי שאָ האָב איך זי געזוכט. ארויסגעוויזן האָט זיך, מע דארף זי גאָר ניט זוכן: מיר ליגן ניט ווײַט פון איר.

## יאנאָווא בארטאָשעוויטש

אריבער די סטראטעגישע בריק, שוין אפ זווערינ־יעצ, האָט זיך דאָס יִידל פאר מיר מוידע געווען, אז דאָ אין דער געגנט וווינט זײַ־נער א באקאנטער, א קלִיענט, וועלכן ער האָט אמאָל פאוטיידיקט. ער גייט אהין, און ער וועט זיך שוין דאָרטן באהאלטן. נאָר מיט־נעמען א צווייטן, ס'הייסט מיך, — קען ער ניט, ווײַל מע וועט ארויס־ווארפן ביידן. קיין גרויסע איבערראשונג איז עס פאר מיר ניט גע־ווען. איך בין אוועק, וווהין די אויגן טראָגן.

איך בין אָנגעקומען אפ העלענע-גאס 21, צו דער מישפּאָכע בארטאָשעוויטש. א באָרוועסע אלטיטשקע האָט מיר געעפנט די טיר. מײַן צונג איז געווען געליימט. ניט געקענט אפילע זאָגן קיין „גוט־מאָרגן”. איך האָב זיך געזעצט אפ א באנק און געשוויגן. בלויז די האק האָב איך ארויסגעצויגן און זי אוועקגעלייגט אפן טיש,

די אלטיטשקע האָט פאַרשלאָסן די טיר, אַראָפּגעלאָזן אַפן שפּײַבל דאָס פאָרהענגל. איך בין אַ ביסל געקומען צו זיך און האָב איר אָנגעהויבן צו דערציילן, ווער איך בין, פונוואַנען איך בין אַנטרונען. אירע אַלטע אויגן זײַנען פאַרלאָפן מיט טרערן.

— באַרויִק זיך, ליבער. דו וועסט זײַן בא מיר. איך וועל דיך אויסבאַהאַלטן ביז איבער דער מילכאָמע. אין קעלער וועל איך דיר צוגרייטן אַ בעט, דאָרטן וועסטו בא מיר וווינען.

דערווײַל האָט זי מיך אַרופגעפירט אַפן בוידעם, מעכאַבעד געווען מיט הייסער מילך, צוגעדעקט מיט דרײַ פעלצן און געהייסן זיך אויסרוען.

ווען איך האָב זיך אופגעכאַפּט, איז שוין געווען אָוונט. די אַלטיטשקע איז אַרוף אַפן בוידעם, זיך אוועקגעזעצט לעבן מיר, און מיר האָבן לאַנג גערעדט. איך האָב איר דערציילט אַלצדינג, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. דערציילט, אַז מײַן מאַמע איז אין געטאָ, אַז מײַן פרוי איז אויך דאָרטן און אַז איך ווייס ניט, וואָס מיט זיי איז געשען.

— זײַ געדולדיק, — האָט מיך געטרייסט די אַלטינקע. — מירן באַמיִען זיך צו דערוויסן, און איצט קום מיט מיר. איך האָב אַרײַנגעטראָגן אין קעלער שטרוי, געמאַכט דיר אַ געלעגער; איך האָב אַרײַנגעשטעלט אַ קליין שפּײַבעלע, זאָלסט באַטאָג האָבן אַ ביסעלע ליכט.

מיר זײַנען אַראָפּ אונטן. דער אַרײַנגאַנג אין קעלער איז געווען אין דרויסן. די אַלטע איז צוערשט אַרויס אַפן הויף, אַ קוק געטאָן, צי קיינער גייט ניט, און מיך אַפּ שטומלאָשן אַרויסגערופן. אין קעלער איז געווען וואַרעם, מיט דעם רייעך פון קאַרטאָפל האָב איך אײַנגעאָטעמט היימישקײַט. איך בין אַרײַנגעקראָכן אין דעם שטרויענעם געלעגער, און לאַנג, ביז טיף אין דער נאַכט אַרײַן, גערעדט מיט דער פינצטערניש.

* * *

אינדערפרי איז אַרײַנגעקומען יאַנאָווא, אַזוי האָט געהייסן די גוטע פרוי. מײַן באַשיצערין האָט געבראַכט מיר עסן און אַ בוך צום לייענען. זי האָט מיר אויך אָפּגעגעבן אַ גרוס פון איר מאַן. ער איז אַ גאַסנקערער, דינט אין דער שטאָטישער עלעקטרע־סטאַנציע. נעכטן באַנאַכט, ווען ער איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט אים יאַנאָווא וועגן מיר דערציילט. דער אַלטער האָט זיך זייער איבערגענומען מיט זײַן פרויס גוטסקײַט און האָט געזאָגט: „עס איז גוט אַזוי, מע דאַרף

א מענטשן ראַטעווען". אויך זייער זון קאַזימיעזש ווייסט שוין, אַז איך באַהאַלט זיך אויס בײַ זיי אין קעלער. זי האָט אים אָנגעשיקט צו זען, וואָס עס טוט זיך בײַ דער געטאָ.

ווען דער זון איז צוריקגעקומען, האָט זי מיר דערציילט: די געטאָ איז אַרומגערינגלט מיט קוילנוואַרפער. אומעטום הערט זיך אַ שיסערײַ. נאָענט צו דער געטאָ לאָזט מען קיינעם ניט צו. פון אַ באַגעגנטער קאָלעגע אַרבעטער האָט זיך קאַזימיעזש דערוווּסט, אַז אַלע די, וואָס האָבן געלט שײַנען, זײַנען אינדערפֿרי צוזאַמען מיט זייערע מישפּחות אַוועק צו דער אַרבעט. ווער אָבער עס האָט ניט געהאַט קיין געלט שײַן, איז פֿאַרבליבן אין געטאָ, ווּהין עס האָבן זיך פֿאַר־טאָג אַרײַנגעריסן דײַטשישע סאָלדאַטן. אין אָוונט איז ער נאָכאַמאָל אַוועק צו דער געטאָ. ער האָט געזען, ווי פֿון טויער זײַנען אַרויס־געפֿאָרן אויטאָס, פֿון די אויטאָס האָבן זיך געטראָגן געשרייען.

* * *

אין קעלער האָב איך ניט געקאָנט אײַנליגן. מיך האָט געהויבן פֿון אָרט. וויאַזוי באַהאַלט איך זיך דאָ, ווען איך ווייס ניט דעם גורל פֿון מײַנע נאָענטסטע?

איך האָב אויסגעגאָסן מײַן ביטער האַרץ פֿאַר מײַן רעטערן. איך האָב איר דערציילט, ווו מײַן שוועסטער אַרבעט. אין געריכט אויפֿן הויף. ער טראָגט דאָרט שטיינער און ציגל אויף אויסצובויען אַ גאַראַזש. אויפֿן זעלבן הויף, לאָזט זיך אויס, קומט צו פֿאָרן איר שוועסטער פֿון דאָרף. זי האָט אַ דערלויבעניש אַהין אַרײַנצופֿאָרן און ברענגען קאַר־טאָפֿל. מאָרגן, פֿרײַטיק, דאַרף קומען איר שוועסטער. וועט יאַנאָווא נעמען איר דערלויבעניש און וועט אַליין אַרײַנפֿאָרן אין הויף. זי וועט זיך שוין זען מיט מײַן שוועסטער.

אויף מאָרגן איז טאַקע איר שוועסטער געקומען. יאַנאָווא האָט זיך אָנגעטאָן ווי אַ פּויערטע, גענומען בײַ דער שוועסטער די דערלויבע־ניש, מיטגענומען אַחוץ די קאַרטאָפֿל אַ גרויסן לאַבן ברויט און איז אַוועקגעפֿאָרן צום הויף פֿונעם געריכט, וווּ איצט האָט זיך געפֿונען די געסטאַפּאָ. אין אַ פּאָר שעה אַרום איז זי געקומען צוריק אַ גליק־לעכע. זי האָט אויפֿגעזוכט מײַן שוועסטער. אים איבערגעגעבן פֿון מיר אַ גרוס, דעם לאַבן ברויט און זיך פֿון אים דערוווּסט, אַז מײַן פֿרוי לעבט, אַז שוין צוויי טעג, ווי נאָך דער אַרבעט לאָזט מען ניט גיין צוריק אין געטאָ. מע פֿירט זיי אַלעמען נעכטיקן אין דער לוקישקער טורמע.

יאַנאָווא האָט ניט גערוט. מײַנע לײַדן זײַנען געוואָרן אירע. זי

איז געווען מיר איבערגעגעבן ווי אן אייגענע מאמע. אינדערפרי פלעגט זי אוועקשפאנען אין שטאט און דערוויסן זיך, ווי עס האלט אין געטא. צוליב מיר האט זי ארויסגעטריבן פון שטוב איר בלינדס א קרוויווע. יענע האט א לאנגע צונג און קען ארויספלאפלען.

איינמאל האט מיר יאנאווא געבראכט א ציילעמל, עס זאל מיך אויסהיטן פון סאקאנע. „שאטן קען עס ניט,“ — האט זי ליבלעך גערעדט צו מיר, — „איז טו עס אן, זון מיינער...“

דורך יאנאווען האב איך באקומען א צעטעלע פון מיין פרוי. אין דעם צעטעלע שרייבט זי מיר, אז מיין מאמעס באהעלטעניש האט אויסגעהאלטן. די דייטשישע שפירהינט האבן ניט געפונען דעם ארייננגאנג. אין געטא איז הונגער. עס פעלן דארט טויזנטער מענטשן. עס גרייט זיך ווידער א שכיטע. די „גליקלעכע“, וואס פארמאגן געלע שיינען, דארפן זיך ארייבערקלייבן אין דער צווייטער געטא, וואס איז שוין קימאט פוסט.

איך האב איבערגעלייענט יאנאווען דעם בריוו. און ווי צוויי סטראטעגן האבן מיר באטראכט די סיטואציע. „קוידעם, זאגט זי, דארף מען זען, אז דיינע נאענטסטע זאלן ניט ליידן קיין הונגער. נאכדעם וועלן מיר א טראכט טאן ווייטער“. זי איז אוועק אין שטאט. אפגעהיט די צייט, ווען מיין שוועער מיט דער קאלאנע ארבעטנדיקע קערט זיך אום אין געטא, און האט מיט אים אפגערעדט, אז ביים אזייגער אוונט זאל מיין פרוי זי שטענדיק אפווארטן אין געטא בא א באשטימטן טויער. זי, יאנאווא, וועט קומען פון דער צווייטער זייט און דורכשטופן אונטערן טויער א לאבן ברויט.

פונקט ביים אזייגער אין אוונט פלעגט יאנאווא שוין זיין בא דעם באשטימטן טויער, זעקס קילאמעטער פון איר היים, און אונטערשפארן ברויט פאר מיין הונגעריקער מישפאכע.

איינמאל האט זי א פאליציאנט געכאפט באם אונטערשפארן דאס ברויט. ער האט געסטראשעט, אז אויב זי וועט נאכאמאל אזוינס טאן, וועט זי פארפוילט ווערן אין דער לוקישקער טורמע. אפ מארגן איז זי אוועק ווידער, אונטערגעשטופט ברויט און געבראכט מיר בריוולעך. זי האט ניט גערוט. געזוכט מיטלען, וויאזוי צו ראטעווען מיין מישפאכע. זי האט אפגערעדט מיט איר שוועסטער, אז איך צוזאמען מיט מיין פרוי וועלן אריבער צו איר אין דארף. אויך מיין מאמע וועט זי ארויסנעמען פון געטא. זי האט שוין גערעדט וועגן דעם מיט איר אלטן. זי וועט זי נעמען אפן ארט פון דער ארויסגעווארפענער קרוויווע. יענע איז דא פארמאלדן, וועט ניט זיין פארדעכטיק.

* * *

עס האָט אָנגעהויבן ווערן קאַלט. דער פראָסט האָט אײַנגעפּרירט מײַן שײַבל. יאַנאָווא האָט אַרײַנגעטראָגן א לעמפּעלע, מיר זאָל זײַן ליכטיק. געבראַכט מיר פּאַפּיר, איך זאָל קאָנען שרײַבן.

איינמאָל, עס איז געווען ערעוו נײַ־יאָר, איז יאַנאָוועס מאַן אַראָפּ־געקומען אין קעלער און מיך געבעטן, איך זאָל, ניט אַנדערש, אַרויפגיין אויבן. ער האָט צוגעגרייט בראַנפן, א גוטע סודע, נאָר אז איך ליג אין קעלער, קען ער זיך ניט צורירן צום עסן. קיין כיישעק האָב איך ניט געהאַט, נאָר עס האָט גאָרניט געהאָלפן. איך האָב זיך געמוזט אופהייבן און בײַזײַן די סודע.

בא דעם געדעקטן טיש איז געזעסן א גאַסט. דעם אַלטנס א קאָרעווו, ער איז געקומען צו פאָרן אפ יאָמטעוו אַזש פון ווײַדוקלע, א קליין שטעטעלע אין דער ליטע. אפ מײַן פראַגע, וואָס הערט זיך אין שטעטל, האָט מיר דער פויער דערציילט:

— אין דעם שטעטעלע האָבן געוווינט צוויי הונדערט ייִדן. לאַנגע יאָרן האָבן זיי געלעבט מיט די ליטווינער ווי ברידער. די דײַטשן האָבן אופגעקליבן די צוויי הונדערט ייִדן און זיי פאַרשפּאַרט אין דער סינאַגאָגע. יאַנאַס, דער גאַלעך פון שטעטל, האָט באַשלאָסן צו ראַטעווען די קינדער פון די אומגליקלעכע. ער האָט דרײַסיק קינדער אַרויסגעגאַנוועט פון דער שול און זיי באַהאַלטן אין קלויסטער. אפ מאָרגן איז געקומען דיטריך, דער שטעטלשער קאָמיסאַר, און מיט א בינטל שטרוי אונטערגעצונדן די שול. דעם געיאָמער פון די ברע־נענדיקע איז גאָר ניט מעגלעך צו דערציילן. צוויי פויערים זײַנען, צוזעענדיק די גרוילן, מעשוגע געוואָרן. א דריטער האָט צו די דײַטשן אויסגעשריִען: „איר זײַט מערדער, ניט קיין מענטשן!“ די דײַטשן האָבן אים גלײַך דערשאָסן און אַרײַנגעוואָרפן אין פײַער.

ווען די גופים האָבן נאָך געטליִעט אין אַש, האָט זיך דיטריך דורך א מאָסער דערוווּסט, אַז דער גאַלעך האָט אויסבאַהאַלטן דרײַ־סיק קינדער. צוזאַמען מיט פּאָליציי איז ער אַוועקגעלאָפן צום קלויס־טער. דער גאַלעך האָט זיך געשטעלט אין טיר און ניט צוגעלאָזן די מערדער. „אויב איר גייט אומברענגען די קינדער, — האָט ער געזאָגט, — וויל איך אומקומען מיט זיי צוזאַמען“. א שאָס אין קאָפּ האָט אים אַוועקגעלייגט בא דער שוועל. די פּאָליציי האָט זיך א וואָרף געטאָן אפ די קינדער, א כאַפּ געטאָן די אומגליקלעכע און דרײַסיק קעפּ־לעך צעשמעטערט אָן די ווענט.

* * *

די אַלטינקע יאַנאָווואַ האָט ניט אויפֿגעהערט צו העלפֿן מײַן מישפּאָכע. אַכוץ ברויט פֿלעגט זי אונטערטראָגן טויער איך אונטערשפּאַרן פֿלייש און קאַרטאָפֿל. אַ סאַך מאָל האָב איך זיך געמוזט מיט דער אַלטינקער דינגען. איך האָב זיך ניט געקענט פֿאַרגינען אָנצונעמען אירע געשמאַקע עסנס. איך האָב געוווּסט, אַז זי איז אַן אָרעמע און זי גיט מיר אָפּ דעם ביסן פֿון איר מויל.

איינמאָל האָט מיר יאַנאָווואַ דערציילט: אויפֿן קאַטעדראַל-פּלאַץ האָט זי געזען אַ טליע. דרײַ דײַטשן האָבן געבראַכט אַהער אַן עלטערן מענטשן און האָבן אים עפֿנטלעך אויפֿגעהאַנגען. אויף זײַן ברוסט איז געווען צוגעניײט אַ ווײַס שטיקל לײַוונט מיט שוואַרצע אותיות: „פֿאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייִדן". „נאָר מיך, — זאָגט די אַלטיטשקע, — וועלן זיי ניט איבערשרעקן. איך האָב זיי אין דער ערד מיט זייערע געזעצן אײַנאײַנעם! אויף צולאָכעס די דײַטשן וועל איך דיך דאַפֿקע אויסבאַהאַלטן".

איך בין געוואָרן קראַנק. האָט יאַנאָווואַ מיך אַרויפֿגעפֿירט אויבן, אין אַ זײַטיק צימערל, אַרײַנגעלייגט אין בעט און גערופֿן צו מיר אַ דאָקטער. דערבײַ האָט זי אויסגעמאַקירט אַזוי, אַז דער דאָקטער איז געקומען, ווען עס איז שוין געוואָרן טונקל. דעם דאָקטער האָט זי דערציילט, אַז איך בין איר זון, וואָס איז אָקאָרשט אַנטלאָפֿן פֿון דער קאַטאָרגע אין דײַטשלאַנד. דער דאָקטער האָט מיך גוט אַרומגעזען, מיך אויסגעפֿרעגט וועגן דער שטימונג אין בערלין און איז געווען צופֿרידן, וואָס מע גלייבט ניט היטלערן. ער האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז בײַ מיר זײַנען אָנגעריירט די לונגען, און האָט מיר פֿאַרשריבן אַ רעצעפּט.

דעם דאָקטערס רעצעפּט האָט מיר געהאָלפֿן. איך האָב זיך דערפֿילט בעסער. די אַלטינקע האָט זיך מיט מיר געשאַמפּערט. זי האָט ניט געוואָלט, איך זאָל ווידער גיין אין קעלער. זי האָט אָפּגעטיילט דאָס צימערל מיט אַ פֿאָרהאַנג און קיינעם צו מיר ניט אַרײַנגעלאָזן. פֿונדעסטוועגן בין איך אַראָפּ אונטן. איך האָב מוירע. געהאַט פֿאַר אַ מעסירע. איך האָב גוט געוווּסט, אַז אויב מע וועט מיך מאַסערן און געפֿינען, וועט אויך מײַן רעטערין באַצאָלן מיטן לעבן.

מער אין קעלער האָב איך ניט געקאָנט אײַנליגן. דער געיאָמער פֿון געטאָ האָט מיך געוואָרגן ווי אַ שלייף. דער געדאַנק, אַז איך האָב איבערגעלאָזט אויף הֶפֿקער מײַן מאַמע, האָט מיך זייער געדריקט. יאַנאָווואַ האָט ניט געוואָלט מיך אָפּלאָזן.

— זײַ דאָ, — האָט זי מיך אײַנגערעדט, — איך וועל ברענגען דײַן מאמע אהער.

האָט זיך גראָד געמאכט אזוי, אז א שאָכן פון הויף האָט מיך באמערקט. בין איך באנאכט פון דער באהעלטעניש אנטלאָפן און בין געקומען צוריק אין די פארבלוטיקטע געסלעך.

## צוריק אין געטאָ

די געטאָ האָב איך ניט דערקענט. איך האָב זיך אָפגעוווינט פון די באוועגונגען, פון דעם גאנצן שטייגער. אלע האָבן מיר אויסגעזען אומנאָרמאל. עפעס אנדערע מענטשן. איך האָב נאָכגעקוקט זייער געײַל, די צוקנדיקע זשעסטן, די פיל גרויהאָריקע מיט יונגע פּנעמער. איך האָב זיך אײַנגעהאָרכט אין זייער שפּראך — אין דער שפּראך פון א לעבן, וואָס וויל זיך ניט אונטערגעבן דעם טויט.

איך טרעף באקאנטע. איך בין פאר אלעמען א גרויסע איבעראשונג. מע איז געווען זיכער, אז איך ליג שוין אפ פּאָנאר. אפ וועמען איך פרעג זיך נאָך — איז קימאט קיינער ניטאָ. לייב שריפטזעצער האָט שוין מער ניט געקענט אויסהאלטן די מאלינעס — איז ער אליין ארויסגעקראָכן און זיך אָנגעשלאָסן אָן דער טויטן-ריי. דעם רעדאקטאָר א. י. גראָדזענסקי האָט מען נאָך פריער אומגעבראכט. פּרילוצקיס פרוי פאולע ר. האָט מען געזען ארײַנוואַרפן אין אוטאָ. און די אקטריסע וויטאלינא איז דערשאָסן געוואָרן אין דער צווייטער געטאָ. מע דערציילט וועגן גליקלעכע, וואָס זײַנען געשטאָרבן אפן בעט. די לערערן מאלקע כאַימסאָן איז געלעגן אין געטאָ-שפּיטאָל מיט א שווערער קראנקייט. זי האָט ניט צוגעלאָזן קיין דאָקטוירים און ניט גענומען קיין רעפואס. זי האָט געוואָלט שטארבן און דערגרייכט איר ציל.

פון די דרײַ און צוואנציק טויזנט נעפאשעס, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן אין דער ערשטער געטאָ, האָב איך געפונען א העלפט. אפ די פינגער קאָן מען אָנציילן גאנצע מישפּאָכעס. בא יעדערן פעלט עמעצער: דאָ א מאמע, דאָ א קינד, נאָר מע לעבט ווײַטער, מע לעבט און מע האָפט.

וועגן דער נאכט פון די געלע שײַנען דערציילט מען אויסטערלישע זאכן. ייִדן האָבן זיך געראנגלט, ניט געוואָלט גיין. די פרוי גאלפערן פון סאדאָווע 9 האָט מען געכאַפּט אין א מאלינע. בא איר ברוסט האָט זיך געטוליעט איר קינד. דערזען די דײַטשן, איז זי געוואָרן מעשוגע. זי האָט א כאַפּ געטאָן איר קינד און עס א וואָרפ

געטאָנ אינ די מערדער. טעווקע פּעווצ, פונ דער ווילנער אונטערוועלט, האָט איבערגעביסנ א דײַטש דעם גאָרגל. נאָכדעם האָט ער זיכ איבערגעטאָנ אינ דעמס קליידער אונ ארויסמארשירט פונ געטאָ.

* * *

לויפנדיק איבער דער געטאָ מיט שפּירהינט, האָבנ כאפּונעס אנטדעקט א מאלינע. מיט העק האָבנ זיי אופגעריסנ די ברעטער אונ זיכ ארײַנגעריסנ אינעווייניק. אפ א שעניק איז דאָרט געלעגנ א קרעכצנדיקע פרוי, אונ איר ערשט-געבאָרנ קינד איז נאָכ ניט געווענ אָפּגעריסנ פונ איר נאָפּל. די פרוי האָט זיכ געבעטנ ראכמים:

— רירט מיכ ניט, לאָזט מיכ געבוירנ, איר זײַט דאָכ מענטשנ, איר האָט דאָכ אויכ קינדער.

עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפנ. דאָס קינד האָט מענ א ריס געטאָנ פונ דער מאמעס נאָפּל, ביידנ ארופגעוואָרפנ אפ אנ אווטאָ אונ אוועקגעפירט קיינ פּאָנאר.

* * *

כינעלע קאצ, א שילערנ, האָט מיר דערציילט: „אינ דער נאכט פונ די געלע שײַנענ האָבנ כאפּונעס זיכ ארײַנגעריסנ אינ אונדזער שטוב אונ געהייסנ מיטגיינ. מײַנ גאנצע מישפּאָכע, טאטע-מאמע, שוועסטער אונ קינדער, האָט מענ צוזאמענ מיט אונדזער הויפ פארטריבנ אינ דער לוקישקער טורמע. דאָרט האָט מענ אונדז אויסגעטאָנ ביז די וועש. די קליידער האָט מענ בא אונדז גלײַכ צוגענומענ אונ מיט אײַזערנע שטעקנס געשלאָגנ איבער דער פּלייצע. אווי זײַנענ מיר געלעגנ ביז פארטאָג. דעמלט איז ארײַנגעקומענ ווײַס אונ געהייסנ זיכ אָנטאָנ. ווענ מע האָט אימ געזאָגט, אז די וועכטער האָבנ צוגענומענ די קליידער, האָט ער אָנגעהויבנ שטארק צו ריטשענ:

— ווער האָט זיכ דערוועגט עס צו טאָנ! וויאזוי וועט איר איצט אָנקומענ צו דער ארבעט! איכ וועל אײַכ איצט מוזנ אָפּפירנ אינ מאשינעס!

די קינדער האָט מענ אָפּגעטיילט באזונדער. די מענער אויכ. נאקעטע האָט מענ אונדז געלאָדנ אינ א לאסט-מאשינ אונ אוועקגעפירט. איידער די מאשינ איז אָפּגעפאָרנ, איז ווײַס ארײַנגעשפּרונגענ אינ מאשינ אונ געהאלטנ פאר אונדז א רעדע:

— איר זאָלט וויסנ זײַנ: איכ בינ אײַער טאטע. איכ פיר אײַכ איצט אינ א פאבריק צו דער ארבעט. אינ וואָס אָט די ארבעט וועט באשטיינ, וועט איר זיכ באלד איבערצײַגנ.

ער האָט ארויסגענומען א שאכטעלע צוקערקעס און איטלעכן גע־טיילט. א סאך האָבן געגלייבט זײַן פארזיכערונג. מע האָט אופגע־הערט ווײנען און געכאַלעמט וועגן דער נײַער ארבעט. אנדערע האָבן שוין אפילע זיך צעשמייכלט. איך האָב ניט געגלייבט אף קיין האָר. איך האָב געוווּסט, אז מײַן וועג איז שוין דער לעצטער. איך מוז זיך אָבער מוידע זײַן, אז א צוקערקע האָב איך גענומען. איך האָב געטראכט בא זיך אזוי: אויב זי איז מיט סאַם, איז אוודע גוט — וועל איך זיך מער ניט מאַטערן.

ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אין פּאָנאר, האָט מען אונדז מיט בײַטשן ארײַנגעטריבן אין א גראָבן.

— דאָ וועט איר ארבעטן, — האָט זיך פאנאנדערגעלאכט ווײַס, און זײַן געלעכטער האָט זיך אויסגעמישט מיט דער קראַקערײַ פון די קראָען. ער האָט אונדז געהייסן אראָפּוואַרפן די העמדער און וואַרטן אף אונדזער רײ. ווען עמעצער האָט אזוי גיך ניט דער־הערט אָדער זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האָט ווײַס ארויסגעצויגן א שפּיז און געוואָרנט: ווער עס וועט זיך גלײַך ניט אויסטאָן, דעם וועט מען אויסשטעכן די אויגן. אף איינער א פּרוּוו האָט ער אויס־געפירט זײַן וואָרענונג.

אינעם גראָבן האָבן זיך געפונען בא א פּאָר הונדערט פרויען. קינדער זײַנען געווען ווינציק. מע האָט זיי אין טורמע אָפּגעטיילט באזונדער. אנדערע מאַמעס האָבן אָבער אויסבאהאלטן די קינדער, און איצטער טוליען זיי זיך צו די מאַמישע העלדזער.

אויב פון אָנהייב האָט מען געוויינט און געיאָמערט, האָט מען זיך וואָס ווײַטער אלץ מער באַרויִקט. בא א צוויי הונדערט טריט פון אונדז איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע. איך האָב מיט די אייגע־נע אויגן געזען, ווי מע האָט אומגעבראכט מײַן טאַטן. מע האָט אים פריִער פארטויבט מיט א שווערן אײַזן, נאָכדעם געשאָסן. ער איז געפאלן א פארבלוטיקטער אף א קופּע מייסים.

לעבן מיר איז געלעגן מײַן שוועסטער. איר צוויי־יעריק קינד, מוישעלע, האָט געכליפּעט אף איר ברוסט. ווען אף א רעגע האָט זיך באַרויִקט די שיסערײַ, האָב איך דערהערט, ווי מײַן שוועסטער זינגט עפּעס. דאָס האָט זי פּאַרוויגט איר קינד מיט דער באַקאַנטער פּאָלקסליד:

ליוּלינקע, מײַן פייגעלע,
ליוּלינקע, מײַן קינד,
כ'האָב אָנגעוואָרן אזא ליבע —
ווײ איז מיר און ווינד.

מײַנ שאָכנטע האָט געהאט בא זיכ עסנווארג. זי האָט ארויסגענומענ ברויט מיט פּוטער אונ געגעסנ. אנדערע האָבנ גענומענ איר נאָכטאָנ. באם זונ-פארגאנג איז אָנגעקומענ אונדזער ריי. צענדליקווײַז האָט מענ געפירט דורכנ גראָבנ אונ ארײַנגעפירט אינ א ריזיקנ קייווער, אנ ערעכ פונ דרײַסיק ביז פערציק מעטער. וואָס ווײַטער מע איז געגאנגענ, אלצ טיפער האָט זיכ געצויגנ דער גראָבנ. אינעם אָרט, ווו ער האָט זיכ פארייניקט מיטנ קייווער, איז ער טיפ געווענ א זיבנ מעטער.

מײַנ צענטל איז געווענ דאָס לעצטע. ווידער איז אָנגעלאָפנ ווײַס אונ געהייסנ זיכ שטעלנ. ער האָט אונדז געבראכט א קאָלדרע, צעריסנ זי אפ צענ כאלאָקימ אונ איטלעכנ געהייסנ מיט די שמאטעס זיכ פארבינדנ די אויגנ. איכ בינ געווענ די ערשטע אינ דער ריי. הינטער מיר איז געווענ מײַנ מאמע אונ מײַנ שוועסטער.

— זיכ אָנהאלטנ איינע אָנ די אנדערע פאר די לענדנ! — האָט אונדז באפוילנ ווײַס, אונ ער האָט אויסגעשטרעקט א שטעקנ, אָנ וועלכנ איכ, די ערשטע, זאָל זיכ אָנהאלטנ אונ גיינ פאָרויס.

איכ האָב אָנגעטראָטנ אפ נאָכ וואַרעמע קערפּערס. זיי האָבנ זיכ געוויגט אונטער מיר ווי א מאטראַצ. ווענ מײַנע פיס האָבנ אָנגעטראָטנ אפ די קערפּערס, האָבנ זיכ דערטראָגנ צו מיר פארשיידענע קלאנגענ. פּלוצעמ האָב איכ דערהערט אנ אויסגעשריי: „פײַער!” אונ הינטער מיר דעמ אויסרופ פונ מײַנ שוועסטער: „גאָט!”. איכ האָב געפילט, ווי מײַנ טײַערע איז געפאלנ. איכ בינ געבליבנ לעבנ מײַנ שוועסטער אונ פארלוירנ דעמ באוווסטזײַנ. כאָטאָג בינ איכ געקומענ צו זיכ. איבער מיר זײַנענ געלעגנ מייסימ, פארגאָסענע מיט קאַלכ. איכ האָב דערקענט מײַנ שוועסטער. מוישעלע האָט זיכ צוגעטוליעט צו איר ברוסט. איכ האָב זיכ ארויסגעגליטשט פונ אונטער דער שווערער מאסע. איכ בינ ארײַנ אינ גראָבנ געפינענ א בעגעד. צופעליק האָב איכ דאָרטנ דערטאפּט מײַנ אייגנ העמד. איכ האָב עס אָנגעטאָנ, ארופגעכאפּט עפּעס אנ אלטנ מאנטל, אונ ניט האָבנדיק וווהינ צו גיינ, בינ איכ אוועק אינ געטאָ.

אינ געטאָ-שפּיטאָל בינ איכ געלעגנ א כוידעש. אינ מײַנ אקסל זײַנענ געווענ צוויי קוילנ. ווענ איכ האָב דערציילט די דאָקטוירימ מײַנע איבערלעבונגענ, האָבנ זיי ניט געוואָלט גלייבנ”.

* * *

אינ די מויערנ אפ סטראשונ-גאס 1, 2 אונ 3 האָבנ געלעבט בא נײַנ הונדערט מענטשנ, וואָס האָבנ געארבעט אינ שטאָט אפנ

הויף פון געסטאַפּאָ. די דאָזיקע אַרבעטער זײַנען „באַשיצט געווען" פון שווײַנענבערגן. אין דער „נאַכט פון געלע שײַנען" האָט מען די נײַן הונדערט גאָרניט ניט געטאָן. נאָך דער אַרבעט פלעגט מען זיי פירן נעכטיקן אין דער לוקישקער טורמע. נאָך דער שכיטע האָבן זיי זיך אומגעקערט אין זייערע בלאָקן און ווידער געגאַנגען אַרבעטן אין געסטאַפּאָ אַפן הויף. אַלע נײַן הונדערט האָבן געהאַט געלע שײַנען.

אָנהייב יאַנואַר 1942 זײַנען אין די דרײַ בלאָקן אײַנמיטן דער נאַכט געקומען געסטאַפּיסטן און געמאָלדן, אַז ווער עס אַרבעט נאָר אין געסטאַפּאָ אַפן הויף זאָל אַראָפּגיין אונטן: מע פירט זיי ווידער אין דער לוקישקער טורמע, קעדיי צו באַשיצן. די נײַן הונדערט האָבן פרײַוויליק אַוועקגעשפּרײַזט אין דער לוקישקער טורמע. בלויז צוויי פּאָליציאַנטן האָבן זיי באַגלייט. פיל אײַנוווינער פון אַנדערע הויפן, דערהערט אַזאַ גליק, האָבן זיך אויך אַרײַנגעכאַפּט אין די רייען און אַוועק מיט אַלעמען.

פון די נײַן הונדערט זײַנען צוריקגעקומען דרײַ הונדערט. די פאַרבליבענע אין טורמע, וואָס האָבן געטראָגן בעסערע קליידער, האָט מען געצוווּנגען זיך אויסצוטאָן. זיי זײַנען געבליבן נאַקעט און זײַנען פאַרפרוירן געוואָרן אַפן הויף פון טורמע. צווישן די פאַרפרוירענע איז געווען יודל איליאַשעוויטש, דער געוועזענער סעקרעטאַר פון בעקער-פאַריין אין ווילנע, ווי אויך דער יונגער געלערנטער — געוועזענער מיטאַרבעטער פון יִוואָ — כאַיעס.

## מײַן מאַמעס טויט

איך בין אַוועק צו דער מאַמען. זי האָט מיר אָנגעזאָגט אַ סימכע: מײַן פרוי האָט געבוירן אין געטאָ-שפּיטאָל אַ קינד. מײַן מאַמע האָט פאַרגעסן אָן מורערס געזעץ, אַז קינדער, געבוירענע אין געטאָ, מוזן געטייט ווערן. אַפ מאָרגן נאָך מײַן קומען איז שוין דאָס קינד ניט געווען: מורערס באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן.

איך האָב נאָך ניט באַוויזן קומען צו זיך נאָכן אומגליק מיטן קינד, ערשט אַ נײַער אומגליק: איך גיי צו מײַן מאַמען, און מײַן מאַמע איז פאַרשוווּנדן. איך דערוויס זיך, אַז דאָס איז די אַרבעט פון דעם דײַטשישן אַגענט אָבערהאַרט. באַנאַכט איז ער געקומען אַפ שפּיטאָלגאַס 7, וווּ עס האָט געוווינט מײַן מאַמע, און האָט אַוועקגעפירט דעם גאַנצן הויף אין טורמע, און פון דאָרט — אַפ פּאָנאַר.

# שטאָט און געטאָ

די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין ליטע אונטער דער מאַסקע פון באַפרײַער. זיי האָבן געשריבן אַרטיקלען וועגן דער היסטאָרישער פאַרברידערונג מיטן ליטווישן פאָלק און האָבן אָנגעטאָן די פאָליציי אין ליטווישע אוניפאָרמען. פון דער „איפּאַטינגאַ", פון דער „סאַווישאַוגאַ" (זעלבשוץ) און פון די „שאַוליסטן" (שיסער) האָבן די דײַטשן רעקרוטירט אין ווילנע אַ ליטווישע „זעלבסטפאַרוואַלטונג". איר אויפגאַבע איז געווען — אויספירן די באַפעלן פון געביטסקאָמיסאַר הינגסט. באַם דײַטשישן גענעראַל-קאָמיסאַר פאָן-רענטעלן איז געשאַפן געוואָרן אַ אינסטיטוט פון ליטווישע „גענעראַל-ראַטן", בעראָש מיטן ערשטן „גענעראַל-ראַט" קוביליונאַס. זייער אויפגאַבע איז — העלפן די אָקופּאַנטן דורכפירן זייער פּאָליטיק. די ליטווישע „קרײַז-שעפן" זײַנען אונטערגעוואָרפן די דײַטשישע קרײַז-קאָמיסאַרן. אין דער ליטווישער געסטאַפּאָ און אין אַלע פאָליציי-צירקלען זײַנען די נאַטשאַלניקעס דײַטשן פון דער פאָרמאַציע ס. ד. (שוץ-דינסט).

קעדיי צו באַווײַזן, אַז די ליטווינער זײַנען די באַלעבאַטים אין לאַנד, איז אויפגעבלאָזן געוואָרן די שׂינאה פון די ליטווינער צו די פּאָליאַקן. אויפן קאַפע-הויז „דער גרינער שטראַל" איז געהאַנגען אַ שילד: „פיר יודען אונד פּאָלען — אײַנטריט פערבאָטען!" נאָר די פּוילישע צײַטונג „גאַזעטאַ צאָדזיענני" האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק און האָט געהאַלטן אין איין פּילדערן וועגן די „ריטערלעכע" דײַטשן.

מאַרטין ווײַס, דער אָנפירער פון דער ליטווישער „איפּאַטינגאַ", האָט זײַנע מיטאַרבעטער אָנגעטאָן אין אַלטע ליטווישע אוניפאָרמען. זייער „אַרבעט" אין פּאָנאַר איז געוואָרן פילמירט. שפּעטער האָט מען געסטראַשעט די ליטווינער: איר וועט ניט טאָן, וואָס מיר הייסן, וועלן מיר באַווײַזן דער וועלט, ווי איר האָט אויסגעקוילעט די ייִדן. דערנאָך האָט מען די פילמען געוויזן אין בערלין. די ליטווישע אינטעליגענץ האָט געפּרוּווט קעגן דעם פּראָטעסטירן. די פּראָטעסטירער האָט מען פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע-לאַגערס.

די נעמען פון די ווילנער גאַסן זײַנען געוואָרן דײַטשישע. איבער פיל האָטעלן, רעסטאָראַנען, קאַפע-הײַזער האָט זיך אַלץ אָפטער געוויזן די אויפשריפט: „נור פיר דויטשען". פון די שיינע וווינונגען אויף מיצקעוויטש-גאַס, זאַקרעט, שלאָס-גאַס און פּאָהולאַנקע האָט מען אַרויסגעשלײַדערט די אײַנוווינער און אָפּגעגעבן זיי דער „אויסדערוויילטער ראַסע".

אלע סאָוועטישע לערנביכער זײַנען געוואָרן פאַרברענט. אויך די ביכער פון די ליטווישע שרײַבער, וועלכע האָבן זיך עוואַקויִרט קיין ראַטנפאַרבאַנד, ווי די ווערק פון צווירקאַ, גירא, ווענצלאָווא, קאָר־סאַקאַס און סאַלאָמעא נעריס, האָט מען פאַרברענט. אויף זייער אָרט האָט זיך באַוויזן היטלערס „מײַן קאַמפּ" אין ליטוויש.

די ווענט פון די מויערן זײַנען פאַרקלעפּט געוואָרן מיט בילדער, וואָוּ דער ייִד קוילעט אויס די ליטווינער. עס האָבן זיך געוויזן אַנטי־ייִדישע פילמען. עמיל יאַנינגס האָט געשפּילט אין דער ראָל פון אַ ייִדישן שווינדלער. עס האָט זיך געעפנט אַ העצערישע אויס־שטעלונג. פאַרן אַרויסגעבן אַ באַהאַלטענעם ייִדן איז דערקלערט גע־וואָרן אַ פּרעמיע.

קאָוונע האָט שוין געהייסן קאַוענבורג. די פאַרנומענע באַלטישע מעלוכעס האָבן די דײַטשן אָנגערופן אָסטלאַנד. אָסטלאַנד האָט גע־דאַרפט פאַרייניקט ווערן צו מיזרעך־פּרײַסן. דער באַלעבאָס איבער די פאַרכאַפּטע לענדער איז דער רײַכס־מיניסטער אַלפרעד ראָזענבערג.

אין פעברואַל 1942 ווערט ליטע פּראָקלאַמירט פאַר אַ „זעלבשטענ־דיקער מעלוכע". דערפאַר דאַרף זי באַצאָלן מיט צוויי הונדערט טויזנט סאָלדאַטן.

די ליטווישע געזעלשאַפט האָט דערשפּירט דעם טאַם פון דער דײַטשישער פּאָליטיק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפע קאַמפּאַניע קעגן דער מאָביליזאַציע. אין דעם דורכפאַל פון דער מאָביליזאַציע האָבן די דײַטשן באַשולדיקט די ליטווישע אינטעליגענץ. אין דער ווילנער פאַשיסטישער ליטווישער צײַטונג האָט זיך באַוויזן אַ נאָטיץ: „אונטער דער ווירקונג פון דער אינטעליגענץ איז די מאָביליזאַציע אין ליטע שלעכט געוואָרן דורכגעפירט. דאָס איז אַ פאַרברעכן קעגן דער נײַער אייראָפּע און אַן אומטאַקט קעגן אייגענעם פאָלק. די רעגיסטראַציע וועט אין דער צוקונפט געפירט ווערן נאָר פאַר דער אַרבעטס־אַרמיי. קעדיי אויסצומײַדן שווערע שטראָפן, דאַרף זיך דאָס ליטווישע פאָלק אָפּ־גרענעצן פון איר פּאָליטיקירנדיקער אינטעליגענץ".

און דאָ קומט אַן אָפיציעלע מעלדונג:

„דער אוניווערסיטעט מיט אַלע זײַנע אָפּטיילונגען ווערט געשלאָסן. פאַר די אינזשענירן פון בילדונג אין ליטע ווערט באַשטימט אַ ספּעציע־לער באַפולמעכטיקטער. לאָמיר האָפן, אַז נאָכן איזאָלירן די פּאָליטי־קירנדיקע אינטעליגענץ, וועלן די ליטווינער געפינען פאַר זיך אַ בע־סערן בײַשפּיל".

אויך אין דער ארבעטס-ארמיי האָט מען זיך ניט געאײַלט. מע האָט זיך אָנגעהויבן באהאלטן אין מאלינעס.

* * *

אין פרילינג 1943, ווען עס איז דורכגעפאלן אויך די מאָביליזאַציע, האָט מען אָנגעהויבן ארעסטירן ליטווישע טוער. אויך די לעגיאָנען צום קאמף מיט די פארטיזאנער, אָרגאניזירט דורך דעם גענעראל פלעכאוויטשוס, האָבן ניט געהאט קיין דערפאָלג. עס איז דערגאנגען צו אן אָפענער שיסערײַ צווישן דעם ליטווישן און דײַטשישן מיליטער.

די דײַטשן האָבן גענומען זיך כאנפען צו די פאָליאקן. מע האָט זיי געגעבן אָנצוהערן, אז אויב זיי וועלן זיך גוט אויפירן, וועט מען זיי אָפגעבן ווילנע. ווען עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן ארײַנצוציען די פאָליאקן, האָבן זיך אָנגעהויבן איבער דער שטאָט מאסן-ארעסטן. מע האָט אָפגעצאמט גאנצע קווארטאלן מיט פאָליאקן און קינד-און-קייט ארויסגעפירט קיין דײַטשלאנד.

* * *

די העצע פון די דײַטשן האָט ניט באווירקט די גרונט-באפעלקערונג פון ווילנע אין איר באציונג צו די ייִדן. איך מיין ניט, פארשטייט זיך, די „איפּאטינגא", די ליטווישע געסטאפּאָ און די „שאוליסטן", וואָס האָבן אָן ביימער צעשמעטערט קינדער און פארברענט זקיינים. איך מיין דעריקער דעם בעסערן טייל פון די שטאָטישע אײַנוווינער, ווי אויך די היגע אינטעליגענץ, וואָס די טראדיציע פון מענטשלעכע באגריפן איז געווען בא זיי צו פעסט, אז זיי זאָלן זיך אונטערגעבן די דײַטשן.

שוין די ערשטע טעג פונעם גוואלדיקן טעראָר, ווען דער געזעץ האָט געוואָרנט, אז פארן ריידן מיט א ייִדן קומט די גרעסטע שטראָף, האָט א באדײַטנדיקער טייל ייִדן זיך אויסבאהאלטן אין שטאָט בא די ניט-ייִדישע שכיינים. אין די צײַטונגען האָט מען ניט אויפגעהערט צו וואָרענען די פויערים: אויב איר וועט פארקויפן אײַער סכוירע ייִדן, זאָלט איר ניט זוכן בא דער מאכט קיין כעסעד. אָבער פיל פויערים פלעגן מיט א קיוון ארײַנפאָרן אין זײַטיקע געסלעך, קעדיי צו פארקויפן זייער סכוירע די באגעגנטע ייִדן. און ווײַל

דער ייִד איז געקרוודעט, האָט מען די סכוירע אים פאַרקויפט פאַר וועלוועלער.

א היפּשע צאָל פּאָליאַקן און ליטווינער האָבן באַ זיך אין די היימען אויסבאַהאַלטן ייִדן. צווישן זיי וועלן מיר געדענקען אזוינע נעמען ווי: יוליאַן יאַנקאָוסקאַס, יאַנאָווא באַרטאָשעוויטש, מאַריאַ אַבראַמאָוויטש, וויקטאָריאַ גזשמילעווסקאַ. דאָס הויז פון די לעצטע צוויי, אַפּ פּאָהולאַנקע 16, איז געווען אַן אָרעמיקלאָט פאַר צענדליקער געיאָגטע. די זשורנאַליסטן שימייטע האָט געשאַפן אין שטאָט א קאָמיטעט צו ראַטעווען ייִדן. מאַריאַ פעדעצקאַ האָט גע־ראַטעוועט דעם ד״ר סעדליס מיט זײַן מישפּאָכע, דעם ד״ר קאַמײַ מיט דער טאָכטער און צענדליקער אַנדערע באַזאָרגט מיט פּוילישע דאָקומענטן און פאַנאַנדערגעשיקט צו באַקאַנטע אין דאָרף. פּראָפ. סטאַקאָוסקאַס האָט געראַטעוועט 16 ייִדן, צווישן זיי ד״ר ליבאָ מיט דער פאַמיליע און דעם נײַניעריקן קינסטלער זאַלמען באַק. פּראָפ. טשעזשאָווסקי האָט געראַטעוועט דעם פּראָפ. פּעסעל מיט זײַן פרוי און קינד און די לערערין זלאַטע קאַטשערגינסקי.

אויך א טייל שטאָטישע גאַלאָכים האָבן זיך געהאַלטן גאַנץ ווער־דיק. דער ווילנער ביסקופּ רײַניס האָט געפּריידיקט אין די קלויס־טערס, מע זאָל העלפן די געיאָגטע. אזוי האָבן אויך געהאַנדלט די ביסקופּן פון פּאָניעוועזש און קאָוונע. דער גאַלעך פון ווײַדוקלע איז, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, דערשאָסן געוואָרן לעבן זײַן קלויס־טער באַם פאַרטיידיקן ייִדישע קינדער.

* * *

ווען די דײַטשישע געזעצן האָבן מאַן-און-ווײַב זיך געמוזט פאַ־נאַנדערגײַן, אויב עמעץ פון זיי איז א ייִד אָדער שטאַמט ביזן דריטן דאָר פון ייִדן. דער ייִד האָט געמוזט אוועקגיין אין געטאָ, און דער ניט-ייִד האָט רעכט געהאַט צו וווינען אין שטאָט. קינדער פון גע־מישטע פּאָרן, אויב נאָר דער טאַטע איז א ייִד, זײַנען פאַרעכנט גע־וואָרן פאַר ייִדישע און האָבן געמוזט זיך געפינען אין געטאָ.

ד״ר אַקסען, א פּאָליאַק, האָט כאַסענע געהאַט מיט א ייִדיש מיידל פון מיכאַלישאָק. זײַן פרוי מיט די קינדער האָט געסטאַפּאָ אַרעסטירט און שפּעטער אַרײַנגעוואָרפן אין געטאָ. ד״ר אַקסען איז געקומען צו זײַן פרוי, האָט זיך אויסגעלערנט אין געטאָ גוט ייִדיש און האָט דורכגעמאַכט דעם גורל פון די ייִדן אין געטאָ. אין געטאָ האָט אויך

געווינט א דאָנער קאָזאַק. זײַנ פרוי איז געווענ א ייִדישע. סטאַסיע, אנ אלטע דינסט בא דער מישפּאָכע ליפּקאָוויטש, איז ארײַנ אינ גע־טאָ צוזאמענ מיט איר באַלעבאָסטע. ווענ מע האָט אומגעבראכט די ייִדישע פרוי, איז סטאַסיע געוואָרנ א מאמע פאר די פאריאָסעמטע קינדער.

דעמ זינגער רוזשינסקי האָט מענ געפירט שיסנ. א פארבײַגייער האָט אימ דערקענט. רוזשינסקי איז געווענ אנ אָפיצער אינ דער פוילישער ארמיי. דער פארבײַגייער האָט געדינט בא אימ אינ פּאָלק. דערזענ, אז מע פירט זײַנ אָפיצער צומ טויט, האָט ער זיכ גענומענ בעטנ בא דעמ וועכטער, ער זאָל באפרײַענ זײַנ אָפיצער. פאר א גאָלדענעמ זייגער האָט דער וועכטער זיכ געלאָזט איבערריידנ. ער האָט אָבער געזאָגט, אז אזויווי דער געסטאפּאָ־בינייענ איז דאָ ניט ווײַט אונ פונ פענצטער זעט מענ דאָס אָרט פונ די עקזעקוציעס, מוז ער אויספירנ דעמ באפעל: ער וועט צופירנ דעמ אָפיצער צומ גרוב אונ שיסנ איבער זײַנ קאָפּ. זאָל יענער א פאל טאָנ אונ ליגנ אינ גרוב ביז אָוונט. אינ אָוונט זאָל ער זיכ פאמעלעכ אוועקשארנ אונ נעלעמ ווערנ פונ דער געגנט. אינ אָוונט איז צומ גרוב געקומענ דער סאָלדאט פונ רוזשינסקיס פּאָלק אונ האָט אימ אוועקגעפירט צו זיכ אהיימ. רוזשינסקי איז ארויס פונ גרוב א גרויער.

באמ סאָלדאט האָט ער אָפּגעלעבט א כוידעש. ווענ עס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ ציִבער דער געגנט אָבלאַוועס, איז ער מיט מאטער־ניש צוריקגעקומענ אינ ווילנע אונ ארײַנ אינ געטאָ. זײַנ רוסישע פרוי איז געקומענ צו אימ. זי האָט אָנגענומענ זײַנ גוירל אונ גע־טראָגנ א לאטע.

## דער רעפערענט פאר ייִדישע עניאָנימ

מורער, דער רעפערענט פאר ייִדישע עניאָנימ באמ געביטסקאָ־מיסאר היגגסט, איז אלט סאכאקל פיר צונ צוואנציק יאָר. ער איז אנ אָפיצער. זײַנ טאטע איז געווענ א טאַליענ אינ א ווײַטער דײַ־טשישער פראָווינצ. דער זונ האָט געהאלטנ פונ טראדיציע אונ ניט פארשעמט זײַנ טאטנ. ער איז דערצויגנ געוואָרנ בא דער היטלער־יוגנט אינ נירנבערג. דאָרט האָט ער שטודירט „ייִדנ־קענטשאפט“.

צו אימ פלעגנ אָנקומענ די באפעלנ פונ הימלערנ. בא הימלערנ אפנ טיש, אזוי האָט מענ דערציילט, ליגט א גרויסע פלאַסטישע מאַ־פּע אונ אפ יעדנ ייִדנ־פונקט שטעקט א פענדעלע. יעדנ טאָג נעמט

הימלער ארויס עטלעכע פענדעלעך. דאָס באַטײַט: אין יענע ערטער דאַרף מען אויסהאַרגענען די ייִדן. די באַפעלן ווערן איבערגעשיקט צו אַזעלכע מערדערס. ער מיט זײַנע מענטשן טראַכטן צו די פּראָצע־דור פון פאַרטיליקונג, גיבן זי איבער אַזאַ שווײַנענבערג אָדער ווײַס, און יענע פירן זי אויס וועדליק די באַקומענע אינסטרוקציעס.

מורער האָט ליב געהאַט זיך צו שפּילן מיט זײַנע ייִדן. ער פּלעגט אומגעריכט אָנפּאַלן צום טויער פון דער געטאָ און קאָנטראָלירן יעדן איינעם, וואָס קערט זיך אום פון דער אַרבעט. פּאַר געפינענע עסנ־וואַרג פּלעגט ער אַליין אָוועקפירן אין טורמע. אָפּט פּלעגט ער באַ־טאַפּן די לאַטעס. ווען אַ שפּיץ פון דער לאַטע איז געווען אָפּגע־ריסן, האָט ער שוין דעם קאָרבן ניט אָפּגעלאָזט. ווען ער פּלעגט גע־פינען געלט אָדער בלומען, פּלעגט ער הייסן דער טויער־פּאָליציי שמײַסן דעם פאַרברעכער. דעריקער האָט ער ליב געהאַט זיך צוקוקן, ווי מע שמײַסט יונגע מיידלעך. ער פּלעגט זיך שטעלן בײַ דער זײַט און שרײַען: שטאַרקער! שטאַרקער!

איינמאָל האָט ער באַגעגנט אַ פּאַרטיע ייִדן, זיי קאָנטראָלירט און געפונען בײַ איינעם אַ קילאָ מעל. ער האָט אַלע צוואַנציק אַרעסטירט און אַליין בײַגעווען אין פּאָנאַר בײַם אויספירן די עקזעקוציע.

אין געטאָ איז ער געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער. ער האָט גע־האַט אַן אייגענעם שליסל צום טויער, און ווען ס'האָט זיך אים גע־גלוסט, איז ער געקומען. בײַם באַזוכן די וואַרשטאַטן אין געטאָ פּלעגט ער באַפעלן, מע זאָל אַרונטערקריכן אונטער די טישן און וווּיען ווי הינט. ער האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין באָד אויף סטראַשון־גאַס 6. דאָרט פּלעגט ער זיך אָוועקשטעלן מיט פאַרלייגטע הענט און זיך צוקוקן צו די נאַקעטע ווײַבער. איינמאָל איז ער צו נעענטער, זיי באַטאַפּט און אויסגערופן:

— איר זײַט צו פעט, איך וועל זיך סטאַרען, איר זאָלט ווערן דאַרער.

נאָך דער שכיטע פון פיר טויזנט פּראָווינצער ייִדן, וואָס אָנ־שטאָט זיי צו פירן פון ווילנע קיין קאָוונע, האָט מען זיי פאַרקערעוועט אויף פּאָנאַר, האָט מורער צו זיך גערופן דעם געטאָ־פאָרשטייער גענס און זיך אַנטשולדיקט: עס איז געווען אַ טעות. דערבײַ האָט ער צו אים געזאָגט, אַז נאָכן קריג וועט ער די געטאָ פאַרברייטערן: ער וועט צוגעבן סטעפן־גאַס.

אין מײַ 1943 האָט מורער פאַנאַנדערגעטיילט די ייִדישע בריגאַ־דירן (די אָנפירער פון דער אַרבעט) געדרוקטע דײַטשישע טעקסטן,

וועלכע די בריגאדירנ האָבנ געמוזט איבערגעבנ די דײַטשישע ארבעטסגעבער אונ ארויסבאקומענ אנ צונטערשריפט, אז די דײַטשנ האָבנ עס געלייענט. אינ די טאקאָנעס איז צווישנ אנדערנ געזאָגט: די ייִדנ ארבעטנ נאָר צײַטווײַליק. א דײַטש דארפ צו יעדער צײַט געדענקענ, אז זײַנ גרעסטער סוינע איז דער ייִד.

אינ יונ 1943 איז ער לויט א באפעל פונ הימלערנ אוועקגעשיקט געוואָרנ אנדערשווו. זײַנ פארבײַטער אינ ווילנע איז געבליבנ לאקנער.

## דײַטשישע בארעמהארציקײַט

בא מײַנ צוואנג-ארבעט אינ א דײַטשישער אונטערנעמונג, אפ וויוואלסקע 18, איז מיר אויסגעקומענ זיך צו באקענענ מיט א דײַטשישנ שפּיטאָל. דער שפּיטאָל-הויפ איז ארויסגעקומענ פונקט אנטקעגנ מײַנ פארקאנ. הינטער אים פלעגנ ארומשפּאצירנ מילכאָמע-אינוואלידנ. עס איז דערגאנגענ צו מיר א געמיש פונ שפּראכנ: רומעניש, אונגאריש, איטאליעניש, שפּאניש, פיניש אונ אנדערע. אינ דעמ שפּיטאָל זײַנענ קיינ דײַטשנ ניט געלעגנ.

איך פלעג זענ די קאליקעס אונ בלינדע. אָפּטמאָל פלעגנ אנדערע אפילע צוגײנ צומ פארקאנ, ריידנ מיט די ייִדנ אונ פרעגנ בא זיי נײַעס. די אינוואלידנ פלעגט מענ געבנ גוט צומ עסנ, אונ דער סעקרעטאר פונ דער ווילנער נ. ס. ד. א. פּ. (נאציאָנאל-סאָציאליסטישע דײַטשישע ארבעטער-פארטיי) כפאָרקעט, א געוועזענער לעדערסויכער פונ ביאליסטאָק, פלעגט האלטנ פאר זיי רעפעראטנ. זייער אָפט פלעגנ די אינוואלידנ שרײַבנ בריוו, דערציילנ זייערע קרויווימ אונ עלטערנ, ווי גוט זיי איז בא די דײַטשנ, ווי זאָרגעוודיק זיי ווערנ געהיילט. אָפט פלעגנ צו זיי קומענ רומענישע, אונגארישע, איטאליענישע, שפּאנישע אונ פינישע זשורנאליסטנ. מע פלעגט זיי אויך פאָטאָגראפירנ. אינ דער „Vilnaer Zeitung“ האָב איך געלייענט אנ אינטערוויו מיט איינעמ אָט אזא זשורנאליסט. ער האָט זיך ניט געקענט אָפּלויבנ פונ דער דײַטשישער זאָרגעוודיקײַט, פונ דער מענטשלעכער באציִונג צו די קראנקע. „ווענ איך וועל קומענ אינ מײַנ פאָטערלאנד, — האָט ער פארענדיקט דעמ אינטערוויו, — וועל איך דערציילנ מײַנ פאָלק וועגנ דער דײַטשישער בארעמהארציקײַט“.

שטענדיק איז מיר אויסגעקומענ פארדעכטיק, וואָס נאָך אזא באזוך פונ זשורנאליסטנ ווערט אפ מאָרגנ דער הויפ א פוסטער, אונ

אויך אין דער שפּיטאָל־געביידע איז ניט צו מערקן הינטער די שויבן קיין כאלאָים.

ווו זיינען אהינגעקומען די בלינדע און די קאַליקעס?

אנטקעגן דעם שפּיטאָל־אריינגאנג איז געווען דער יידישער אר־בעטס־לאגער „קיילים". איינמאָל איז מיר דאָרט אויסגעקומען צו נעכ־טיקן, ווייל די געטאָ איז געווען באוואכט, און אזויווי איך האָב געהאט בא זיך געווער, האָב איך ניט געטאָרט אהין גיין. באנאכט אזייגער 12 האָב איך דערהערט א גערויש פון א זיך אָפּשטעלנדיקן אויטאָ. אפּ אזוינס בין איך געגוג שפּירעוודיק. פאר א יידן פון גע־טאָ ווערט יעדער שאָרך, יעדער באוועגונג גלייך פארבונדן מיט א טאקאָנע. איך האָב ניט פאכעד א שפּרונג געטאָן צום פענצטער. מיין פריינט בעלקינד, בא וועמען איך האָב גענעכטיקט און וואָס האָט מער ווי א יאָר געלעבט אין לאגער, האָט זיך אָבער ניט דערשראָקן.

— עס איז ניט צו אונדז, — האָט ער מיך בארויקט. — דאָס איז מען געקומען ארויספירן די אינוואלידן אין פּאָנאר.

בעלקינד האָט זיך צערעדט:

— וואָס, איר ווייסט ניט? פריער היילט מען זיי, מע גיט זיי גוט עסן, מע ברענגט אהער זשורנאליסטן, און נאָכדעם קומט ווייס מיט זיין אויטאָ, פירט דאָרטן אריין די בלינדע, די צייגפיסיקע, און אין א שאָ ארום קומט ער ווידער מיט א פּוסטן אויטאָ. די אינוואלידן זאָגט מען, אז מע פירט זיי ערגעץ אנדערש צו באשיצן, ווייל אין שטאָט ריכט מען זיך קלוימערשט אפּ סאָוועטישע עראָפּלאנען. אז מיינע ווערטער זיינען ריכטיק, קענט איר זיך איבערצייגן: לאָמיר זיצן בא דעם פענצטער א שאָ, וועט אָנקומען דער אוי־טאָ, און דער שאָפער וועט ארויסטראָגן צוריק די קוליעס פון די דערשאָסענע.

בא דער לעוואָנע־שיין האָב איך אליין געזען, ווי מע פירט די אינוואלידן איינציקווייז אין דעם אָפענעם אויטאָ.

אין א שאָ ארום האָט זיך דער אויטאָ צוריקגעקערט. דער שאָפער האָט אריינגעטראָגן אין שפּיטאָל די קוליעס.

מע קען שוין ארויספירן א צווייטע פּארטיע. און ווען דער שפּיטאָל וועט פריי ווערן, וועט מען ברענגען נייע.

* * *

דעם 17־טן יול 1942 האָט ווייס אוועקגעפירט פון געטאָ זעקס און אכציק אלטינקע מענער און פרויען קיין פּאָספּיעשק, פינף קי־לאָמעטער פון ווילנע, אין בינינען פון דער אמאָליקער קאָלאָניע „טאָז".

ווײַס האָט באַפֿוילן, מע זאָל אַהין ברענגען פֿון געטאָ קעסלען און שפּײַז פֿאַר די אַלטע לײַט. שוועסטער איז ווײַסע כאַלאַטן דאַרפֿן באַדינען די זקנים. ווײַס האָט געבראַכט אַהין צוויי פֿוד פּוטער.

דער פּאַנסיאָן אױף פּאָספּיעשק איז געווען פֿאַר דער געטאָ אַ רע־טעניש. קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס דאָ קומט פֿאָר. עס איז אַרי־בער אַ טאָג, אַ צווייטער, אַ דריטער, און די זעקס און אַכציק האָבן זיך צווישן גרינע וועלדער פֿאַריכט אין געזונט. צווישן די פּאַנסיאָ־נערן איז אויך געווען די נײַנציקיעריקע טערעסאַ קאָכאַנאָווסקאַ, וואָס צו נײַן יאָר האָבן זי די עלטערן אָפּגעשמאַדט. ווײַס האָט זי אויס־געפֿונען אין דער פּוילישער באָגאַדעלניע און צום סאָף פֿון איר לעבן דערמאָנט איר ייִדישקייט.

זעקס טעג האָט ווײַס אָפּגעהאַלטן די זקנים אין פּאַנסיאָן, אױפֿן זיבעטן איז ער געקומען מיט אויסלענדישע געסט, און מע האָט פֿאָ־טאָגראַפֿירט די אַלטע. גלײַך נאָכדעם האָט ער אַלעמען אַוועקגעפֿירט אויף פּאָנאַר.

* * *

אין מײַ 1943 בין איך געשיקט געוואָרן אַרבעטן אױפֿן ווילנער באַן. דאָרט איז געבראַכט געוואָרן דער סמאָלענסקער מוזיי, און איך מיט נאָך כאַווײרים האָבן דאָס געדאַרפֿט אַריבערפֿירן אין שטאָטישן אַרכיוו אױף איגנאַטאָווער גאַס.

צוזאַמען מיטן מוזיי זײַנען געקומען צען וואַגאָנעס מיט קליי־נע קינדער, אַן ערעך פֿון דרײַ יאָר ביז צען. בײַ יעדן וואַגאָן איז געשטאַנען אַ דײַטש און האָט געהיט, אַז די קינדער זאָלן ניט אַנטלויפֿן. די אַרבעטער אױפֿן באַן האָבן זיך פֿאַראינטערעסירט מיט די קינ־דער. זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז זיי זײַנען פֿון סמאָלענסק. עס איז פֿאַרבײַגעגאַנגען דער מאַשיניסט און געזאָגט די אַרומיקע: די קינדער זײַנען באַשטימט אױף פּאָנאַר. די אַרבעטער האָבן זיך דערנענטערט צו די דײַטשן און זיך צו זיי געווענדט:

— עפּשער פֿאַרקויפֿט איר די קינדער?..

צוערשט האָבן זיך די דײַטשן געקווענקלט. דערזען אָבער, אַז עס שמעקט מיט געשעפֿט, האָט מען אָנגעהויבן מיסכער־ן: פֿינף מאַרק אַ קינד! די אַרומיקע האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די וואַגאָנעס און גע־נומען אויסקלײַבן קינדער.

דערזען, אז די סכוירע גייט, האָבן די וועכטער געהויבן דעם פּרייז: צען מארק א קינד! דער מעקעב האָט ניט אָפּגעשראָקן. האָט מען ווידער געהויבן דעם פּרייז: פופצן מארק א קינד!

און אזוי האָט עס דערגרייכט ביז דרייסיק מארק א קינד.

קימאט אלע קינדער האָט מען אויסגעקויפט. די דייטשן מיט דעם געלט אין קעשענע האָבן דערביי געלאכט פון די נארישע מענטשן.

* * *

מיטן פּלי-פּלאַץ אין פּאָרובאנעק, ווו עס האָבן געארבעט א פּאָר הונדערט יידן, האָט אָנגעפירט א האמבורגער פעלדפעבל האנס דע-גנער. דעגנער האָט אזוי לאנג פּראָוואָצירט און געפּייניקט, ביז די ארבעטער האָבן אים אָנגעקלאָגט פאר מורערן... — האָט ער זיך נאָך מער איזדיעקעוועט איבער זיינע קאָרבאָנעס.

איינמאָל האָט ער אויסגעקליבן פון די רייען צוואנציק ארבע-טער און געמאָלדן זיי, אז מאכמעס דעם, וואָס מע סאבאָטירט און מע קומט ניט צו דער ארבעט, וועט ער צען פון זיי דערשיסן. ווען ער וועט אָפּגעבן די קאָמאנדע: „לאופען“!, דארפן אלע צוואנ-ציק זיך א לאָז טאָן איבערן פּלי-פּלאַץ צו אן אָנגעמערקטן פונקט, א קילאָמעטער ווייט. די ערשטע צען, וואָס וועלן אהינצו אָנקומען וועלן בלייבן לעבן. די איבעריקע, וואָס וועלן ניט דערלויפן, וועט ער דערשיסן.

דעגנער האָט זיך אוועקגעזעצט אפ א ראָווער און א געשריי געטאָן: „לאופען“! די צוואנציק האָבן זיך א ריס געטאָן און גענומען יאָגן. דעגנער איז זיי נאָכגעפאָרן אָן א זאַט, און ווי א ריכטער צפ א געוועט-לויף אָבסערווירט דעם געיאָג. צווישן די לויפער זיינען גע-ווען יונגנטלעכע און עלטערע. געווען אויך א טאטע מיט א זון. זייער פאמיליע איז פּוזידיסקי. בא איינעם האָט בייסן לויפן געפּלאצט דאָס הארץ. לעסאָף האָט דעגנער דאָך אָפּגענארט: די דערלאָפענע צען האָט ער דערשאָסן, די אנדערע האָט ער געלאָזט לעבן.

* * *

פיר טויזנט פּראָווינצער יידן פון מיכאלישאָק, סווענציאן, אָש-מענע, סוויר האָט מען דעם 5-טן אפּריל 1943 עוואקוירט פון זייע-

רע שטעטלעכ. מע האָט זיי געזאָגט, אז מע פירט זיי אינ קאָװנע.
מיט דער פּראָװאָקאציע האָט אָנגעפירט ד״ר װולפ אליינ, דער געביטסקאָמיסאר פונ װילנער געגנט — א געװעזענער נאטשאלניק פונ קאָנצלאגער אינ דאכאו. די באנ האָט זיכ אָבער פארקערעװעט צום הויפּט-קיװער אינ פּאָנאר. דאָרטנ האָט שוינ אָפּגעװארט װייַס מיט זייַנע מענטשנ, אונ װאגאָנענװייַז האָט מענ גענומענ אומברענגענ די יידנ. אינ דער אקציע האָט זיכ אגעװ באטייליקט עלענ דעגנער — א געװעזענע סטודענטקע פונ האמבורגער אוניװערסיטעט אונ איצטער װייַס' געליבטע, אנ אקטיװער מיטגליד פונ עקזעקוציע-פּאָלק אינ פּאָנאר.

נאָכ דער שכיטע איז צו װייַסנ דערגאנגענ, אז זיבנ יידנ האָט זיכ אייַנגעגעבנ פונ פּאָנאר צו אנטלויפנ אינ געטאָ. װייַס איז געקומענ אינ געטאָ אונ געפאָדערט בײַמ יידנראט, מע זאָל אימ טייקעפ ארויסגעבנ די אנטלאָפענע. ניט באקומענ די אנטלאָפענע, האָט װייַס באפוילנ זייַנע מעשאָרסימ, מע זאָל אימ טייקעפ אופקלייַבנ װעלכע-ניט-איז זיבנ יידנ. מע האָט אימ געבראכט זיבנ אלטע לייַט, צװישנ זיי עטלעכע קראנקע. װייַס האָט דערזענ די אלטע, האָט ער זיכ אָנגעצונדנ, אונ זייַנע אויגנ האָבנ שיר ניט ארויסגעשפּארט דורכ די ברילנ.

— עס איז מיר א שאנד צו קומענ מיט אזעלכע אינ פּאָנאר. איכ באדארפ יונגע! — האָט ער געטופּעט מיט די פיס. ער איז אריינ אינ געטאָ-טורמע אונ דערזענ יאָשקע מאטיקאנסקי, א געזונטנ, שיינעמ באָכער פונ א יאָר 19. װייַס האָט זיכ אזש צעשמייכלט. זייַנ צאָרנ איז אװעק װי א רויכ.

— אָט אזעלכע דארפ איכ! — האָט ער אינ פרייד אויסגעשריענ צו זייַנע מיטהעלפער, — אָט אזעלכע דארפ איכ! — ער האָט אָפּגעלאָזט צװישנ די זיבנ איינעמ א קאליקע אונ אימ פארביטנ מיט יאָשקע מאטיקאנסקי.

* * *

סאָלאָמאָנ גארבעל, לויטנ אופטראָג פונ דער פּארטיזאנער-אָרגאניזאציע — א פּאָליציאנט פונ געטאָ, דערציילט:

„דעמ 6-טנ אפּרעל 1943, אפ מאָרגנ נאָכ דער שכיטע איבער די פיר טויזנט פּראָװינצער יידנ, איז װייַס אריינגעפאָרנ אפ א ראָװער

 1116—6

איןּ גֶעטאָ און געדרופּן ייִדישע פּאָליציי צו מעקאַבער זײַן די טויטע. מיר זײַנען אוועק זאַלבעצענט. ווײַס איז פּאָרויס געפאָרן אַפּ זײַן ראָ־ווער און געוויזן דעם וועג.

שוין א האַלבן קילאָמעטער פון פּאָנאַר, נאָענט פון דער באַנ-ליניע, האָבן מיר געפונען טויטע. דאָס זײַנען די, וואָס האָבן גע־פּרוווט אַנטלויפן. די דײַטשן האָבן אין זיי נאָכגעשאָסן. אַפּן טויער, וואָס האָט געפירט צום אָרט פון די עקזעקוציעס, איז געהאַנגען א שילד: „אײַנטריט אויך פאַר דײַטשע אָפיצירן שטרענג פאַרבאָטן!" דורך דעם זעלבן טויער זײַנען אַרײַנגעצויגן רעלסן: די קאָרבאָנעס, וואָס מע פירט מיט דער באַן, זאָלן גלײַך צוקומען צו די גריבער. וואָס ווײַטער מיר זײַנען געגאַנגען, אַלץ שרעקלעכערס האָבן מיר גע-זען. דאָס גראָז איז רויט געווען פון בלוט. דאָס גאַנצע פעלד איז פאַרלייגט געווען מיט מייסים. די ביימער זײַנען באַשפּריצט געווען מיט מאַרך. בײַ די שטאַמען זײַנען געלעגן צעשמעטערטע קינדער. איך האָב געזען א סאַך קינדער איבערגעריסענע אַפּ העלפט. א פּיסל דאָ און א פּיסל דאָרטן. אַנדערשוווּ האָב איך באַמערקט בלויז קינ-דערשע קעפּלעך. אַפּן פּלאַץ האָבן זיך געוואַלגערט דאָקומענטן, ווי-זיט-קאַרטלעך, פאָטאָגראַפיעס, צעריסענע רובלס. צווישן די מייסים איז געלעגן אויך א דײַטש מיט אן איבערגעשניטענעם גאָרגל, דאָס האָט אים מיסטאַמע געקוילעט א ייִד, אַנטלויפנדיק פון וואַגאָן. ווײַס האָט אונדז געגעבן בראַנפן און אָנגעזאָגט: אַרבעטן זאָל מען ער-לעך. די אָנגעטאָנענע מייסים זאָל מען אויסטאָן און פאַרגראָבן מיט אן אָרדענונג. די קליידער זאָל מען אוועקלייגן אָן א זײַט, באַזונ-דער די מענערשע, באַזונדער די פרויִשע. דאָס געפונענע גאָלד האָט ער געהייסן אַרײַנוואַרפן אין אן עמער. דער, וואָס וועט זיך דער-וועגן צו גאַנווענען, וועט דערשאָסן ווערן. אָפּגעזאָגט די אַלע אינ-סטרוקציעס, האָט ער אונדז אַרופגעפירט אַפּ א דערבײַיִק בערגל, אָנ־געוויזן אַפּ באַזונדערע פאַרברוקירטע פלעצער און געזאָגט:

— דאָ ליגן די ייִדן פונעם כאַפּונעס-פּעריאָד (דאָס וואָרט „כאַפּונעס" האָט ער געזאָגט אין ייִדיש און געשמייכלט דערבײַ פון זײַן גרויסער באַהאַוונטקײַט). דאָ ליגן ציגײַנער. דאָ ליגן די יעניקע, וואָס האָבן געזאָגט: „ניע דאַמי סיען"[1], ד. ה. פּאָליאַקן. דאָ זײַ-

---

1 מיר וועלן זיך ניט אונטערגעבן (פּויליש).

נען ליטווינער, וואָס זײַנען קעגן אונדז. דאָרט זײַנען קריגס-געפאנגענע פון גאנצן רוסלאנד. און דאָרט,—האָט ער אָנגעוויזן אין דער ווײַט באַם האָריזאָנט,—איז נאָך די ערד א פוסטע. נאָר דאָס איז ניט אף לאנג: אף דער וועלט זײַנען נאָך צו פיל מענטשן!

אייניקע קאָרבאָנעס האָבן נאָך געלעבט. מיר האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, נאָר באַם אופהייבן זיי פון אָרט זײַנען די פארוווּנדעטע געשטאָרבן. א סאך יידן האָבן געהאַט מיט זיך טאַלייסים. בא אנדערע האָבן מיר געפונען אין די קעשענעס בריוו. פאַרנדיק אין די פארדראָטעוועטע באנען, האָבן זיי דאָס געשריבן. אין איין בריוו, געדענק איך, איז אזוי געווען: „יידן, מע פירט אונדז שיסן! איר זאָלט נעמען נעקאָמע! פלעקסער פון סווענציאַן".

באַם ארויסטראָגן די פארבלוטיקטע פעק פון די וואגאָנעס האָבן מיר געפונען אײַנגעוויקלט אין שמאַטעס א לעבעדיק קינד. דאָס קינד האָט זיך באַהאלטן, און קיינער האָט עס ניט באַמערקט. זײַן נאָמען איז בערעלע גאָלדשטיין פון מיכאַלישאָק. ער האָט דערקענט, אז מיר זײַנען יידן און זיך געבעטן: „ראַטעוועט!" מיר האָבן אים ארויסגעהיט פון ווײַסן און אריבערגעטראָגן אין געטאָ.

מיר האָבן מעקאבער געווען בא א פינף הונדערט יידן: אלע, וואָס זײַנען געלעגן צעוואָרפענע איבער די פעלדער, אלע, וואָס האָבן זיך ניט ארויסגעטאָן און געפרוווּט צעלויפן. די איבעריקע זײַנען געלעגן אָנגעוואָרפן אין א טאָל, און מע האָט זיי געדאַרפט בלויז פארגיסן מיט כלאָרקע.

מיר זײַנען זיכער געווען, אז דאָ וועלן מיר שוין בלײַבן. ווײַס וועט אונדז דערשיסן. נאָר פלוצלינג איז ער אָנגעקומען א שיקערער און צו אונדז געזאָגט: „איר זײַט די איינציקע, וועלכע זײַנען געווען אף פּאָנאר און קערן זיך אום אהיים. דאָס איז דערפאר, ווײַל איר זײַט ערלעכע יידן".

פארן צוריקגיין אין געטאָ האָב איך דערזען אן אויסטערליש בילד: דער קייוועך, ווו מיר האָבן באגראָבן די יידן, האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן. און פון מינוט צו מינוט איז ער געוואַקסן אלץ העכער... ווײַס האָט אונדז באַרויקט: „דאָס נעמען געשוואָלן ווערן די קערפּערס און הייבן די ערד".

* * *

די טשעכישע ייִדן האָבן פון פּאָנאר ניט געהערט. זיי זײַנען געווען זיכער, אז דאָס פירט מען זיי טאקע אפ ארבעט. די זיכערקײַט האָט זיך גענומען דערפון, וואָס פופציק טשעכישע פּאָליציאנטן האָבן זיי באגלייט אין וועג. די פּאָליציי האָט ניט געוווּסט אליין, אז דאָס פירט מען צו דער שכיטע. ווען די ייִדן האָבן ארויסגעוויזן מוירע זיך ארויסצוקלײַבן פון דער היים, האָבן די דײַטשן געזאָגט: קעדיי איר זאָלט האָבן צוטרוי, אז מיר פירן אײַך אפ ארבעט, ניט אנדערש־ווו, וועלן מיר אײַך מיטגעבן טשעכישע פּאָליציי אײַך צו באהיטן...
די ייִדן זײַנען געוואָרן רויִקער. מע איז געפאָרן.

אפ דער באן־סטאנציע אין ווילנע האָבן ארבעטנדיקע געטאָ־ייִדן באמערקט דעם עשעלאָן.

— וווהין פאָרט איר? — האָבן געפרעגט די ווילנער.

— נאָך דער שטאָט פּאָנארי, — האָבן געענטפערט די טשעכישע בירגער, און זיי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט דער טשעכישער פּאָליציי. די האָט מען אויך אומגעבראכט. אפ מאָרגן האָט מען ארײַנגעפירט אין געטאָ פּאָ קליידער מיט לאטעס און טשעכישע אוניפאָרמען.

# די קליידער

די קליידער פון די אומגעבראכטע מענטשן האָט מען זאָרגעווּדיק געהיט. אין געסטאפּאָ־הויף, אין די לאגערן האָט מען געצוווּנגען די געטאָ־ייִדן צו סאָרטירן די בגאָדים. מײַער, א ווינער דײַטש, האָט אָנגעפירט מיט דער ארבעט. די סיסטעם איז געווען א פּאָשעטע: שיך באזונדער, מאנטלען באזונדער, אזוי אויך יעטווידער קליינִיקײַט, וואָס מע פלעגט געפינען אין די קליידער.

די לאטעס פלעגט מען דארפן ארויסרײַסן. דערבײַ אָבער האָט מײַער אָנגעזאָגט, אז צו איינציקע פון די פארשיידנארטיקע אָפּצייכנס און לאטעס זאָל מען איבערלאָזן פאר אים. דאָס קלײַבט ער א קאָלעקציע. און צייכנס זײַנען געווען פארשיידענע: ווײַסע פירקאנטיקע טיכלעך און אינווייניק אין א געלן קרײַז א 𝔍 (יודע). בלויע אָרעמבענדער מיט א ווײַסן מאָגן־דאָוויד. געלע מאָגן־דאָווידס מיט א שווארצן קאנט און אינווייניק א „Jude“ (די לעצטע זײַנען פון דעם עשעלאָן טשעכישע ייִדן, וואָס מע האָט געבראכט אין ווילנע). לאטעס געלע, בלויז א מאָגן־דאָוויד, און לאטעס רויטע, פירקאנטיקע.

אויך די נומערירטע בלעכלעך, וואָס מע פלעגט טראָגן אין ווילנע אפ די העלדזער, אויסער דער לאטע, פארשיידנסטע דאָקומענטן און שײַנען פון אלערליי קאָלירן — דאָס אלץ האָט מען באדארפט אָפּגעבן מײַערן, דעם פרומען קאטויל, אפ אן אָנדענק.

איבער די קליידער פלעגן אָפט די געסטאפּאָווצעס זיך קריגן. כאָטש איטלעכער פון די מערדער האָט פאר דער צײַט זיך אָנגעראַבעט טשעמאָדאנען מיט גאָלד, דאָך איז יעדערן געווען א שאָד דורכצולאָזן א געלעגנהײַט. באם סאָרטירן און באטאפּן די קליידער פלעגן זיך אפ זיי ארופוואַרפן אין די צענדליקער געסטאפּאָ-לײַט.

ווײַס, דער הויפּט-שוטעף צום געשעפט, האָט זיך באליידיקט: וואָס הייסט? ער האָט אופגעגראָבן דעם גאָלד-קוואל, און אנדערע נעמען עס צו! פון דעמלט אָן האָט ער זיך גענומען אין פּאָנאר א געהילף, וואָס זײַן ארבעט איז באשטאַנען בלויז אין דורכטאפּן די קעשענעס פון די דערשאָסענע — ערשט נאָכדעם האָט מען גענומען די בגאָדים אוועקפירן אין געסטאפּאָ.

נאָך יעדער שכיטע פלעגן די דײַטשן דערפילן צו די פארבלייבענע א „ראכמאָנעס“. די ערגערע שיך, ווי אויך מאנטלען פון די הארוגים פלעגן זיי ארײַנשיקן א מאטאָנע פאר דער געטאָ. איך האָב אמאָל אפ א וואָגן שיך דערקענט דער מאמעס א טופל.

## דער באלעבאָס פון פּאָנאר

שוויינענבערגן האָט מען אָפּגעשיקט אפן פראָנט. מארטין ווײַס איז געוואָרן זײַן פארבײַטער — דער נאטשאלניק פון „איפּאטינגא“, דער באלעבאָס פון פּאָנאר.

ווײַס איז ניט בלויז אן אויספירער. ניין. ער האָט ליב זײַן קונסט, ווי דער מוזיקער זײַן פידל. זײַן גרעסטע פרייד איז, ווען מיט די אייגענע הענט דערשטיקט ער קינדער. אין פּאָנאר גופע, ניט ווײַט פון די גריבער, האָט ער זיך אויסגעבויט א דאטשע. קעדיי ער זאָל זיך פארריכטן, מוז ער האָבן בלוט.

דעם 17-טן יולי 1941, ווען ער איז נאָך געווען שווײַנענבערגס געהילף, האָט ער געמאכט די ערשטע רעפּעטיציע. אונטערן אויסרייד, אז יידן האָבן געהארגעט א דײַטש, האָט ער פּאָגראָמירט די גאס נאָוויגראָד. פינף הונדערט יידן האָט ער צעשאָסן אפן גאס. עטלעכע טויזנט האָט ער געכאפּט און אוועקגעפירט אין דער לוקישקער טורמע.

אפנ וועג האָט ער באַפוילנ ארויסצוציִענ פונ די הויזנ די גארטלענ, אזוי אז די הויזנ זײַנענ אראָפּגעפאלנ. די ייִדנ האָבנ עס ניט געקענט אופהייבנ, ווײַל די הענט האָט מענ געצוווזט האלטנ אינ דער הייכ, פארבראָכנ איבער די קעפ. פאָרויס פונ דער פראָצעסיע איז געגאנגענ דער ראָוו פונ נאָוויגאָראָד סעגאל.

דעמ 6-טנ סענטיאבער 1941, ווענ מע איז ארײַנ אינ געטאָ, האָט ווײַס ארײַנגעפירט פארנ האנט דורכנ געטאָ-טויער דאָס מיידעלע גיטע פערלאָוו, וואָס האָט ניט געהאט קיינ געלע לאטע. דאָס מיידעלע, אנ עלפיעריקע שילערנ פונ דער ווילנער רעאל-גימנאזיע, האָט מיסטאמע געמיינט, אז ווײַס איז א „גוטער דײַטש”, וואָס וויל זי ראטעווענ פונ די כאַפּונעס. נאָר זי האָט געהאט א טאָעס. ער האָט זי אוועקגעשטעלט בא א וואנט אונ דערשאָסנ.

* * *

זעלדע איינהאָרנ, וואָס איז אנטלאָפנ פונ פאָנאר, ווו זי האָט געזענ, ווי מע האָט דערשאָסנ איר מישפּאָכע, האָט מיר דערציילט, וויאזוי עס איז אומגעקומענ צערנע מאָרגנשטערנ, די טאָכטער פונ א ווילנער לערער, א וואונדער-שיינ מיידל פונ אכצנ יאָר.

...זי איז געגאנגענ אינאיינעמ מיט איר מאמענ אונ קליינעמ ברודערל. נאָענט בא דער גרוב האָט מענ איר געהייסנ זיכ אויסטאָנ. ווער עס האָט ניט געפאָלגט — דעמ האָט מענ אויסגעשטאָכנ די אויגנ. עס איז געווענ אָוונט. אָקאָרשט איז אופ די לעוואָנע. ווענ צערנע איז צוגעגאנגענ צו דער גרוב שוינ האלב אויסגעטאָנ, איז צוגעלאָפנ ווײַס, זי גענומענ אונטערנ אָרעמ אונ זי אָפּגעפירט זײַט א זײַט. ער וויל זי ראטעווענ. צערנע האָט זיכ געריסנ פונ זײַנע הענט, געוואָלט בעסער אומקומענ צוזאמענ מיט איר מאמענ אונ קליינעמ ברודערל, וואָס זײַנענ שוינ געלעגנ דערשאָסענע. נאָר ווײַס האָט זי ניט אָפּגעלאָזט. „אזא שיינ מיידל ווי דו, — האָט ער געטענהט, — טאָר ניט שטארבנ”. ער האָט זי אָפּגעשלעפּט נאָכ ווײַטער פונ גרוב. צערנע האָט געוויינט, געוואָלט פונ אימ אנטלויפנ, נאָר ווײַס האָט זי געהאלטנ פאר דער האנט אונ ניט געלאָזט לויפנ.

— ווי שיינ עס איז די וועלט, — האָט ער אָנגעוויזנ אפ די ביימער, אינ וועמענס צווײַגנ עס האָט זיכ געזיפּט די לעוואָנע. — אונ דו, יונג מיידל, ווי שיינ דו ביסט אינ לעוואָנע-שײַנ! — אזוי האָט ער גערעדט צו איר ווי א יונגער פארליבטער, דערציילט פאר דער אומגליקלעכער די שיינקײַט פונ לעבנ, אונ פונ היִנטער-ארומ אויס-

געצויגנ דעמ רעוואָלווער און אַרײַנגעשאָסנ איר אינ קאָפּ. נאָכדעמ האָט ער זיכ הויכ פאַנאַנדערגעלאַכט און א גויסעסדיקע זי געשלעפּט פאַר דער האַנט צו דער גרוב.

* * *

ווײַס׳ קאַריערע איז גיכ געשטיגנ. פונ א פּאָשעטנ פעלדפעבל איז ער געוואָרנ א הויפּטפירער און שפּעטער — א שטורעמפירער. אפ די עפּאָלעטנ זײַנענ אימ אָנגעוואַקסנ זילבערנע אָפּצייכנס און אפנ ברוסט א האַקנקרייצ מיט א שווערדל.

ווי א שפּאַרבער, וואָס מאַכט ניט קיינ אונטערשייד אינ זײַנ רויב, האָט ער ניט געמאַכט קיינ אונטערשייד צווישנ מענטשנ, אויב נאָר עס האַנדלט זיכ וועגנ טייטנ זיי. צו דער קאָלעקציע האָבנ אימ געפעלט ציגײַנער. האָט ער געמאַכט אנ אָבלאַווע אינ וואַלד, זיי אופגענומענ מיט די פערד און בוידנ און אריבערגעפירט אינ זײַנ קינדערײַכ. פינפ הונדערט פוילישע גײַסטלעכע, גאַלאָכימ און מאָנאַשקעס האָט ער ארויסגענומענ פונ בענעדיקטינער מאָנאַסטיר און געבראַכט אינ לוקישקער טורמע. דאָרט האָט ער זיי געהייסנ זיכ אויסטאָנ און האָט זיי באַקליידט מיט אָקאָרשט אויסגעטאָנענע בגאָדימ פונ דערמאָרדעטע יידנ. מיט געלע לאַטעס אפ די ברוסטנ האָט ער אוועקגעפירט די פינפ הונדערט קיינ פּאָנאַר און זיי אומגעבראַכט. דאָס האָט מיר דערציילט דער ייד ברענײַזנ, וואָס איז דענצלט געזעסנ אינ טורמע.

צו ווײַס׳ אופטו מוז מענ אויכ צורעכענענ דאָס, וואָס ער איז געווענ דער אָרגאַניזירער און אופבויער פונעמ דײַטשישנ מעלוכישנ שאַנדהויז אפ סובאָטש-גאַס 9. כּכוידע פאַר זײַנ אונטערנעמונג האָט ער זיכ דערוואָרבנ אויך: ער האָט מיט זײַנ באַנדע היצליעס ארומגערינגלט דאָס קאַפע-הויז „גרינער שטראַל”, און אַלע מיידלעכ און פרויענ, צי זיי זײַנענ געווענ אַליינ אָדער מיט קאַוואַלערנ, האָט ער מיטגענומענ און אוועקגעפירט אפ סובאָטש. די מיידלעכ האָבנ ניט געטאָרט פונ דאָרטנ ארויסגיינ. פאַר „גוטער אופירונג” פלעגנ זיי באַקומענ מעדאַלנ. קעדיי קיינער זאָל ניט אנטלויפנ, האָט מענ בא אַלע מיידלעכ אפ די פיס אויסגעברענט שטעמפּלענ.

ווענ אפ ווײַס׳ אָרט איז געוואָרנ קיטעל, האָט זיכ ווײַס אריבערגעקליבנ אפ ראָסע-גאַס 10, אינ די געסטאַפּאָ-גערטנער, און זיכ באַשעפטיקט מיט כאָוועג בלומענ.

# דער געזעץ־בוך

ביזן לעצטן טאָג פון דער ווילנער געטאָ זײַנען נאָך געווען אַזױנע פאַראַקשנטע ייִדן, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז ניט אַלעמען האָט מען אין פּאָנאַר אומגעבראַכט: דאָרט זאָל מען האָבן די ייִדן סאָרטירט און די געזונטע געשיקט אַפּ אַרבעט. דערבײַ האָט זיך דעם זאָגער אויסגעדאַכט, אַז צווישן די געזונטע איז געווען זײַן קינד אָדער זײַן טאַטע.

אין דער ווילנער געסטאַפּאָ איז געווען אַ באַזונדער קאַבינעט, ווו ספּעציעל אַראָפּגעבראַכטע דײַטשישע פּראָפעסאָרן האָבן צוגעטראַכט די פאַרשיידנסטע פּלענער, וויאַזוי צו פּײַניקן און אומברענגען די ייִדן. פּראָפ. גאָטהאַרט, געוועזענער לעקטאָר אין בערלינער אוניווערסיטעט און שפּעטער פאַרטרויונגס-מאַן בײַ הימלערן, האָט אָנגעשריבן אַ גענויעם קאָדעקס מיט פינף הונדערט פאַראַגראַפן, ווו עס ווערט מיט אַלע גענויקײַטן דערקלערט, וויאַזוי מע זאָל פאַרטיליקן פעלקער. דער ווילנער ייִד קאַמערמאַכער, וואָס איז געווען באַשטימט ווי אַן עלטסטער איבער די צוואַנגס-אַרבעטער אַפן הויף פון געסטאַפּאָ, האָט מיר אין געטאָ דערציילט, אַז אים האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנצוקוקן אין גאָטהאַרטס געזעץ-בוך. אָט זײַנען עטלעכע פאַראַגראַפן, וואָס ער האָט פאַרגעדענקט:

סטאַם דערשיסן אַ ייִדן — הייסט ניט אויספירן דעם באַפעל פון הימלערן. אַ ייִד מוז פריער געפּײַניקט ווערן.

עס איז ניט דאַפקע געזאָגט געוואָרן, אַז די עקזעקוציעס דאַרפן אויספירן דײַטשן. פאַרקערט, עס איז געווונטשן, אַז אַ דײַטש זאָל בלויז זײַן דער באַפעלגעבער. די עצם אויספאָטונג מעגן אויספירן אַנדערע.

די פּראָצעדור פון טייטן דאַרף מען דורכפירן געהיים. קיינער טאָר זיך ניט דערוויסן דאָס אָרט פון דער עקזעקוציע, קעדיי די, וואָס זײַנען איבערגעבליבן, זאָלן ניט אַנטלויפן.

אין דעם זעלבן געזעץ-בוך איז געווען צוגעגעבן אַ טאַקאָנע ספּעציעל וועגן ווילנע. דאָרטן איז געזאָגט געוואָרן לערעך אַזוי: דער ווילנער ייִד איז דער געפערלעכסטער אין דער וועלט. אויב עס וועלן איבערבלײַבן אין ווילנע כאָטש אַ צען ייִדן, הייסט עס, אַז

מיר האָבנ אונדזערס ניט דערגרייכט. ראכמאָנעס צו דעמ כוינע איז פאראט לעגאבע דער מעלוכע.

די געסטאפּאָ האָט ניט נאָר געוואָלט פיזיש פארטיליקנ די ייִדישע באפעלקערונג — זי האָט זיכ אויכ געמיט צו צעברעכנ די ייִדישע מאָראל אונ פארמיִעסנ אפ אייביקע צייטנ די ייִדישע געשיכטע. דאָס לעצטע איז געווענ אזוי וויכטיק, ווי די עצעמ אויסראָטונג. אָט איז די פּראָגראמ: צווינגענ ייִדנ פארנ פרייַנ פונ צייטווייליקנ לעבנ צומצוברענגענ זייערע ברידער. די צייטווייליק געבליבענע פארוואנדלענ אינ גייַסטיקע מייסימ, אָנ א ברעקל ווילנ, אָנ הארצ אונ אָנ געוויסנ, אינ בלינדע אויספירער פונ די דייַטשישע באפעלנ.

* * *

ארומ צוועלפ טויזנט ייִדישע מענער האָבנ די כאפּונעס נאָכ פאר דער געטאָ אוועקגעשלעפט אינ טורמע. הונדערטער זייַנענ ארעסטירט געוואָרנ פארנ ניט צויכפירנ דעמ געביטסקאָמיסארס (הינגסטס) באפעלנ: די געלע לאטע איז ניט געווענ צוגענייט ווי עס באדארפ צו זייַנ; א ייִד האָט ניט אָפּגעגעבנ זייַנ גאָלד אונ זילבער; עמעצער האָט זיכ פארגעסנ אונ איז געגאנגענ אפנ טראָטואר. אינ אלע אזעלכע פאלנ האָט מענ די ייִדנ אוועקגעפירט אינ דער לוקישקער טורמע. ווו די אוועקגעפירטע קומענ אהינ, האָט מענ ניט געוווסט. די ווייַבער, וואָס האָבנ זיכ געקליבנ בא דער טורמע, האָט מענ געמאָלדנ, אז אינ א כוידעש ארומ וועלנ זיכ די מענער אומקערנ; געלט אונ עסנווארג באוויליקט מענ צו נעמענ.

נאָר די מענער האָבנ שוינ דעמלט אינ קיינ פעקלעכ זיכ ניט גענייטיקט. מע האָט זיי אלעמענ געהאט אויסגעהארגעט. די ייִדנ אפ דער „פרייַ״ האָבנ אָבער דערינ ניט געגלייבט. נויגעבויערס קאבינעט אינ געסטאפּאָ איז געווענ גענוג כיטרע אפ צעטומלענ די באפעלקערונג אפ קאָלערליי אויפאנימ. בא א הונדערט פונ די געכאפּטע מענער האָט מענ ווירקלעכ אוועקגעשיקט לעבנ פסקאָוו אפ ארבעט. פונ דאָרטנ האָבנ זיי געשריבנ בריוו. א פרייד האָט ארומגענומענ די ווילנער ייִדנ: יעדער האָט זיכ געטראכט, אז זייַנ זונ לעבט, אז זייַנ טאטע וועט זיכ בעקאָרעוו אומקערנ.

ווענ מע איז שוינ געווענ אינ געטאָ אונ עס איז ניט אריבער א טאָג, מע זאָל אויכ פונ דאָרט ניט פירנ צו דער שכיטע, האָט מענ נאָכ אלצ ניט געגלייבט, ריכטיקער ניט געוואָלט גלייבנ, אז די מענטשנ וועלנ זיכ שוינ קיינמאָל ניט אומקערנ. עס האָט ניט געהאָלפנ דאָס

שווערן זיך פון דערביי:קע פויערים, אז זיי האָבן אליין געזען פונ-
דערוויַיטן די פּראָצעדור פון דער עקזעקוציע. נאָך מער: אין יאַנוואַר
1942 איז פון טויט-גראָבן אַנטלאָפן די באַקאַנטע ווילנער לערערן
טעמע קאַץ. זי איז צוריקגעקומען אין געטאָ א פאַרגאָסענע מיט בלוט
און מיט אלע געגניקייטן דערציילט, וויאַזוי זי איז אַרויסגעקראָכן
פון אונטער א קופּע דערשאָסענע:

„אַלעמען האָט מען אין פּאָנאַר אומגעבראַכט. קיינער פון די גע-
כאַפּטע וועט זיך ניט אומקערן. מע וועט אונדז אַלעמען אומברענ-
גען", — האָט זי געזאָגט צום יודנראַט, צו אירע באַקאַנטע דאָקטוי-
רים אין געטאָ-שפּיטאָל, ווו מע האָט איר אַרויסגענומען די קוילן.
אָבער קיינער האָט עס ניט געוואָלט הערן. יעדער האָט זיך געטראַכט:
אויב אַפּילו עס איז עמעס, וועט עס מיט מיר ניט פּאַסירן. בלויז א
קליינע צאָל באַוווסטזיניקע יוגנט האָט געגלייבט אין דער ריכטיקייט
פון איר דערציילן און האָט פון די ערשטע טעג אין געטאָ גע-
גרייט א ווידערשטאַנד די דייטשישע טאַליאָנים.

ווען דאָס וואָרט פּאָנאַר איז ניט אַראָפּ פון די ליפּן
און מע האָט געגומען לויפן פון געטאָ אין פּראָווינץ, איז געשען
אַזוינס: דער פּארמיטלער פון געטאָ און געביטסקאָמיסאַר — דער נאַ-
טשאַלניק פון דער ווילנער „אייפּאַטינגא" בוראַקאַס פלעגט צושטעלן
פּראָדוקטן פאַר דער געטאָ. דער ייד טראַפּידאָ, וואָס פלעגט גיין צו
אים מיקויעכ ברויט פאַר דער געטאָ, האָט איינמאָל אָפּ בוראַקאַס'
טישל דערזען א רעשימע מיט אויסגעשריבענע פּראָדוקטן פאַר דריי
געטאָס. דערביי איז בא די ווערטער „דריטע געטאָ" געווען צוגעגעבן
אין קלאַמערן „אין פּאָנאַר". געטאָס זיינען געווען דעמלט אין הויל-
נע צוויי. וועגן דעם, אַז עס איז פאַראַן אויך א געטאָ אין פּאָנאַר,
האָבן יידן זיך דערוווּסט פון טראַפּידאָ. ער האָט דאָך אליין געזען
דעם אופשריפט בא בוראַקאַסן: פּאָנאַר — די דריטע געטאָ!

דער ברייטער אוילעם האָט זיך אָפּ א ווייַלע באַרויִקט. גויגע-
בויערס קאַבינעט האָט דאָס זייניקע דערגרייכט.

## פונוואַנען האָט מען גענומען שפּייז

א ייד האָט ניט געטאָרט פאַרמאָגן בא זיך מער ווי דריי הונ-
דערט רובל, דאָס הייסט דרייסיק מאַרק (אין שטאָט און אין געטאָ
האָבן געגאָלטן ביידע וואַליוטעס). דעם 6-טן סענטיאַבער 1941 באַגינען
האָט מען פּלוצלינג זיך אַרײַנגעריסן אין די הייזער און אין צוויי מעשעכ
פון איין טאָג פוסט געמאַכט די שטאָט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

ניט אַלע האָבנ באַוויזנ אַפּילע מיטצונעמענ א שטיקל ברויט זונ א האַנטעכ. דאָס האָב-אונ-גוטס איז טייקעפּ פאַרכאַסמעט געוואָרנ מיט אַנ אויפשריפט: „דויטשעס אײַגנטום”. עמעס, אינ דערוואַרטונג אַפּ א געטאָ האָבנ אייניקע זיכ געקליגט פונ פריִער אונ פאַרגראָבנ אינ דער ערד א טייל פונ זייער פאַרמעגנ. די גרעסערע זאַכנ ווי מאַנטלענ, קליידער, שיכ אַזוי. האָט מענ אָפּגעגעבנ צו באַהאַלטנ די ניט-ייִדישע שכײנים. אָבער דאָס אַלצ האָט, פאַרשטייט זיכ, ניט געלייזט די פראַגע פונ דערנערונג אונ קליידונג.

אַרום 29 טויזנט מענטשנ האָבנ זיכ צוערשט געפונענ אינ דער ערשטער געטאָ. אַפּ דער דאָזיקער צאָל האָט מענ אַרויסגעגעבנ ברויט-קאַרטנ אַפּ 7849 קילאָגראַמ ברויט אַפּ פינפ טעג. דאָס הייסט אַנ ערעכ 50 גראַמ אַפּ א מענטשנ א טאָג.

ווערליק דעמ באַפעל פונ מערדערנ האָט דער ייִדנראַט אַליינ זויס-געהאַנגענ אַפנ טויער א שילד, וואָס האָט געוואָרנט, אַז דאָס אַרײַנ-טראָגנ יעטווידער מינ עסנווארג אונ האָלצ איז פאַרבאָטנ.

די ערשטע טעג איז מענ אַרומגעלאָפנ אינ דער געטאָ ווי מע-שוגע. אינ קאַמפּ פאַרנ לעבנ האָט מענ פאַרגעסנ דעמ טויט. מע האָט זיכ אויפגערעדט מיט דערבײַיִקע ניט-ייִדישע פרײַנטלעכע שכײנים, וואָס זיי-ערע פענצטער זײַנענ אַרײַנגעקומענ אינ געטאָ, אונ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א האַנדל—פול מיט געפאַר פאַר ביידע צדאָדימ. אינ אָנהייב איז אָט דער האַנדל פאָרגעקומענ פּרימיטיוו: פונ א פענצטער האָט זיכ אַראָפּגע-לאָזנ א שטריק, אַפּ דעמ שטריק האָט דער געטאָ-מענטש אָנגעבונדנ געלט, ווערטזאַכנ אָדער קליידער, אונ דער שאָכנ פלעגט עס אַרופציִענ אונ מיטנ זעלבנ שטריק אַראָפּלאָזנ פּראָדוקטנ. ערעוו יאָמקיפּער האָבנ אַפּ אַזאַ אויפנ זיכ אַראָפּגעלאָזנ אינ געטאָ צענדליקער הענער אַפּ קאַפּאָרעס. שפּעטער האָט דער האַנדל אָנגענומענ גרויסע פאָרמענ. איבער די בוידעמער פונ דײַטשישע 21, וואָס האָבנ זיכ געגרענעצט מיט די מויערנ פונ אוי-סערנ געטאָ, דורכ דער מאַלינע אַפּ סטראַשונ-גאַס 3 פלעגט מענ אַרײַנשמוגלענ נאַכט נאָכ נאַכט צענדליקער פודנ קאָלעריִיע פּראָדוקטנ. דאָס האָט געקאָסט געלט אונ שרעק. געלט פאַר די זשאַנדאַרנ, וואָס היטנ דעמ טויער, אונ שרעק פאַר מערדערנ, וועלכער האָט געטשאַטע-וועט ווי א הונט.

צוזאַמענ מיט אַנדערע לעבנסוויכטיקע אַנשטאַלטנ האָט זיכ בא דער ייִדישער געטאָ-אַדמיניסטראַציע געשאַפנ א באַשפּײַז-אָפּטייל, וואָס האָט געפרווט מיט ריזיקאַלישע מיטלענ ראַטעווענ די באַפעלקערונג פונ הונגער-טויט.

דער יידנראט האָט געשאפן אין געטאָ פינף פאָלקס-קיכן. צווישן זיי איז איינע קיך באשטימט געווען פאר קינדער און איינע פאר פרומע, וואָס היטן אָפּ קאשרעס. אין אָקטיאבער 1941 ווערט געעפנט דער אָפּטייל פאר געזונט-שוץ, און אפ סטראשון-גאס 12 ווערט באלד אָרגאניזירט א מילך-קיך פאר גאָר קליינע קינדער און קראנקע. פון כאָרעווע יידישע רעסטאָראנען האָט מען אריינגעבראכט קעסלען, און מיטן האָלץ פון צעכומענע הייזער האָט מען די קעסלען געווארעמט.

אין נאָיאבער 1941, אין סאמע מיט פון די בלוטיקע געשעענישן, ווען די געטאָ-באפעלקערונג האלט קעסיידער אין פאלן, האָבן די פאָלקס-קיכן פארן כוידעש ארויסגעגעבן 66 טויזנט מיטיקן.

צוזאמען מיט די צוריקגעקערטע פון באהעלטענישן און אנטלאָפענע פון פאָנאר זיינען אין געטאָ דעמלט געווען ארום 18 טויזנט מענטשן. 6 טויזנט זיינען געבליבן אָן שפייז-קארטן. מע האָט זיי גערופן „ווייסע שיינען", ווערליק דעם נאָמען פון אמאָליקן ווייסן שיין, וואָס מער איז ער ניט גילטיק. דערצו נאָך האָט א באזיצער פון א געלן שיין מוירע געהאט צו וווינען אינאיינעם מיט א ווייס־שייניקן. מע האָט פארשטאנען: אין דער נאָענטסטער שכיטע וועלן גיין די ווייסע שיינען. אויב מיט זיי אינאיינעם וועלן וווינען אויך אנדערע קאָלירן, וועלן די כאפונעס ניט מאכן קיין כילעק.

אין געטאָ זיינען שוין דענסטמאָל געווען דריי קאָאָפּעראטיוון פאר די 2 טויזנט ארבעטער, וואָס האָבן געהערט צום יידנראט און האָבן געארבעט בלויז אין געטאָ אין די פארשיידנסטע אינסטיטוציעס און ווארשטאטן. אין די דריי קאָאָפּעראטיוון האָט מען אריינגעשמוגלט פיל שפייז אפ אן אומלעגאלן וועג. די אָנגעהעריקע צו די דאָזיקע קאָאָפּעראטיוון האָבן זיך געשטעלט פאר א ציל צו באשפייזן די „ווייסע שיינען". זיי האָבן געשאפן א קאָמיטעט צו העלפן די אָרעמע.

פונעם דאָזיקן קאָמיטעט האָבן זיך שפעטער אויסגעבילדעט דריי וויכטיקע אינסטיטוציעס: סאָציאלע פארזאָרגונג, געזעלשאפטלעכער הילפס-קאָמיטעט און ווינטער-הילפס-קאָמיטעט.

די סאָציאלע פארזאָרגונג האָט געהאָלפן מיט געלט און פראָדוקטן אלעמען, וואָס האָבן זיך צו איר געווענדט. מיט א צעטל פון דער סאָציאלער פארזאָרגונג האָט מען געהיילט אומזיסט אין דעם געטאָ-שפיטאָל, האָט מען באקומען אומזיסטע רעפועס אין אפטייק און באזונדערע צוגאָבן ווי מילך און פוטער פאר שוואכע מענטשן, וואָס האָבן זיך אין דעם געניטיקט. די סאָציאלע פארזאָרגונג האָט אויך באפרייט פון צאָלן דירע-געלט און פון פארשיידענע שטייערן אין געטאָ,

פארנ יאָר 1942—1943 האָט דער אנשטאלט ארויסגעגעבנ דער באפעלקערונג אָנדערהאלבנ מיליאָנ רובל אינ געלט, מיטיקנ אונ היילונג אונ האָט אויסגעהאלטנ אינ געטאָ א רייי קינדער-אנשטאלטנ אונ דעמ מוישעוו-זקיינים. דאָס געלט האָט דער הילפס-קאָמיטעט באקומענ פונ קאָנפיסקירטער דורכנ יידנראט וואליוטע, פונ די שטייערנ, וואָס איטלעכער געטאָ-בירגער האָט געמוזט צאָלנ דער געטאָ-פארוואלטונג אאוו. די סאָציאלע פארזאָרגונג האָט אויכ געהאָלפנ די קאָנצענטראציע-לאגערנ אינ רעשע, בעזדאנ, ביאלאָוואקע אונ די דעמלט נאָכ געבליבענע געטאָס אינ סווענציאנ אונ אָשמענע.

גאָר אנ אנדער אופגאבע האָט אויסגעפירט דער געזעלשאפטלעכער הילפס-קאָמיטעט, אינ וועמענס פארוואלטונג עס זיינענ געווענ פאָרשטייער פונ אלע גרופ-רונגענ אינ געטאָ. אינ געזעלשאפטלעכנ הילפס-קאָמיטעט פלעגט מענ ניט קומענ בעטנ, ער האָט געגעבנ אליינ. זיכ דערוווסט, אז א לערער, א שרייבער, אנ אקטיאָר אָדער א פרוי פונ אנ אומגעבראכטנ געזעלשאפטלעכנ טוער געפינט זיכ אינ שווערע באדינגונגענ, פלעגט מענ אריינטראָגנ צו יענעמ אינ שטוב געלט, ברויט, קליידער אָדער אומזיסטע קארטלעכ אפ מיטאָגנ אינ די ניי-אויסגעבויטע קיכנ.

אינ משעכ פונ יאָר 1942—1943 האָט דער געזעלשאפטלעכער הילפס-קאָמיטעט געהאט אופגעקליבנ אינ געטאָ צוויי מיליאָנ רובל. דאָס געלט איז אריינגעקומענ אפ אנ אָרגאניזירטנ אופנ: די יידישע גרופנ, וואָס האָבנ געארבעט אינ שטאָט (צוזאמענ ארומ אכט טויזנט מענטשנ), האָבנ כוידעשלעכ זיכ געמוזט באשטייערנ פארנ הילפס-קאָמיטעט. די גרייס פונ דער באשטייערונג איז געווענ ווענדליק די מעגלעכקייטנ פונ די גרופנ: וואָס מער זיי האָבנ געשלעפט בא די דייטשנ (פראָדוקטנ, קליידער, שטיוול, פעלצנ), אלץ מער האָבנ זיי געדארפט אריינטראָגנ אינ קאָמיטעט.

כוץ די גרופנ פלעגנ אויכ צאָלנ גרויסע שטייערנ פארנ הילפס-קאָמיטעט די קאָלערליי געהיימע קראָמענ, רעסטאָראנענ, קאפע-הייזער, וואָס האָבנ זיכ באוויזנ אינ געטאָ שוינ אינ די ערשטע טעג. עס איז אויכ אָנגעקומענ געלט פונ ווארשע. דאָס האָט געהיימ געשיקט גיטערמאנ — דער דירעקטאָר פונ דזשאָינט.

דער ווינטער-הילפס-קאָמיטעט האָט זיכ דעריקער פארנומענ מיט באזאָרגנ קליידער פאר דער באפעלקערונג פונ געטאָ. ווי מיר ווייסנ, זיינענ אינ געטאָ נאָכאנאנד פאָרגעקומענ שכיטעס. פונ די פופצנ טויזנט, וואָס זיינענ אוועק צומ טויט, האָבנ א סאכ זייערע קליידער איבערגעלאָזט

אין געטאָ. מע האָט אָט די קליידער געזאַמלט און צעטיילט די לע־בעדיקע. אויך א טייל פארבלוטיקטע מאלבושים פון די דערמאָרדעטע איז קעגן אונדזער ווילן אריינגעקומען אין געטאָ. און עס איז ניט געווען קיין אנדער ברייַרע: די לעבעדיקע האָבן עס אָנגעטאָן.

אָבער דאָס אלץ האָט ניט פארדעקט די נאקעטקייט פון דער באפעלקערונג. דער ווינטער־הילפס־קאָמיטעט האָט געפירט אן אינטענ־סיווע ארבעט אין אופזאמלען בא דער באפעלקערונג קליידער. ווער עס האָט געהאט צוויי פאָר קליידער, צוויי קאָסטיומען, צוויי פאָר שיך, האָט איין פאָר געדארפט אָפגעבן דעם קאָמיטעט. איבער דער געטאָ האָט זיך באוויזן א לאָזונג: „דעם הונגעריקן—ברויט, דעם נא־קעטן — בגאָדים״.

טויזנטער פאָר שיך, מאנטלען און קאָסטיומען האָט מען איבער־געניי־ט און פאריכט אין די ווארשטאטן פון געטאָ. אין מעשעכ פון איין כוידעש האָט דער קאָמיטעט אויך אופגעזאמלט א מיליאָן רובל אפ צו פאריכטן, איבערנייען און אופנייען נייע קליידער פון די דורכן קאָנ־יטעט קאָנפיסקירטע שטאָפן, וואָס פלינקע הענט האָבן ארויסגע־טראָגן פון די דייטשישע מאגאזינען.

א העלפט באפעלקערונג פון געטאָ האָט געגאָסן אפ פארשיידענע אויפאנים פון דער סאָציאלער הילף. די אנדער העלפט האָט זיך פאר־נומען מיט ארויסגאנווענען כפייצים פון פארשיידענע דייטשישע אנשטאלטן.

עס האָט זיך אפילע געשאפן אן ארגאָ (א פארשטעלטע שפראכ): דער פאראָל „עפל״ האָט באטייט, אז עס גייט א דייטש, און מע דארפ זיין פאָרזיכטיק. „נעם א דאָפטע און פליוכע אָן״ האָט באטייט: נעם א טאָרבע און שיט דאָרט ארייַן גרויפן אָדער צוקער — קיין דייטש זעט ניט. א „קאָמפרעס״ האָט געהייסן א ספּעציעל אופגעניי־טער דאָפּלטער קאָרסעט, וועלכן מע פלעגט אָנטאָן אונטער אלע קליידער אפן נאקעטן לייב און אים אָנפילן רונד ארום מיט מעל, קעדייַ אפ אזא אופן דורכצוטראָגן דורכ דער טויער־וואכ די אין שטאָט איינגעקויפטע אָדער געגאנווטע סכוירע.

די באטאפער האָבן זיך אָבער גיך געכאפט אפ די קונצן מיט די קאָמפרעסן. די שטאָטישע באפעלקערונג פלעגט אָנ־זאָגן מיט צען גאסן פריער די פון דער ארבעט צוריקמארשירנדיקע יידן, אז באם טויער קאָנטראָלירט מורער. און איין ייד פלעגט גלייך איבערגעבן דעם צווייטן: „דער מעם איז אין מאָקעם!״ (דאָס הייסט מורער איז אין געטאָ). דעמלט פלעגט זיך די גאנצע קאָלאָנע זען אריינ־כאפן אין א געסל און איבערווארטן, ביז דער טייוול וועט אוועק פון געטאָ.

נאָר מורערנ איז שווער געווענ צו נארנ. ער האָט פארשטאַנענ, אַז צוליב זײַנ זכוס קערנ זיכ ניט אום די קאָלאָנעס. ער פלעגט ווארטנ ביז 6 אינ אָווגט — ביז די ארבעטנדיקע יידנ איז דערלויבט ארומצוגיינ אינ שטאָט — אונ פלעגט זיכ לאָזנ אפ זײַנ אווטאָ איבער אַלע גאַסנ אופזוכנ די „פארזינדיקטע“ יידנ. די שטראָפ איז געווענ א טאָפּלטע: פארנ ארומגיינ נאָכ זעקס אזייגער אונ פארנ טראָגנ א „קאָמפּרעס“.

דער פאַיאָק ברויט, וואָס די דײַטשנ האָבנ אײַנגעשטעלט פאר אַנ ארבעטנדיקנ יידנ, איז געווענ: דרײַ מיט א פערטל קילאָגראַמ ברויט א וואָכ. דער באַשפּײַז-אָפּטייל אינ געטאָ האָט אָבער אומלעגאַל ארויסגעגעבנ פארנ וואָכ אינ יונ 1942 צו זעקס קילאָגראַמ ברויט פאר א געטאָ-בירגער. כוץ ברויט האָט מענ נאָכ באַקומענ פונ דעמ באַשפּײַז-אָפּטייל 550 גראַמ פלייש אונ 350 גראַמ צוקער. אינ דעמ זעלבנ וואָכ האָבנ די פאָלקס-קיכנ ארויסגעגעבנ אומזיסט אונ פאר א קליינעמ געצאָלט 93449 מיטיקנ אונ 21831 אָוונטברויטנ. פונ די פריוואַטע בעקערײַענ אונ באַשפּײַז-אָפּטייל איז פארטיילט געוואָרנ 110 טאָנ ברויט אונ קארגע 16 טאָנ גרינס. די מילכ-קיכ האָט ארויסגעגעבנ אומזיסט 4355 ליטער מילכ.

* * *

פאר דער ארבעט אינ שטאָט אונ אינ די געטאָ-ווארשטאַטנ האָבנ די ארבעטער פאַקטיש גאָרניט באַקומענ. „איר לעבט אַדאַנק דעמ, וואָס איר ארבעט, אונ וואָס בעסער איר וועט ארבעטנ, אַלצ לענגער וועט איר לעבנ“,— אזוי האָט געטײַנעט מורער. אזוי האָבנ געטײַנעט דער דײַטשישער ארבעטס-אַמט אונ געסטאַפּאָ.

א סאַכ פונ די, וואָס האָבנ געהאַט געלטע שײַנענ אונ די קאָלערליי שכיטעס האָבנ זיי דערווײַל דירעקט ניט אָנגערירט, האָבנ געגלייבט, אַז די ארבעט וועט זיי אויכ ווײַטער ראַטעווענ. געארבעט אָבער האָבנ אויכ יענע, וואָס האָבנ ניט געגלייבט. ווײַל אַניט האָט מענ ניט באַקומענ קיינ פאַס אונ קיינ ברויט-קאַרטל. אָנ דעמ האָט מענ ווירקלעכ אינ יענע באַדינגונגענ ניט געקענט עקזיסטירנ אפילע א טאָג.

די סיכטעמ פונ פארקנעכטונג איז געווענ אזוי ראַפינירט ווי די סיסטעמ פונ מאָרדנ. סאָפ יאָר 1942 האָט זיכ אינ דער ווילנער פרעסע באַוויזנ א נאָטיצ וועגנ דער גרויסמוטיקײַט פונעמ געביטסקאָמיסאַר הינגסט: „דער טאַריפ פונ ארבעטסלוינ פאר דער יידישער באַ-

פעלקערונג איז געוואָרן געהעכערט". און ווירקלעך: מע האָט גע־מאָלדן די יידישע ארבעטער, אז פון ערשטן דעקאבער באַקומען זיי א העכערן לוין. דערפאר אָבער ווערט אויך געהעכערט די ארבעטס־צייט אף צוויי שאָ.

אלע ארבעטער האָט מען איינגעטיילט אין פינף קאטעגאָריעס: ערשטע קאטעגאָריע: ניט קוואליפיצירטע באַקומען פאר א שאָ אר־בעט — 30 פעניג. צווייטע: האלב-קוואליפיצירטע — 34 פעניג. דריטע: פאכ-ארבעטער — 38 פעניג. פערטע — 44 פעניג און פינפטע קאטעגאָריע — בריגאדירן — צו 50 פעניג. אינדערעמעסן האָט אָבער קיין איין קאטעגאָ־ריע ניט באַקומען מער ווי צו 15 פעניג א שאָ. דאָס איבעריקע פלעגט צונעמען דער געביטסקאָמיסאר. די העכערונג פון די קאטע־גאָריעס איז, הייסט עס, געווען בלויז א מיטל נאָך מער צו באריי־כערן דעם געביטסקאָמיסאר היגנסט. און קעדיי צו מעהאנע זיין דעם אונטערנעמער, איז דער ארבעטסטאָג פארלענגערט געוואָרן אף צוויי שאָ. אין דורכשניט האָט דער געביטסקאָמיסאר פארדינט פון א יידישן ארבעטער 25 פעניג א שאָ. אזויווי אין די אונטערנעמונגען האָבן געארבעט קאָרעוו אכט טויזנט ארבעטער, פלעגט היגנסט פארדינען פון דער געטאָ ארום א האלבן מיליאָן מארק א כוידעש.

אָבער אויך די 15 פעניג פלעגט דער יידישער ארבעטער ניט באַקומען. מע פלעגט אראָפּרעכענען פון אים פארשיידענע שטייערן און אָפטער פון אלץ פלעגט אים גאָך אויסקומען צו דערצאָלן.

ענלעך צו דעם איז געווען די לאגע מיט דער געטאָ-פראָדוקציע. מע האָט איינגעשטעלט אין געטאָ צענדליקער ווארשטאטן: בלעכעריי, שלאָסעריי, מעבל-סטאָליעריי, טאָקעריי, עלעקטראָטעכניק, שניצעריי, קעסל-ווארשטאטן, שניידעריי, שטעפעריי, שוסטעריי, פלעכטעריי, פאר־בעריי, א קארטאָנאזש-פאבריק און אנדערע. און פאר אלע אויסאר־בעטונגען פלעגט באַקומען דאָס געצאָלט היגנסט. נאָך וואָס מער בא־שטעלונגען מע פלעגט אריינשיקן אין געטאָ, אלץ מער האָט זיך אויס־געדאכט, אז די געטאָ איז געזיכערט, אז צוליב דער ארבעט לעבט מען.

אין יאנואר 1943 זיינען אין געטאָ געווען פיר און דרייסיק גע־היימע בעקערייען. זעקס גרויסע און אכט און צוואנציק קלענערע. די פרייזן אף ברויט זיינען געווען אָפּהענגיק פון דעם ככום מעל, וועלכן מע האָט געהיים אריינגעפירט. פלעגט א טראנספּאָרט מעל דורכפאלן, פלעגן זיך די ברויט-פרייזן הייבן. די בעקערייען פלעגן אויך

אָנעמענ פריוואט מעל אונ אויסבײַטנ אפ ברויט. פאר א קילאָ מעל פלעגט מענ געבנ א קילאָ ברויט. דאָס איבעריקע איז געגאנגענ פאר די אומזיסטע קיכנ.

אינ געטאָ האָט מענ מאָנטירט א מילכל. א העלפט פונ די מאשינטײלנ האָט מענ געגאנוועט אינ שטאָט. די איבעריקע — אלײנ דערמאכט אינ די מעכאנישע ווארשטאטנ. דאָס מילכל האָט געארבעט דורכ טאָג אונ נאכט. די גרײס פונ געמעל האָט דערגרײכט דרײַ טאָנ אינ א מעסלעס. דער קאָנסטרוקטאָר פונ דער מיל, אינזשעניער פאָליאַק, האָט אויכ אופגעבויט א מאשינ אפ צו מאָלנ גרויפנ. מע האָט אויכ געשאפנ א פאבריק צו אויסנוצנ קארטאָפל־שאָלעכצ אונ פארפרוירענע קארטאָפל. פונ דעם שאָלעכצ האָט מענ ארויסבאקומענ קראָכמעל אונ פונ די געפראָרענע קארטאָפל — סיראָפ, וואָס איז געוואָרנ אויסגענוצט דורכ א צווײט פאבריקל אפ צו מאכנ צוקערקעס.

אפנ זעלבנ וועג, ווי מע פלעגט ארײַנשמוגלענ מעל, פלעגט מענ אויכ ארײַנפירנ האָלצ פאר דער געטאָ. דערוווּסט זיכ, אז מורער איז אוועקגעפאָרנ, פלעגנ צענדליקער פורנ מיט האָלצ, ווי זיי וואָלטנ נאָר ווארטנ אפ דער מינוט, ארײַנפאָרנ אינ געטאָ. האָלצ האָט מענ אויכ ארײַנגעפירט לעגאַל — פונ די וועלדער, ווו עס זײַנענ געווענ יידישע לאַגערנ. נאָר אָנשטאָט מורערס דערלויבעניש ארײַנצופירנ, לעמאָשל, צענ פורנ, פלעגט מענ מיט דער זעלבער דערלויבעניש ארײַנפירנ נאָכ צענ, אונ נאָכ צענ — ביז עס האָט זיכ געלאָזנ. דערבײַ פלעגט זיכ שטענדיק געפינענ אונטערנ האָלצ עפּעס אנדערש: א זעקל קאָרנ, קארטאָפל אונ אפילע א שעפס.

* * *

א ביז גאָר וויכטיקע ראָליע אינ געטאָ האָבנ געשפילט די קוימענקערער.

אינ געטאָ זײַנענ געווענ אכצנ קוימענקערער, וואָס האָבנ זיכ פארנומענ מיט אָט דער מעלאָכע נאָכ פאר דער מילכאָמע. דער פאכ איז געלעגנ דורכויס אינ יידישע הענט. נאָכ דער גרינדונג פונ דער געטאָ האָבנ אויסגעפעלט קוימענקערער פאר דער שטאָט, אונ מורער איז געווענ געצווונגענ אָנצוקומענ צו די אכצנ יידנ.

די אכצנ קוימענקערער האָבנ באקומענ געלע שײַנענ אינ באַזונדערע פריווילעגיעס. זיי האָבנ געמעגט ארײַנגײנ אונ ארויסגײנ פונ געטאָ צו יעדער צײַט אונ געהאט דאָס רעכט אײנציקווײַז צו גײנ איבער דער שטאָט אינ די ניט־יידישע וווינונגענ. אזוינע רעכט האָט ניט געהאט קײנער. אדאנק אָט די פריווילעגיעס זײַנענ די קוימענקערער געוואָרנ פארבינדלער צווישנ דער אָפגעשלאָסענער געטאָ אונ דער שטאָטישער באפעלקערונג. זיי פלעגנ ארומלויפנ אינ שטאָט



1116—7

איבערנ טראָטואר מיטנ שוואַרצנ עמערל אונ בעזעמ אפּ די פּלייצעז, פלעגנ אָפּגעבנ בריוועלעכ פונ די געטאָ-יידנ פאר זייערע ניט-יידישע פריינט אונ· פלעגנ אָפּנעמענ אונ ברענגענ פאר די געטאָ-מענטשנ זאכנ אונ געלט, זיבערגעלאָזטע צומ היטנ בא די געוועזענע שטאָטישע שכיי-נימ. באמ אריינגיינ צוריק אינ געטאָ פלעגנ די קוימענקערער אריינ-טראָגנ פראָדוקטנ אינ די עמערס פאר סאזשע, וואָס זיינענ אויבנ פארמאסקירט געווענ מיט די שוואַרצע בעזעמער.

דערזענ, אז די קוימענקערער זיינענ באזונדערס נייטיק פאר דער געטאָ, האָט מענ אינ געטאָ באשלאָסנ דעמ פאכ צו פארברייטערנ. דער יידנראט האָט געעפנט קורסנ, אונ אינ משך פונ צוויי וואָכנ זיינענ צו-געקומענ צוואנציק שפּאָגל-נייע ספּעציאליסטנ. די נייע פאכלייט זיינענ פריער געווענ: אדוואָקאטנ, דאָקטוירימ, סאָכרימ, נאָר זיי האָבנ זיכ אקלימאטיזירט אינ דער אטמאָספער פונ סאזשע. דער פאכ איז געוואָרנ דער סאמע כאָשעווסטער. איכ דערמאָנ זיכ, מיט וויפל פאכמאנישנ שטאָלצ עס האָט זיכ געלאָזט מיטנ שוואַרצנ עמערל דער באקאנטער ווילנער אדוואָקאט קאפלאנ. ער האָט אויסגעזענ ווי א גע-בוירענער קוימענקערער.

איצט איז מענ שוינ געווענ זאלבעפערציקט, אונ די „שוואַרצע“ האָבנ געשאפנ א סטאטוט: יעטווידער קוימענקערער מוז דריי מאָל א טאָג אריינטראָגנ אינ זיינ סאזשע-עמער קאָרענע מעל אינ געטאָ.

נאָר פונ לאנג זיכ דרייענ דורכנ געטאָ-טויער אהינ אונ צוריק זיינענ אויכ די פריוויליגירטע קוימענקערער אריינ אינ א פארדאכט. האָבנ זיי זיכ אופגערעדט מיט די פיל ניט-יידישע וועכטער, וואָס האָבנ געוווינט ארומ געטאָ, אונ גענומענ אריינטראָגנ פּראָדוקטנ דורכ די פארייניקטע בוידעמער. די הויפּט-מאלינע איז געווענ דורכנ קלויסטער לעבנ דעמ לידסקער געסל. עס זיינענ אָבער אויכ געפאלנ קאָרבאָנעס, א געסטאפּאָ-אגענט האָט איינמאָל באמערקט דעמ קוימענקערער הערצ, ווי ער קלעטערט אפּ א דאכ מיט א זאק קארטאָפל. דער אגענט איז אימ נאָכגעלאָפנ מיט א רעוואָלווער, אימ שטארק צעשלאָגנ אונ אוועק-געפירט אינ געסטאפּאָ. ער האָט אויכ צוגענומענ הערצעס פרוי מיט א מיידע-לע פונ דריי יאָר. די גאנצע מישפּאָכע האָט מענ דערשאָסנ אפּ פּאָנאר.

## דאָס קולטור-לעבנ אינ ווילנער געטאָ

דאָס קולטור-לעבנ אינ ווילנער געטאָ האָט זיכ אָנגעהויבנ דעמ זעלבנ טאָג, ווענ מענ איז אריינ אינ געטאָ.

מיר האָט זיכ אמאָל געדאכט, אז פאר א טויט-פארמישפּעטנ אָדער פאר

א פאַרוואָרפענעמ אַפּ אַנ אינדזל האָט ניט קיינ זינענ צו שאַפנ קונסט-
ווערק. דאָס לעבנ האָט מיכ איבערגעצײַגט, אַז דאָס איז אַנדערש. מעג
דער שאַפנדיקער מענטש וווינענ אינ א מאָדערנעמ האָטעל אָדער גע-
פינענ זיכ אינ א מידבאָר צווישנ זאַמד אונ שאַקאַלנ, מעג ער באַ-
וווּנדערנ דעמ זונענ-אונטערגאַנג באַמ ברעג פונ יאַמ אָדער שטיינ
באַמ ראַנד פונ קייווער, וועלכנ ער האָט אַליינ געגראָבנ, — דער גײַסט
פונ שאַפונג טוט זיכ פונ אימ ניט אָפּ.

## די שולנ

מירע בערנשטיינ, די געוועזענע דירעקטאָרנ פונ דער ווילנער
רעאַל-גימנאַזיע, האָט אינ טאָג פונ גיינ אינ געטאָ מאַרשירט מיט אי-
רע טאַלמידימ צוזאַמענ. איר מאַכנע האָט מענ פאַרשפּאַרט אינ דער
צווייטער געטאָ. דעמ זעלבנ אָוונט האָט מירע אופגעקליבנ אירע קינ-
דער אונ געלייענט זיי שאָלעמ-אַלייכעמס א מײַסע.

אינ דער כאָרעווער קאַבראָנישער קלויז, אָפּנ שולהויפ, האָט זי
איבערגעטראָגנ די רעאַל-גימנאַזיע. אינ אָנהייב איז באַשטאַנענ איר
שול פונ הונדערט אונ דרײַסיק טאַלמידימ. זי האָט זיי אײַנגעטיילט
אינ גרופּנ, וועדליק דער אַנטוויקלונג. ווענ איינ גרופּע האָט געלערנט,
האָט די אַנדערע געקאָכט עסנ, פאַריכט מאַלבושימ. אינגיכנ זײַנענ צו-
געקומענ לערער: מאַלקע כאַימסאָנ אונ דער לערער גערשטיינ. כאַימ-
סאָנ האָט געלערנט ליטעראַטור, אונ דער קראַנקער גערשטיינ — גע-
זאַנג. די שילער האָבנ ליב געהאַט די לערער, האָבנ געפונענ אינ
זיי די פאַרלאָרענע עלטערנ. פונ דער כאָרעווער אונ צעגראַמירטער
סטראַשונ-ביבליאָטעק האָבנ די לערער אויסגעקליבנ פאַר זייערע טאַל-
מידימ ביכער. יעדער באַגינענ פלעגט מירע איבערציילנ די קינדער, אונ אַלע
אינדערפרי איז געווענ קלענער די צאָל. דורכ נאַכט פלעגט די מערדערישע
האַנט אויסקרײַסנ קאָרבאָנעס. נאָר אַפּ מאָרגנ האָט מענ געלערנט ווײַטער.

אָקטיאַבער 1941 האָט מירע מיכ פאַרבעטנ אַפּ א פאָרשטעלונג
אינ איר שול. די כאָרעווע קאַבראָנישע קלויז איז ניט געווענ צו דער-
קענענ. דער אָרנקוידעש איז באַהאַנגענ מיט גרינס. אַפּ די פענצטער —
וואַזאָנעס. די ווענט פאַרקלעפּט מיט ציטאַטנ פונ יידישע שרײַבער.
די קינדער — פונ הונדערט מיט דרײַסיק איז שוינ פאַרבליבנ פער-
ציק — האָבנ אַלע געלויכטנ אינ יאָמטעווודיקע העמדלעכ. רויטע
בלימעלעכ האָבנ באַפּוצט זייערע ברוסטנ.

אינמיטנ דער פאָרשטעלונג האָט זיכ דערהערט א טומל. די פאָר-
שטעלונג איז געגאַנגענ ווײַטער. ווענ א שאָס האָט אָבער דורכגע-

שניטן די שויב, איז מירע ארויס אין דרויסן זען, וואָס דאָ טוט זיך. איבער די הויפן און געסלעך זיינען געלאָפן כאַפּונעס. מע האָט גע־כאַפּט מענטשן און זיי געפירט צום אוטאָ, וואָס באַם טויער. מירע איז אַריינגעקומען צוריק, ארויף אַפן דער ביגע און געמאָלדן:

— קינדער, די, וואָס ווילן אונדז אומברענגען, זיינען דאָ אין געטאָ. קיינער זאָל ניט שרייען, זאָל זיך ניט צעלויפן. שטיל, אָן טומל זאָל מען אַרונטערקריכן אונטער דער ביגע. די ערשטע זאָלן אַרונ־טערגיין די יינגסטע, און אזוי ביזן לעצטן, לויטן סיידער פון די יאָרן.

א גאַנצע נאַכט האָט מירע געוואַכט באַ דער טיר. אויב די כאַ־פּונעס וועלן זיך אַריינרייסן אין קלויז, וועט זי זיין דער קאָרבן פאַר אלעמען: די כאַפּונעס וועלן מיינען, אז דאָ איז קיינער מער ניטאָ און וועלן זיך באַגנוגענען מיטן איינציקן קאָרבן.

די כאַפּונעס זיינען אין קלויז ניט אַריין. זיי האָבן אָנגעכאַפּט די באַשטימטע צאָל קעפּ און אוועק פון געטאָ.

ביים דער ליקווידאַציע פון דער צווייטער געטאָ איז פון די הונ־דערטע און דרייסיק שילער איבערגעבליבן בלויז 7. מירע האָט זיי אַריבערגעטראָגן אין דער ערשטער געטאָ.

* * *

פון די 29 טויזנט, וואָס זיינען אַריין אין דער ערשטער געטאָ, האָבן די לערער גלייך פאַרעגיסטרירט די פאַראַנענע קינדער. 2712 איז גע־ווען זייער צאָל. מע האָט גלייך רעמאָנטירט די כאָרעווע געביידעס און געשאַפן דאָרט שולן. מע האָט באַזאָרגט די קינדער מיט קליי־דער און עסן, מיט ביכער און פּאַפּיר. די, וואָס האָבן געאַרבעט אין שטאָט, האָבן עס געבראַכט פאַר די קינדער א מאַטאָנע. דער שול־היגיענישער פּונקט האָט געזאָרגט פאַרן געזונט.

די קינדער האָבן אליין מיטגעהאָלפן אין אויסבויען די שולן. מע האָט אויסגעפוצט די צימערן מיט בילדער פון שרייבער, מיט וואַנטצייַ־טונגען און גרינס. מע האָט אויסגעמאָלט מאַפּעס און געהאַלטן רעפעראַטן.

* * *

ווינטער 1942 האָבן זיך אין געטאָ געלערנט 1500 קינדער. דאָס לערנען זיך איז געווען אומזיסט. פאַר אומפאַרמעגלעכע און פייִקע טאַלמידים האָט די לערערשאַפט באַשטימט סטיפּענדיעס.

אין יול 1943 האָט דער יידנראַט איינגעפירט אין געטאָ אַלגעמיינעם שול-צוואַנג. אין דער צייטונג „געטאָ-ידיעס" נומ. 45 האָט זיך באַוויזן פאָלגנדיקע נאָטיץ: „עס ווערט געוואָרנט, מע זאָל אויספירן די פאַראָרדענונג

וועגן שול-צוואנג, אַניט וועט מען די שולדיקע איבערגעבן צום געטאָ-געריכט".

א קינד אין געטאָ איז ניט צו פאַרגלײַכן מיט א קינד פון די רויִקע צײַטן. ווער עס האָט פאַרזוכט א מאַלינע, איז שוין געניט אין לעבן, האָט מער אכרײַעס פאַר זיך און פאַר דער געזעלשאַפט. א קינד אין געטאָ, אויב נאָר עס האָט עלטערן אָדער קרובים, וואָס גייען אינדערפרי צו דער ארבעט, דאַרף קאָכן פאַר זיי אין שטוב מיטיק, מוז זאָרגן, אז מורער, וואָס קאָנטראָלירט די וווינונגען, זאָל די שפּײַז ניט געפינען. אויב דאָס קינד איז א יאָסעם, דאַרף עס זאָרגן נאָך מער: עס מוז זײַן א שנײַדער, א שוסטער, א סטאָליער, א בעקער,— און דאָך האָט דער גרעסטער טייל געטאָ-קינדער באַזוכט די שולן.

עס איז געגרינדעט געוואָרן א ספּעציעלער שול-אָפּטייל באַם יידנ-ראַט. בעראָש פונעם אָפּטייל איז געשטאַנען דער אַלטער ווילנער לע-רער אָליצקי און די לערערן ראָכל ברוידאָ.

באַם סאָף געטאָ האָט דער שול-אָפּטייל געהאַט פאָלגנדיקע אינ-סטיטוציעס: צוויי קינדערגערטנער פאַר קינדער פון פאָרשול-עלטער, דרײַ פאָלקסשולן פאַר קינדער אין עלטער פון זיבן ביז דרײַצן יאָר, אָנגעפירט דורך די לערער באָרעך לובאָצקי, לייקין און בושעל; א געהיימע פאָלקסשול, אָרגאַניזירט דורכן שול-אָפּטייל אין ווילנער קאָנ-צענטראַציע-לאַגער „קײַליס" און אָנגעפירט דורך דעם לערער יאַנקל קאַפּלאַן. א גימנאַזיע אין געטאָ — דירעקטאָר לייב טורבאָוויטש. א מוזיק-שול, געשאַפן דורך די מוזיקער אווראָם סליעפּ און טאַמאַרע גער-שאָוויטש, און א טעכניקום אונטער דער אָנפירונג פון אינזשעניער שרײַבער.

די גימנאַזיע איז אַנטשטאַנען אין פרילינג 1942. דער דירעקטאָר לייב טורבאָוויטש, אַן אויסגעצייכנטער פּעדאַגאָג האָט ענערגיש גע-קעמפט מיט די העברייער, וואָס האָבן געפרוווט פאַרהעברייִשן די שול. דער קאַמף האָט זיך געצויגן א פּאָר כאַדאָשים. אין די טעג פון גרויליקסטע שכיטעס האָט ער ניט אויפגעהערט. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אז אין דעם געראַנגל האָט זיך אַרײַנגעמישט די פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע פון געטאָ. דעמלט האָבן ביידע צדאָדים נאָכגעגעבן, און עס איז געוואָרן שאָלעם. טורבאָוויטש האָט זיך געהאַלטן פאַר דער פּראָגראַם פון דער אמאָליקער רעאַל-גימנאַזיע. ער איז געווען שטרענג און א סאַך געפאָדערט. פינף זײַנע שילער האָט ער פאַרהאַלטן אַף נאָך א יאָר. דערפאַר איז ער געווען גליקלעך, ווען א טאַלמיד האָט זיך גוט געלערנט. ער האָט מיך איינמאָל באַגעגנט א דערפרייטער און באַוויזן א ווערק וועגן ראַמבאַם, געשריבן פון זײַן 15-יעריקן שילער ראַט-

נער. דאָס ווערק האָט אונדז אלעמען פארינטערעסירט און דער גע־טאָ-פארלאַג האָט עס באַשלאָסן „ארויסצוגעבן".

די מוזיק-שול האָט געהאט אָפטיילונגען פאר קלאוויר, פידל און געזאנג. אין דער שול האָבן זיך געלערנט 100 שילער. עס פלעגן פאָרקומען עפנטלעכע קאָנצערטן פון די שילער. דער צוועלפיעריקער פיאניסט און קאָמפּאָזיטאָר אליק וואָלקאָווּיסקי (זיך געראטעוועט פון א טויטן-לאגער אין דייטשלאנד) האָט באגייסטערט דעם עולם מיט אן אייגענער שאפונג, וועלכע ער האָט אליין אויסגעפירט. עס האָט זיך אויך אויסגעצייכנט דער אכטיעריקער פיאניסט טויבנהויז און די עלפיעריקע פידלער נדינע בעניאקאָנסקי.

די טעכנישע שול האָט דורך זעקסכאדאָשימדיקע קורסן ארויסגע-לאָזט צענדליקער עלעקטראָטעכניקער און שלאָסער.

לעקאָוועד די, וואָס האָבן געענדיקט די שולן, האָט מען צום סאָף יאָר איינגעאָרדנט פייערלעכע סיומים (ארויסלאָזן). אן אביטו-ריענט פון דער געטאָ-שול פלעגט באקומען אן אָפיציעלן אטעסטאט מיט א ווונטש, וואָס גיכער באפרייט צו ווערן פון געטאָ. צו יעדער אטעסטאט האָט דער דירעקטאָר בייגעלייגט א רויז.

אויסער די סיומים זיינען אויך פאָרגעקומען שול-יאָמטוּוים פאר די עלטערן.

בא די שולן איז געווען א יוגנט-קלוב. דאָרט זיינען יעדער אָוונט געקומען די שילער, און אין א ריינעם, ליכטיקן זאל האָט מען געגרייט די לעקציעס. אין קלוב איז אויך געווען א לייענזאל, א צימער צו פארווייַלן זיך און ווארשטאטן, ווו די יוגנט, וואָס לערנט זיך באטאָג, זאָל אין די אָוונט-שאָען זיך אויסלערנען א פאך. דער יוגנט-קלוב איז געווען איינגעטיילט אין באזונדערע סעקציעס. מיט די סעקציעס האָבן אָנגעפירט: לערער, שרייבער און געלערנטע. מע האָט זיך פארנומען מיט ליטעראטור, געשיכטע, שפראך, מאטעמאטיק, פיזיק. מע האָט אויך געקליבן פאָלקלאָר און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון געטאָ. די דראמאטישע סעקציע האָט געגרייט ספעקטאקלען.

* * *

צום שול-אָפטייל האָבן געהערט זיבעציק לערער. זיי האָבן גע-שאפן א פאריין. אין די אָוונטן פלעגט מען זיך צונויפטרעפן אף ארומצורעדן וועגן ניַיס אף די פראָנטן. יעדער פרייטיק האָבן פאר-שיידענע לערער געהאלטן רעפעראטן. אינטערעסאנט זיינען געווען די שמועסן וועגן דער פסיכאָלאָגיע פון געטאָ-קינד. דער לערער-פאריין

האָט אויך אײַנגעאָרדנט פֿאַר די לערער סעמינאַרן. באָרעך לובאָצקי האָט געלייענט וועגן מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע. די היסטאָריקערן ד״ר ליזע גאָרדאָן — וועגן דער אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם.

די לערער האָבן געשטרעבט צו באַשאַפֿן בײַ די קינדער אַן איליוזיע פֿון אַ נאָרמאַל לעבן. זיי האָבן געגלייבט, אַז די געולה איז שוין נאָענט, און האָבן אָט דעם גלויבן געפּלאַנצט אין די קינדערשע הערצער. זיי האָבן מיט אַלע קויכעס געשטרעבט, אַז די קינדער זאָלן ניט אַרויס פֿון געטאָ קיין פֿאַרקריפּלטע, נאָר שטאָלצע, באַוווסטזיניקע, געזונטע און פֿעיִקע צו ווײַטערדיקער אַרבעט.

אויסער די דערמאָנטע שולן, וואָס האָבן געהערט צום שול-אָפּטייל אין געטאָ, זײַנען נאָך געווען אַנדערע לערן-אַנשטאַלטן, ווי אַ קונסט-שול, אַ שול פֿאַר ריטמיק און פּלאַסטיק (אָנגעפֿירט דורך נינע גערשטיין), אַ דראַמאַטישע שול אאַ. געווען אויך צוויי אינטערנאַטן, אַ טאָג-היים, פֿאַך־קורסן, אַ ביידער און צוויי ישיבֿות.

* * *

לויט אַ באַפֿעל פֿון מורערן האָבן אין געטאָ זיך ניט געטאָרט געפֿינען קיין ראַבאָנים. מע האָט ניט געטאָרט דאַווענען און דורכפֿירן קיין רעליגיעזע צערעמאָניעס. ווי די מאַראַנען בײַס דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, האָבן די רעליגיעזע ייִדן זיך ניט אָפּגעזאָגט פֿון זייער גלויבן. אין רעב שאָולקעס קלויז האָבן זיי געגרינדעט אַ ישיבֿה אויפֿן נאָמען פֿון רעב כאַיִם-אויזער גראָדזענסקי. עס האָבן זיך דאָרט געלערנט דרײַסיק באָכערים. דער ראָשיעשיווע איז געווען ייִצכאָק קאַרניקס. שפּעטער איז אויך געוואָרן אַ ישיבֿה פֿאַר קינדער. דער ראָש-ישיבֿה איז געווען אַרן בערעק (ביידע אומגעקומען בײַס דער ליקווידאַציע).

די ישיבֿה-לײַט פֿלעגן לערנען אין די נעכט. בײַטאָג איז מען געגאַנגען אויף צוואַנגס-אַרבעט. וועגן די צוויי ישיבֿות האָט דער געטאָ-אוילעם קימאַט ווי ניט געוווּסט. בלויז אין דער צײַט פֿון אַ שכיטע פֿלעגט אַדורכדרינגען דורך די געסלעך דער ניגון פֿון אַ קאַפּיטל טילים. דאָס פֿלעגן דעמלט די ישיבֿה-לײַט העכער אויפֿהייבן זייערע שטימען: דער גאָט, וואָס וווינט אויסערן געטאָ, זאָל דערהערן און זיך דערבאַרעמען.

## טעאַטער

דער יונגער רעזשיסער ווויסקינד האָט מיך פֿאַרבעטן אויף אַ צונויפֿקום מיט ייִדישע אַקטיאָרן. עס איז דאָ אַ געדאַנק צו שאַפֿן אַ טעאַטער. איך האָב אים אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט:

— א טעאטער אין געטאָ?

— יאָ, — האָט מיר וויסקינד באשטעטיקט, — מיר מוזן טאָן דאָס אונדזעריקע. אויך מיט אָט דעם געווער זיך אנטקעגנשטעלן דעם סוינע. מיר טאָרן זיך ניט אונטערגעבן אפ קיין איין מינוט. אויך אין די געטאָס פון מיטלאלטער האָט מען געשפּילט. און די געשיכטע פון יידישן טעאטער ציט פון דאָרטן אירע פעדעם. לאָמיר אויך באשאפן א טעאטער — דערפרייען און דערמונטערן די געטאָ.

איך בין אוועק. וויסקינדס גלויבן האָט פארצוקט מיין טרויער. אפ סטראשון-גאס 7, אין א קאלטן בוידעמל בא דעם ארטיסט בליאכער האָב איך זיך געטראָפן מיט די געבליבענע ארטיסטן. אלע כאווירים זיינען געווען פאר א טעאטער. איך בין אויך געוואָרן אָנגעשטעקט מיט דער מיינונג און האָב אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון רעזשיסער צו ווערן דער ליטעראַרישער אָנפירער פונעם פראָיעקטירטן טעאטער.

מיר זיינען צוגעטראָטן גרייטן דעם ערשטן קאָנצערט. עס איז געווען שווער מיטן צוקלייבן דעם מאטעריאל. מיט וועלכן וואָרט זאָל מען קומען צום עולם, קעדיי ניט צו פארשווערן דעם טרויער פון א פאָלק? וויאזוי זאָל מען אוועקנעמען פון די אויגן דעם אָפּבילד פון קוואָרים? און מיט וועלכן קויעך זאָל מען באוועלטיקן דעם געטאָ-מענטש, ער זאָל אפּסניי באנעמען די הערויִק פון זיין געשיכטע? ער זאָל דערפילן שיינקייט און גלויבן אין דער צוקונפט?

די פּראָגראַם פון דעם ערשטן קאָנצערט איז באשטאנען פון: „גלוסט זיך מיר וויינען" פון ביאליק (כאָראלע דעקלאמאציע), פאָלקסלידער, געזונגענע דורך איידלסאָן און ליובע לעוויצקי. „מירעלע עפראָס" פון יאקאָוו גאָרדין (פראגמענטן). אין דער ראָל פון מירעלען האָט געשפּילט עסטער ליפּאָווסקי. קלאוויר-קאָנצערט — נאָקטורן ב — מאָל פון שאָפּען, אויסגעפירט דורך סאָניע רעכטיק. אן אינסצענירונג פון סטעפאן צווייגס דערציילונג „די מוטער ראָכל" און „די גאָלדענע קייט" פון י.-ל. פּערעצ (פראגמענט). די אקטיאָרן — א גאנצן טאָג אין צוואנגסאַרבעט אונטערן בייטש פון שטורמיסטן — פלעגן די פּראָבן דורכפירן אין די נעכט.

אויסער דראמאטישע פראגמענטן ווי „מאזלטאָוו", „שלוימע מאָלכו", „די גאָלדענע קייט", „דער גוילעם" און אנדערע, זיינען געשטעלט געוואָרן פאָלגנדיקע גאנצע פיעסן: „גרינע פעלדער" — אידיליע פון פּערעצ הירשביין, „דער מענטש אונטערן בריק" — קאָמעדיע פון אָטאָ אינדיק (מע האָט די פיעסע איבערגעזעצט אין געטאָ אפ יידיש), „דער

מאבל" פון בערגער און די קאָמעדיע „דער אויצער" פון דאָוויד פינסקי. „טעוויע דער מילכיקער" פון שאָלעם-אַליכעם האָבן מיר בלויז צוגעגרייט און ניט באַוויזן אופצופירן. אין מעשׂה פון די פּראָבן אַפּ „טעוויען" זײַנען אומגעקומען ארטיסטן, מע האָט זיי גלײַך פארביטן אַפּ אַנדערע און פּראָבירט ווײַטער. אָבער אויך די נײַע האָבן ניט דערצויגן צו א פּרעמיערע.

פאר די באַליבטסטע אַקטיאָרן האָבן זיך גערעכנט: יאַקאָוו בערגאָלסקי, מאַקס שאַדאָווסקי, עסטער ליפּאָווסקי, שאבסײַ בליאכער, דער קאָוונער ארטיסט רויטבלום, יעקוסיעל רוטענבערג, דאָרע רובין און דער „געטאָ-שטערן" כײַעלע ראָזענטאַל (די לעצטע צוויי זײַנען געבליבן לעבן).

## מוזיק

די ווילנער יידישע מוזיקער האָבן אין די טעג פון די כאַפּונעס, איידער מע האָט ארויסגעטריבן פון די הײַזער, פארגראָבן זייערע אינסטרומענטן אין דער ערד. דורך א קאַנאַל, פון די פארמויערטע געטאָ-געסלעך, איז מען שפּעטער ארויסגעקראָכן און אויסגעגראָבן די אינסטרומענטן פון דער ערד און ארײַנגעבראַכט זיי אין געטאָ. אין דער באַהאַלטענער געטאָ האָט אינגיכן אַפּגעקלונגען א סימפאָנישער אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פון וואָלף דורמאַשקין.

די מוזיקער האָבן געארבעט אַפּ צוואַנגס-ארבעט אין שטאָט. פון דאָרט האָבן זיי ארײַנגעטראָגן אין געטאָ א פּיאַנע. די פּיאַנע האָבן זיי געפונען אין א פּוסטער יידישער דירע. יעדער מוזיקער האָט בײַגנייווע אַרײַנגעטראָגן א טייל פון דער פּיאַנע. אין געטאָ האָט זיך שוין געפונען א מײַסטער, וועלכער האָט די פּיאַנע אופגעשטעלט.

דער ערשטער אופטריט פון סימפאָנישן אָרקעסטער אין דער צאָל פון 17 מוזיקער (דעם 15-טן מארט 1942) איז געווען א פאָלקס-יאָמטעוו אין געטאָ. עס איז געשפּילט געוואָרן די קאַווקאַזער סויטע פון איפּאָליטאָוו-איוואַנאָוו, א יידישע פּאָפּורי פון מאַקס גייגער און א טייל פון פראַנץ שובערטס ניט פאַרענדיקטער סימפאָניע. ווי באַרג-לופט פאר א לונגען-קראַנקן, אזוי האָט דער סימפאָנישער אָרקעסטער געווירקט אַפּ די געטאָ-אײַנוווינער. פאר דער שיינקײַט פון דער וועלט האָט זיך געגלוסט צו קעמפן.

באַם סאָף געטאָ איז דער אָרקעסטער באַשטאַנען פון פערציק מוזיקער. דער אָרקעסטער האָט באַוויזן אופצופירן זיבן פּרעמיערעס (אַן ערעך 35 קאָנצערטן). מע האָט געהערט טשײַקאָווסקיס פינפטע סימפאָניע, מאָצאַרטס אוווערטיורע צו דער אָפּערע „פיגאַראָס כאַסענע", דוואָזשאַקס פינפטע סימפאָניע, שאָפּענס קלאַוויר-קאָנצערט ע — מאָל,

בעטהאָווענס אוווערטיורע לעאָנאָרע נומ. 3, בעטהאָווענס נײַנטע סימפאָניע, אינ וועלכער דער סימפאָנישער אָרקעסטער האָט דערגרייכט זײַנ הויכפּונקט אא.

אויסער די קאָנצערטנ פונ סימפאָנישנ אָרקעסטער זײַנענ נאָכ פאָרגעקומענ ספּעציעלע עסטראַדע-קאָנצערטנ. פונ צײַט צו צײַט זײַנענ אויכ פאָרגעקומענ קאָנצערטנ פונ קאַמער-מוזיק (טריאָ אונ דועטנ).

## פאַרײיניקונג פונ ליטעראַטנ אונ קינסטלער

דעמ 17 פעוורואַל 1942 איז פאָרגעקומענ די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פאַר א פאַרײיניקונג פונ ליטעראַטנ אונ קינסטלער אינ ווילנער געטאָ. עס זײַנענ בײַגעווענ ארומ הונדערט מענטשנ: שרײַבער, מוזיקער, ארטיסטנ אונ מאָלער. ז. קאַלמאַנאָוויטש, וואָס איז געווענ דער פאָרזיצער פונ דער פאַרזאַמלונג, האָט אָנגעוויזנ די צילנ פונ דער פאַרײיניקונג. זיי זײַנענ: 1. ארויסרײַסנ כאָטש אפ א ווײַל די שעפערישע עלעמענטנ אינ געטאָ פונ דער אלגעמײנער געדריקטער אטמאָספער; סטימולירנ זיי צו אקטועלער שאַפונגס-ארבעט אונ דעריקער הייבנ זייער מוט דורכ אנ ארויסקוק אפ א צוקונפט, וואָס איז פאַרבונדנ מיט דער יידישער פאַרגאַנגענהײַט; 2. זענ ארויסצוקריגנ פאַר די מיטגלידער שײַנע אונ מאַטעריעלע הילפ דורכ פאַרשאַפנ זיי צוגעפאַסטע ארבעט. פויעלנ געהעריקע געזעלשאַפטלעכע שטיצע אינ געלט אונ פּראָדוקטנ.

מיטגלידער פונ דער פאַרײיניקונג קענענ ווערנ אלע געוועזענע אקטיווע מיטגלידער פונ ליטעראַטנ-, זשורנאַליסטנ-, ארטיסטנ-, מוזיקער- אונ פּלאַסטיקער-פאַרײנענ אונ די פּערזאָנענ, וואָס זײַנענ שעפעריש טעטיק אפ אלע געביטנ פונ ליטעראַטור אונ קונסט. מישפּאָכע-מיטגלידער פונ ליטעראַטנ אונ קינסטלער, וואָס זײַנענ דעמלט אינ געטאָ ניט געווענ, ווערנ געשטיצט צוגלײַכ ווי מיטגלידער.

אינ דער ערשטער, אויסגעקליבענער, פאַרוואַלטונג זײַנענ ארײַנ: ז. קאַלמאַנאָוויטש, יאַקאָוו גערשטײנ, ה. גוטגעשטאַלט, הערמאַנ קרוק, שאַבסײַ בליאַכער, יאַקאָוו שער, מ. שאַדאָווסקי, יויסעפ גלאַזמאַנ אונ א. סוצקעווער.

די פאַרוואַלטונג האָט קודעמ געהאָלפנ די מיטגלידער פונעמ פאַרבאַנד, געזאָרגט פאַר זיי אינ ארויסבאַקומענ געלט אונ ראַזע שײַנענ (דאָס איז געווענ אינ יענע טעג א פראַגע פונ לעבנ אונ טויט). זי האָט געזאַמלט פאַרלוירענע שאַפונגענ פונ די אומגעבראַכטע כאַווײרימ, צוגעטראָטנ צו באַארבעטנ א כראָניק וועגנ אלע שרײַבער, קינסטלער,

וויסנשאפטלער, וועלכע די דײַטשן האָבן דערמאָרדעט, און האָט געגרייט א ליטעראַרישן אלמאַנאַך פון די שאַפונגען אין געטאָ.

אָט זײַנען עטלעכע פון די ליטעראַרישע קינסטלערישע אָוונטן: אַן אָוונט לעקאָוועד באָרעך שפּינאָזע, רעפעראַט פון ד״ר צעמאַך פעלדשטיין. „ייִדישע מוזיק״ מיט אילוסטראַציעס, רעפעראַט פון יאַקאָוו גערשטיין. וועגן די „פּערציק טעג פון מוזא דאַג״, רעפעראַט פון לעאָ בערנשטיין. אַן אָוונט געווידמעט מארק שאַגאַל — רעפערירט פון יאַקאָוו שער. „קידעשהאַשעם-מאָטיוון אין דער ייִדישער ליטעראַטור״, רעפעראַט פון באָרעך לובאָצקי. קאָלעקטיווע אָוונטן, געווידמעט דער קולטור-געשיכטע פון דער אמאָליקער ווילנע און דער אמאָליקער וואַרשע.

דערוווּסט זיך דורכן געהיימען געטאָ-ראַדיאָ, אַז אין אַמעריקע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דער באַרימטער דײַטשישער שרײַבער סטעפאַן צווייג, האָבן מיר אײַנגעאָרדנט לעקאָוועד זײַן אָנדענק א פײַערלעכן טרויער-אָוונט. די מוזיקער האָבן געשפּילט שאָפּענס טרויער-מאַרש, און די אַרטיסטן האָבן געגעבן א פראַגמענט פון סטעפאַן צווייגס ייִרמעיאָהו.

די פאַרייניקונג האָט אָפּט אויך אײַנגעאָרדנט צוזאַמענטרעפן מיט די געטאָ-שרײַבער. דער שרײַבער האָט געלייענט זײַנע ווערק, און ביז טיף אין דער נאַכט האָבן זיך געצויגן דיסקוסיעס.

די פאַרייניקונג האָט אויך אָרגאַניזירט פײַערונגען אין געטאָ-טעאַטער, געהייליקט די שרײַבער מענדעלע, שאָלעם-אַלייכעם, פּערעץ, ביאַליק און יעהויאָש.

קעדיי צו אַקטיוויזירן די מיטגלידער צו שעפערישער אַרבעט, האָט די פאַרוואַלטונג פון דער פאַרייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער געגרינדעט א „פאַרלאַג״.

דער „געטאָ-פאַרלאַג״ האָט אָפּגעקויפט בא די שרײַבער, מאָלער און מוזיקער זייערע ווערק אַפּ אַרויסצוגעבן נאָך דער מילכאָמע. די ווערק זײַנען פריִער באַטראַכט געוואָרן דורך א ספּעציעלער קאָמיסיע און, ווענדליק איר אָפּשאַץ, האָט מען דעם אווטאָר אויסגעצאָלט האָנאָראַר. אויך ווערק, וועלכע די אווטאָרן האָבן נאָך געהאַלטן אין דער אַרבעט, האָט די פאַרוואַלטונג גענומען צו קענטעניש, און אָפּשאַצנדיק די פּערזענלעכע קוואַליפיקאַציע פון די מעכאַברים, האָט מען די ווערק פאָרויס אָפּגעקויפט און אַפּ אַזאַ אויפן געגעבן די מעכאַברים א מאַטעריעלע מעגלעכקײַט צו אַרבעטן ווײַטער אַפּ זייערע שאַפונגען.

די פאַרייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער האָט געשאַפן אויך א געטאָ-אוניווערסיטעט אונטערן נאָמען „וויסנשאַפטלעכער קרײַז״. ס׳ האָבן געאַרבעט פינף סעקציעס: פאַר מאַטעמאַטיק און פיזיק, פאַר כי-

מיע, פאר באשרײַבנדיקער נאטורוויסנשאפט, פאר לינגוויסטיק און פאר פילאָסאָפיע און סאָציאַלע וויסנשאפטן. די פארוואלטונג איז באַשטאנען פון אלע סעקציע־אָפירערס בעראָש מיט ז. קאלמאנאָוויטש.

יעדער סעקציע האָט געפירט איר ארבעט באזונדער. בא דער סעקציע פון כימיע האָט זיך געשאפן א טעכנאָכימישע לאבאָראטאָריע. בא דער פילאָסאָפישער סעקציע האָט זיך געעפנט א קורס פון עטנאָגראפיע, עטנאָלאָגיע און פאָלקלאָר פארן ברייטערן אוילעם. יעדער שאבעס פלעגן אויך פאָרקומען אלגעמיינע סעמינארן פאר אלעסעקציע־מיטגלידער און פארבעטענע געסט.

אָט זײַנען עטלעכע רעפעראטן אין וויסנשאפטלעכן קרײַז: ד״ר דאניעל פײַנשטיין: „דער מיטאָס וועגן גאניידן אין פסיכאָאנאליטישער באלויכטונג", ד״ר זאלקינדסאָן: „ארײַנפיר אין דער טעאָריע פון צאָלן", ד״ר ליבער: „ענגלישע פילאָלאָגיע", לייב טורבאָוויטש: „וועגן פאלקאָוויטשעס בוך „יידיש".

* * *

די פארייניקונג האָט אויך פראָקלאמירט קאָנקורסן אף די דרײַ געביטן פון קונסט: ליטעראטור, מוזיק, מאָלערײַ. די דאָזיקע קאָנקורסן האָבן זיך איבערגעכאזערט צו דרײַ מאָל. עס זײַנען אָנגעקומען צענדליקער פאָעמעס, דראמעס, קאָמפאָזיציעס און בילדער, אלץ געשאפענע אין דער באהאלטענער געטאָ. איך האָב געהאט דעם קאָוועד צו באקומען די ערשטע ליטעראטור־פרעמיע פון ווילנער געטאָ פאר מײַן דראמאטישער פאָעמע „דאָס קיווער־קינד".

אין סעפטיאבער 1942 איז אין געטאָ געשטאָרבן דער באליבטער קולטור־טוער, מוזיקער און לערער יאקאָוו גערשטיין. אין דער לעווײַע, אײַנגעאָרדנט דורך דער „פארייניקונג", האָט זיך באטייליקט די גאנצע געטאָ.

## אויסשטעלונגען

אין מארט 1943 האָט זיך אין פאָיע פון ווילנער געטאָ־טעאטער געעפנט א קונסט־אויסשטעלונג. צווישן די עקספאָנאטן זײַנען געווען: ראָכל סוצקעווערס פארביקע פייזאזשן; יאקאָוו שערס גראפיק „פון דער אלטער געטאָ"; דײַכעסעס, נאָטעסעס און וואָלצ׳ס מיניאטיורן, אויסגעשניצט פון האָלץ; מאָדעלן פון דער ארכיטעקטאָרן ראָם און די ארבעטן פון דעם נײַניעריקן זאלמען באק.

לעקאָוועד דעם יידישן דיכטער און טאנאך־איבערזעצער יעהויאָש האָט דער ליטערארישער קרײַז אײַנגעאָרדנט א רײַכע, פארביקע אויסשטעלונג אין דעם לאָקאל פון יוגנט־קלוב. איך האָב פון די יידישע ביבליאָטעקן און מוזייען פון שטאָט אין משעך פון א האלב יאָר

אריינגעטראָגן אין געטאָ אַלע ווערק, בילדער, בריוו און מאַנוסקריפּטן פונעם דערמאָנטן דיכטער, ווי אויך די אָריגינעלע בריוו צו יעהויאָשן פון זיינע צייט-כאַווערים: פּערעץ, שאָלעם-אַלייכעם, ביאַליק אאַ. אין דער אָפּטיילונג „טאַנאַך-איבערזעצונגען אין יידיש" זיינען געלעגן זעלטענע אויסגאַבן פון טאַנאַכן אין יידיש ווי אַשטייגער: די איבערזעצונגען פון בוקסדאָרף (XVI יאָרה.), בליץ און ווייצנהויזן (XVII יאָרה.), פון מענדל לעפין און אַנדערע. א באַזונדער ווינקל האָט זיך אָנגערופן: „יעהויאָש דער דיכטער". דאָרט זיינען געווען אויפגעקלעפּט די אויסשניטן פון צייטונגען און ספּעציעלע פּלאַקאַטן מיט פּראָמענטן פון יעהויאָשעס לידער. באַם אריינגאַנג צו דער אויסשטעלונג איז געשטאַנען דעם דיכטערס א ביוסט, אויסגעקנאָטן פון דעם צעניעריקן געטאָ-סקולפּטאָר וואָלמאַרק.



א צייכענונג פונעם נייניעריקן קינסטלער זאַלמען באַק, וועלכע איז באַוויזן געוואָרן אַף דער אויסשטעלונג אין געטאָ.

די אויסשטעלונג, ווי פיל אַנדערע קולטור-אַנשטאַלטן אין געטאָ, איז געווען אומלעגאַל. באַטאָג פלעגט מען פאַרשטעלן די טיר מיט ברעטער: טאָמער וועלן דייטשן אַרומגיין קאָנטראָלירן, זאָלן זיי ניט זען דעם אריינגאַנג. ערשט באַנאַכט פלעגט מען עפענען די אויסשטעלונג.

## דאָס קולטור-הויז אַף סטראַשון-גאַס 6

איינער פון די וויכטיקסטע קולטור-צענטערס אין ווילנער געטאָ איז געווען דאָס קולטור-הויז אַף סטראַשון-גאַס 6. אין דער געביידע האָבן זיך געפונען פאָלגנדיקע אינסטיטוציעס: ביבליאָטעק, לייענזאַל, אַרכיוו, סטאַטיסטישער אַמט, אַדרעסן-ביוראָ און מוזיי.

נאָך מיט לאַנגע יאָרן פאַר דער מילכאָמע האָט אַף סטראַשון-גאַס 6 זיך געפונען די ביבליאָטעק „מעפיצע-האַסקאָלע". ווען די יידן

זײַנען געקומען אין געטאָ, האָבן זײ געזען, ווי הונדערטער ביכער פֿון ביבליאָטעק וואַלגערן זיך אין די געסלעך. דער וואַרשעווער ביבליאָטע-קער הערמאַן קרוק האָט זיך מיט האַסמאָדנע געגומען אופּשטעלן אָפּדאָסנײַ די ביבליאָטעק. דעם צענטן סעפּטעמבער 1941 האָט מען שוין געביטן ביכער.

מענטשן, וואָס אין נאָרמאַלע צײַטן האָבן זעלטן-זעלטן געגומען א בוך אין האַנט, זײַנען איצטער געלאָפן אין ביבליאָטעק. א בוך איז געוואָרן א פּרײַנט, א טרייסט אין דעם עלנט. אין די מאַלינעס, אין די אונטערערדישע הײלן, פֿאַר א קנייטל-ליכט, פֿאַר א קאַרגן שטראַל, וואָס איז אַרײַן דורך א שפּאַרונע, האָט מען געלייענט ביכער.

דעם 1-טן אָקטיאַבער האָט מען אַרויסגעשלעפּט פֿון דער ווילנער געטאָ אַרום דרײַ טויזנט מענטשן צו דער שחיטה. און דעם 2-טן אָקטיאַבער האָט מען אין ביבליאָטעק געביטן 390 ביכער. דעם 3-טן און 4-טן אָקטיאַבער זײַנען פֿאָרגעקומען די שחיטעס אין דער צווייטער געטאָ. דעם 5-טן ווערן אין ביבליאָטעק געביטן 421 ביכער. אין נאָיאַבער פֿאַלט די באַפעלקערונג אַפּ 40 פּראָצענט, און די צאָל אויס-געלייענטע ביכער וואַקסט קימאַט אַפּ א דריטל. צום סאָף נאָיאַבער 1942 האָט די צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער פֿאַר דער צײַט פֿון געטאָ דערגרייכט הונדערט טויזנט. לעקאָוועד דעם האָט די ביבליאָטעק דורכגעפֿירט א פֿײַערלעכן פּרימאָרגן, ווו מע האָט פֿאַרטײלט ביכער-פּרעמיעס דעם ערשטן און דעם לעצטן אַבאָנענט.

פֿאַרן לייענזאַל האָט מען ספּעציעל אויסגעבויט א פֿאַרבאָרגענעם לאָקאַל. שטענדיק איז דער לייענזאַל פֿול געווען. מיטן לייענזאַל האָט אָנגעפֿירט כײַקל לונסקי, וואָס איז אין סעפּטעמבער 1943 פֿאַרפּײַניקט געוואָרן אין דער טרויעריק-באַרימטער צעלע נומ. 16.

בא דער ביבליאָטעק איז אויך געווען א באַהאַלטענע ביכער-קראָם. די ביכער האָט מען אַרײַנגעגאַנוועט פֿון שטאָט: פֿון די ייִדישע כאָ-רעווע ביבליאָטעקן און מוזייען.

* * *

דער געטאָ-אַרכיוו און מוזיי האָבן געהאַט אויפגעזאַמלט א ריזיקן אויצער דאָקומענטן פֿון געטאָ און שטאָט. די מאַטעריאַלן זײַנען פֿאַר-כאַסמעט געוואָרן אין בלעכענע קאַסטנס, און מע האָט זיי באַגראָבן ביז צו בעסערע צײַטן. דער סטאַטיסטישער אַמט האָט געקליבן ייעדיעס וועגן אַלע געטאָ-אַנשטאַלטן און האָט זיי באַאַרבעט אין דער פֿאָרם פֿון סטאַטיסטישע ביולעטענען. דער אַמט האָט פּאַרטיק געמאַכט ביולעטענען וועגן געזונט-שוץ, סאָציאַלער פֿאַרזאָרגונג, אַרבעט, קולטור-לעבן, אַדמי-ניסטראַציע-באַשפּײַזונג און אַנדערע געביטן פֿון געטאָ-לעבן.

* * *

די שולנ, דער טעאַטער, די פאַרייניקונג פונ די ליטעראַטנ אונ קינסטלער, די ביבליאָטעק, דער ספאָרט-קלוב אונ אַלע אינסטיטוציעס, וואָס איכ האָב אויסגערעכנט, האָבנ געהערט צומ קולטור-אָפּטייל. פונ דאָרט האָבנ זיי באַקומענ געלט, פּראָדוקטנ אונ יעדער מינ הילפ.

פונ די איבער דרײַ הונדערט קולטור-טוער אינ ווילנער געטאָ (לערער, שרײַבער, אַרטיסטנ, געלערנטע, מאָלער אונ מוזיקער) זײַנענ געבליבנ לעבנ געציילטע. פונ די טויזנט קינדער אינ די געטאָ-שולנ זײַנענ פאַראַנ בלויז עטלעכע צענדליק.

## דער שפּיטאָל אונ די אָרגאַניזאַציע פונ ריינקײַט

הונדערט אונ פערציק יאָר האָט אינ ווילנע עקזיסטירט דער ייִדישער שפּיטאָל, וועלכנ מע האָט גערופנ אַמאָל דער העקדעש.

באַמ שאַפנ די געטאָ האָבנ די דײַטשנ אַרויסגעשיקט פונ שפּיטאָל אַלע ניט-ייִדישע קראַנקע אונ דאָקטוירימ. זיי האָבנ צוגענומענ אַלע מעדיציניש ע אינסטרומענטנ, רעפּועס, פּראָדוקטנ אונ האָבנ אַרײַנגעשיקט אינ שפּיטאָל די ייִדישע מעשוגאָימ אונ אַלע ייִדנ מיט קלעפּיקע קראַנקײַטנ, וואָס האָבנ זיכ ביז איצט אופגעהאַלטנ אינ די שטאָטישע שפּיטעלער. דערבײַ האָט הערינג (איינער פונ די דעמלטיקע שעפנ פונ געסטאַפּאָ) אָנגעזאָגט דעמ ייִדנראַט: אויב אינ געטאָ וועט זיכ געפינענ א קרעציקער אָדער א קראַנקער מיט פלעק-טיפוס, איז א סאָפ צו דער געטאָ.

אינ די ערשטע טעג פונ געטאָ איז געקומענ שווײַנענבערג אינ שפּיטאָל אונ גענוי דורכגעקוקט יעדנ קראַנקנ. א סאַכ האָט ער דערקלערט פאַר אומהיילעוודיקע אונ האָט באַפוילנ זיי אוועקצופירנ אינ „א צווייטער שטאָט”. שווײַנענבערג האָט אויסגעקליבנ דעמ מעשוגענעמ קאָמבער אונ אימ דערקלערט פאַרנ עלטסטנ פונ ייִדנראַט. ער האָט אײַנגעאָרדנט קאָמבערנ אינ א כפעציעלנ קאַבינעט אינ ייִדנראַט אונ אימ געגעבנ א שטאַט מיטאַרבעטער. אינ א פּאָר טעג אַרומ איז שווײַנענבערג געקומענ צו די מעשוגאָימ אינ קאַמער אונ געהאַלטנ פאַר זיי א רעדע. ער האָט זיי געזאָגט: דאָ אינ געטאָ איז אײַכ שלעכט, קומט מיט מיר אינ א צווייטער שטאָט, דאָרט וועט אײַכ גאָרניט פעלנ. דערבײַ האָט ער אַרויסגענומענ בולקעס אונ געוואָרפנ פאַר די מעשוגאָימ.

מיט פרייד און געלעכטער האָבנ די קראנקע זיך צוגעכאפּט צו שוויינעבבערגס מאטאָנעס. א סאך האָבנ ארייַנגעטאנצט אינ אווטאָ. אנדערע האָבנ זיך געראנגלט מיט די כאפּונעס און ניט געלאָזט זיך אנעמענ. ווענ דרייַ אווטאָס מיט מעשוגאָים זייַנענ שוינ געווענ אָנגעפּאקט, האָט שוויינעבבערג געפרעגט קאָמבערנ, צי עס גלוסט זיך אים מיטפאָרנ אינ דער צווייטער שטאָט. אויב יאָ, וועט ער דאָרט ווערנ דער אָנפירער איבער אלע עוואקוירטע. קאָמבער איז מאסקים געווענ. ער האָט זיך ארייַנגעזעצט מיט שוויינעבבערגנ אינאיינעם, און מיט פאראד האָט אים זייַנ האר אוועקגעפירט אינ „דער צווייטער שטאָט".

* * *

אפ באזונדערס קאָמפּליצירטע אָפּעראציעס און וויכטיקע קאָנסיליומס פלעגט מענ פארבעטנ אינ שפּיטאָל די ניט-יידישע פּראָפעסאָרנ מיכיידאָ און יאנושקעוויטש. געהיים, דורך א זייַטיקנ ארייַנגאנג, פלעגנ זיי באנאכט זיך ארייַנשארנ אינ געטאָ. אויך די שטאָטישע אפּטייקנ האָבנ געהאָלפנ דעם שפּיטאָל. אזויווי יידנ האָבנ ניט געטאָרט באקומענ מעדיציניש הילפ מיכוץ די גרענעצנ פונ געטאָ, פלעגנ די יידישע דאָקטוירים אויסשרייַבנ די רעצעפּטנ אונטער פאלשע נעמענ. די שטאָטישע אפּטייקער האָבנ וועגנ דעם געוווּסט. זיי האָבנ אָבער קיינמאָל ניט געמאכט קיינ שוועריקייַטנ אינ ארויסגעבנ די רעפּועס. נאָכ א מאָקער צו באקומענ מעדיקאמענטנ, און דער סאמע וויכטיקסטער, זייַנענ געווענ די שטאָטישע שפּיטעלער, ווו עס האָבנ געארבעט ווי צוואנגס-ארבעטער יידנ. פונ מיליטערישנ שפּיטאָל אפ אנטאָקאָל, פונ שפּאנישנ קריגס-לאזארעט פלעגנ די ארבעטער ארייַנטראָגנ אינ געטאָ, וואָס נאָר די דאָקטוירים האָבנ בא זיי באשטעלט. שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבנ אינ געטאָ גופע די פאבריקאציע פונ מעדיקאמענטנ.

ווי שוינ דערמאָנט, האָט מענ דעם שפּיטאָל געוואָרנט, אז אויב מע וועט געפינענ א קלעפּיקנ קראנקנ, איז די געטאָ אינ א סאקאָנע. עמעס, קיינ סאך זייַנענ אזוינע פאלנ ניט געווענ. אָבער די עטלעכע קראנקע, וואָס זייַנענ יאָ געווענ (דעריקער — געבראכט פונ פארשיידענע לאגערנ), האָט מענ געהיילט בישטיקע אונטער אנדערע דיאגנאָזנ.

צווישנ אנדערע אנשטאלטנ איז באם יידנראט געווענ אויך א געזונט-אָפּטייל מיט פארשיידענע סעקציעס, וואָס זייער אלעמענס אופגאבע איז געווענ: אונטערהאלטנ די ריינקייַט אינ געטאָ און העלפנ דער באפעלקערונג אייַנהיטנ דאָס געזונט. עס האָט געארבעט א סאניטאר-עפּידעמיאָלאָגישע סעקציע, סאניטארע פּאָליציי, א סעקציע פאר

הייל-אינסטיטוציעס, א קינדערשוץ-סעקציע, א בעסוילעם-סעקציע און אנדערע.

צום דאָקטוירים-פאַריין אין געטאָ האָבן געהערט הונדערט פופציק מעדיציינער. זיי האָבן געשאַפן א מעדיציינישע אָרגאַניזאַציע. דער דאָקטוירים-פאַריין האָט אויך ארויסגעגעבן אין געטאָ א צייַטונג. זי איז באַשטאַנען פון די רעפעראַטן, וואָס פאַרשיידענע דאָקטוירים האָבן געלייענט א וואָך איבער א וואָך פאַר אַאודיטאָריעס. די צייַטונג האָט געהייסן „פאָלקס-געזונט".

אָט איז לעמאָשל דער אינהאַלט פון א נומער „פאָלקס-געזונט" (נומער 6 פונעם 7-טן נאָיאַבער 1942):

1. ד"ר פייגוס — וועגן דערנערונג.
2. ד"ר ברייטבאַרט — שרעקט זיך ניט, ווען דאָס קינד ווערט געל.
3. ד"ר פייסאַכאָוויטש — ווען עס רייַסט א פינגער.
4. ד"ר בוראַק — צי גרויסע היץ בא א קראַנקן איז א סימען פון געפאַר.
5. ד"ר אַנטאָקאָלעץ — וועגן אָבערגלויבענישן אין דער מעדיצין. מעדיציינישע כראָניק, בריוו-קאַסטן.

## אין קיניגרייַך פון אַלפרעד ראָזענבערג

דער ראָזענבערג-שטאַב אין ווילנע („איינזאַצשטאַב-רייַכסלייטער ראָזענבערג") איז באַשטימט געוואָרן צו דערגאַנצן די אַרבעט פון געסטאַפּאָ: אויסגעפינען און פאַטערן ביזן גרונט די יידישע קולטור-אוצרעס. אין מעשעך פון א קורצער צייַט מוז כּולשטענדיק אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד דער האַלבער יאָרטויזנט יידישע ווילנע.

* * *

דעם 1-טן אויגוסט האָט מען אַרעסטירט נויעך פּרילוצקי.

ער איז געזעסן ווי אין ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע און געשריבן זייַן „פאָנעטיק פון יידיש". מע האָט אים אַרייַנגענומען אין א טאַקסי און אוועקגעשלעפּט אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ אַף מיצקעוויטש-גאַס. דאָרט האָט געוואַרט אַף אים דער דייַטשישער פּראָפעסאָר פון יודאַיסטיק ד"ר גאָטהאַרט, וואָס איז געקומען ספּעציעל פון בערלין אופצוקלייַבן אין ווילנע די זעלטענע קולטור-אוצרעס. צו פּרילוצקין האָט ער זיך באַצויגן קלוימערשט העפלעך. גערעדט מיט אים וועגן ליטעראַטור. פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל אופשטעלן א רעשימע פון די יידישע אינקונאַבלען (ערשטדרוקן ביזן XVI יאָרה.), וואָס גע-

פינען זיך אין דער בארימטער ווילנער סטראשון-ביבליאָטעק (סטראַשון, דער פאַרוואַלטער פון דער סטראשון־ביבליאָטעק, דאָס אייניקל פון איר גרינדער, האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי די דײַטשן באַלעבאַטעווען אין ביבליאָטעק, און ער האָט זיך אומגעבראַכט אויף זײַנע טפילין).

פרילוצקי איז געזעסן אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ צוזאַמען מיט דעם אַלטן יידישן שרײַבער א. י. גאָלדשמידט. יעדער אינדערפרי פלעגט מען זיי פירן אין די ביבליאָטעקן אויפצושטעלן רעשימעס פאַר ד״ר גאָטהאַרט. ווען דער איז אוועקגעפאָרן צוריק אין בערלין, זײַנען ביידע געלערנטע שוין פאַרבליבן אין געסטאַפּאָ. ווי מיר האָט שפּעטער דערציילט דער ביבליאָטעקער כײַקל לונסקי, וואָס איז געזעסן מיט זיי צוזאַמען, האָבן זיי די לעצטע נעכט, ביז מע האָט זיי אַרויסגעפירט, גערעדט וועגן ראַמבאַם. אין אַ כוידעש אַרום האָט מען נאָך געזען פרילוצקין אין טורמע. ער איז געלעגן אַ האַלבנאַקעטער אויף דער ערד, און זײַן העמד, אַרומגעבונדן אַרום זײַן קאָפּ, איז רויט געווען פון בלוט. לעבן אים איז געלעגן א. י. גאָלדשמידט און שוין מער ניט געאָטעמט.

* * *

אין יאַנואַר 1942 איז אין ווילנע געקומען ד״ר פּאָל, דער דירעקטאָר פון פראַנקפורטער מוזיי צו פאָרשן די מיזרעך־פעלקער. ער איז געקומען ניט אַליין. ער האָט מיטגעבראַכט אַ גאַנצן שטאַט „געלערנטע": דעם אָבער-אײַנזאַצפירער ד״ר מילער, ד״ר וואָלף (ביידע פון בערלין). שפּעטער איז צוגעקומען ספּאָרקעט און אַ געוויסער גימפּעל.

די „העלדן" זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין געטאָ און געפאָדערט צוואַנציק אַרבעטער אויפצוזאַמלען איבערן שטאָט די יידישע קולטור-אוצרעס. די צוואַנציק וועלן דאָס דאַרפן סאָרטירן, אײַנפּאַקן און אַוועקשיקן קיין דײַטשלאַנד. „עס איז מילכאָמע-צײַט, — האָט ד״ר מילער געזאָגט, — אין אַזעלכע צײַטן קענען נאָך כאָרעוו ווערן די קולטורווערטן. מע טאָר עס ניט דערלאָזן. דעריבער דאַרף מען זיי אָפּשיקן קיין דײַטשלאַנד. ביז איבער דער מילכאָמע..."

ד״ר מילער האָט געפאָדערט, אַז צווישן זײַנע צוואַנציק מיטאַרבעטער פון געטאָ זאָלן פינף זײַן אַזעלכע, וואָס קענען גוט יידיש און העברעיש און אָריענטירן זיך אין פאַרשיידענע מאַנוסקריפּטן און אַלטע ספאָרים. איך בין אַוועק צווישן די פינף. מײַן ציל איז גע-

ווען איינער: זען אָפּראַטעוועֶן, וואָס נאָר עס איז מעגלעך. וואָס באַטרעפט דײַטשישע קולטור־היטער, האָב איך שוין גוט געוווּסט וועדליק דעם, וואָס זיי טוען אָפּ מיט מענטשן. אין געטאָ איז שוין דערגאַנגען צו מיר א גרוס, אַז אין שטאָט הייצט מען די אויוונס מיט ביבליאָטעקן.

איך בין אוועק אין דעם ראָזנבערג-שטאַב אָפּ זיגמונט-גאַס 18. דאָס ערשטע, וואָס ד״ר שעפּ טילער האָט באַפוילן צו טאָן, איז פאַרברענען די רײַכע מעדיצינישע ביבליאָטעק פון אוניווערסיטעט-שפּיטאָל, וואָס האָט זיך דעמלט געפונען אין דער זעלבער וווינונג.

ד״ר פּאָל האָט באַפוילן שאַפן א „געטאָ" פאַר די יידישע ביכער. די פּערציק טויזנט ספרים פון דער וועלט-באַרימטער סטראַשון-ביבליאָטעק האָט ער געהייסן אַריבערפירן אָפּ אוניווערסיטעט-גאַס 3. אהין האָט מען אויך צונויפגעפירט די ספרים פון די איבער הונדערט ווילנער קלויזן.

ד״ר פּאָל איז אין יאָר 1933 ספּעציעל געשיקט געוואָרן דורך דער היטלעריסטישער פּאַרטיי קיין ירושלים. ביז יאָר 1936 האָט ער שטודירט אָריענטאַלישע וויסנשאַפט אין ירושלאַיִמער אוניווערסיטעט. געקומען א באַהאַוונטער אין דער יידישער ליטעראַטור, איז ער געוואָרן א ראָטגעבער בא אַלפרעד ראָזנבערג, דעם עקספּערט פון נירנבערגער אַנטי־יידישע



ייוואָ (יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט).

געזעצן. גלײַכצײַטיק איז ער דירעקטאָר פונעם פראַנקפורטער מוזיי צו פאָרשן די מיזרעח-פעלקער און איז איינער פון די הויפּט-מיטאַרבעטער פונעם מאָרד-בלעטל „שטירמער".

מיט די קאָלאָסאַלע אויצרעס פון די ווילנער יידישע מוזייען האָט ער געוואָלט אָפּטאָן דאָס זעלבע, וואָס זײַנע קאָלעגע דער מאַסן-מערדער

דער שווײַנענבערג האָט געמאַכט מיט די ייִדן: סאָרטירן זיי אַפּ „לינקס — רעכטס" און ביידן פאַרטיליקן. ד״ר פּאָל האָט באַפוילן אויסאָרטירן די אַלע צונויפגעפירטע ביכער און מאַנוסקריפּטן לויט די יאָרהונדערטן. ער פלעגט באַשמעקן יעדע אָפּטיילונג און פלעגט אָפּקלײַבן ביכער פאַר זײַן פראַנקפורטער מוזיי. פון די איבער הונדערט טויזנט ספאָרים האָט מען קיין דײַטשלאַנד אַוועקגעשיקט אַרום צוואַנציק טויזנט אין 84 קאַסטנס. די איבעריקע ספאָרים, ביז גאָר וויכטיקע, האָט ער פאַרקויפט ווי מאַקולאַטור אין דער נײַ-ווילייקער פאַפּיר-פאַבריק צו 19 מאַרק פאַר א טאָן. דעם זעלבן גורל האָבן אויך געהאַט די מאַנוסקריפּטן, די קונסט-בילדער און די סקולפּטורן.

* * *

גלײַך ווי די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין ווילנע, האָבן זיי דעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פאַרוואַנדלט אין א קאַזאַרמע. אַלע אַרכיוון, עקספּאָנאַטן, קאָלעקציעס האָט מען ווי מיסט אַראָפּגעשלײַדערט אין דעם אונטערשטן קעלער. הימלערס ראָטגעבער ד״ר גאָטהאַרט איז געקומען אַלײן אין אינסטיטוט, קעדיי... צו געפינען גאָלד. דערזעען אין קעלער דעם סייף, האָט ער באַפוילן אַרויסרופן א שלאָסער, און יענער האָט אויפגעשמאָלצן דעם סייף. געעפנט, איז ער געבליבן אָפּגענאַרט: שאָלעם-אַליכעמס און פּערעצעס קסאַוויאַדן האָבן אים אָנגעקוקט מיט כויזעק... האָט ער זיי פאַר קאַס אַרויסגעוואָרפן פון סייף און געטראָטן מיט די פיס.

אין ביניען פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט האָט מען געבראַכט די ביכער, מאַנוסקריפּטן, בילדער און סקולפּטורן פון אַלע ייִדישע ביבליאָטעקן און מוזייען און פון פּריוואַטע ייִדישע הײַזער, אַחוץ דער סטראַשון-ביבליאָטעק, וועלכע איז שוין געווען ליקווידירט. וואָס מע האָט געבראַכט אַהער אַנטאָקאָלסקיס סקולפּטורן פון אַנסקי-מוזיי, האָט ד״ר פּאָל א גרויסן טייל צעשמעטערט אָן דער ערד. די בלײַענע מאַטריצן פון טאַלמוד אין ראָמס דרוקערײַ, וועלכע עס האָט געדויערט אויסזעצן אַרום צוואַנציק יאָר, האָט ער פאַרקויפט אַלז גוס צו 39 מאַרק א טאָן. זעקס קאַסטנס מיט מאַנוסקריפּטן און זעלטענע אויסגאַבן האָט ער אַוועקגעשיקט קיין בערלין. נאָר זײַנע מיטאַרבעטער, דער געוועזענער לערער-סויכער ספּאָרקעט, האָט באַם באַן אַרויסגעוואָרפן די מאַטעריאַלן און אַרײַנגעלייגט אַפּ זייער אָרט אין די קאַסטנס כאַזיירים אַפּ צו שמוגלען זיי קיין דײַטשלאַנד.

אינגיכן איז דער זעלבער ספּאָרקעט געוואָרן אין ראָזענבערג-

שטאב דער הויפט־מאכער. פינפ הונדערט כייפער־טוירעס האָט ער אָפגעגעבנ אינ א לעדער־פאבריק איבערצוארבעטנ אַפ אונטערשלאַק צו שטיוול. די אלטע פארמעטענע אײַנבונדנ פונ די ווענעציאַנער אונ אמסטערדאמער אויסגאבעס האָט ער געהייסנ אַראָפרײַסנ. די מירמלנע מאצייוועס פונ זארעטשער בעסוילעם האָט ער אָפגעשיקט קיינ דײַטשלאַנד אַפ צו ברוקירנ די גאסנ.

דער ראָזענבערג־שטאב האָט אזוי פינקטלעכ אונ זאָרגעוודיק גענישטערט א יִדיש וואָרט, ווי די געסטאפאָ האָט געזוכט באהאלטענע יִידנ. דער רעקטאָר פונ ווילנער אוניווערסיטעט האָט מיר דערציילט, אז נאָכ דעמ, ווי דער ראָזענבערג־שטאב האָט ארויסגעפירט פונ דער ביבליאָטעק אלע יִדישע אונ פונ יִידנ געשריבענע ביכער, האָבנ זײַנע לײַט אויפגעריסנ די פאָדלאָגע אינ אוניווערסיטעט אונ גענישטערט עטלעכע טעג, צי קיינער האָט דאָרט ניט אויסבאהאלטנ א יִדיש ביכל.

פונקט ווי די געסטאפאָ האָט צוזאמענ מיטנ אויסקוילענ יִידנ אויכ אומגעבראַכט הונדערטער, טויזנטער פונ אנדערע פעלקער, האָט דער ראָזענבערג־שטאב אינ ווילנע גלײַכ מיט די יִדישע מוזייענ אונ ביבליאָטעקנ אויכ צעשטערט אונ בארויבעוועט אנדערע, ווי דעמ פוילישנ מוזיי „טאָוואזשיסטוואָ פשיאַציול נאוק“, דעמ פושקינ־מוזיי, דעמ בארימטנ פוילישנ פארלאג „יוזעפ זאוואדסקי“, די פוילישע ביבליאָטעק אָפנ נאָמענ פונ טאָמאש זאנ, די ביבליאָטעק פונ עוואנגעלישנ קלויסטער אונ פיל אנדערע.

צוויי מאָל אינ כוידעש פלעגט דער ראָזענבערג־שטאב שיקנ באריכטנ וועגנ זײַנ אויפטו אינ דער ראָזענבערג־צענטראלע פאר דער באלטיק אינ ריגע. אינ די באריכטנ איז געזאָגט געוואָרנ: וויפל ביכער מע האָט אוועקגעשיקט קיינ דײַטשלאנד; פונ וויפל איז געמאכט מאקולאטור אאזוו. דערבײַ האָט מענ געדארפט גענוי אָנגעבנ, וואָס פארא ביכער זײַנענ דאָס אונ אינ וועלכע שפראכנ. דאָרט איז געפירט געוואָרנ א גענויע סטאטיסטיק פונ דער פארטיליקונג.

באמ ארבעטנ אינ מעכטיקנ ראָזענבערג־שטאב האָבנ מיר, א גרופע כאווײרימ פונ געטאָ, אינ מעשעכ פונ אָנדערהאלבנ יאָר געראטעוועט א וויכטיקנ טייל פונ די גוואלדיקע קולטור־אויצרעס, זיי פארמויערט אינ ווענט, פארגראָבנ אינ קעלערנ אונ היילנ, מיטנ גלויבנ, אז גאָר אינגיכנ וועט קומענ דער טאָג, ווענ פרײַע מענטשנ וועלנ דאָס אויסגראָבנ צוריק פארנ וואויל פונ פאָלק אונ פאר דער גאנצער מענטשהײַט.

די וויכטיקסטע מאנוסקריפטנ אונ ביכער פלעגנ מיר ארונטער־

שפארנ אונטער די קליידער אונ ארײַנטראָגנ אינ געטאָ. איינמאָל האָב איכ געבעטנ בא ספאָרקעטנ א דערלויבעניש ארײַנטראָגנ אינ געטאָ א ביסל מאקולאטור אָפ צו הייצנ די אויוונס. ספאָרקעט האָט די דערלויבעניש געגעבנ אונ האָט אָנגעשריבנ א צעטל, אז די זשאנדארמענ באמ געטאָ-טויער זאָלנ עס בא מיר ניט צונעמענ. אינ דעמ פעקל „מאקולאטור" איז געווענ: טאָלסטאָיס בריוו (איכ האָב זיי געפונענ אינ שניי לעבנ דער סטראשונ-ביבליאָטעק), שאָלעמ-אלייכעמס קסאוו-יאדנ, בריוו פונ גאָרקי, ביאליק אונ ראָמענ ראָלאנ, זעלטענע אויסגאבעס פונ XV אונ XVI יאָרה., רעפינס א בילד, ד״ר הערצלס טאָגבוכ, דער מאנוסקריפט פונ ווילנער גאָענ, צייכענונגענ פונ מארק שאגאל אונ צענדליקער אנדערע דאָקומענטנ, בילדער אונ קולטור-אויצרעס.

האָבנדיק ספאָרקעטס דערלויבעניש, האָט מענ שוינ געקענט טאָגטעגלעכ איבערכאזערנ דעמ קונצ. כוצ דעמ האָבנ מײַנע מיטארבעטער מיר געהאָלפנ. עס איז צו פארשטיינ, אז מיר האָבנ געקענט פונ ביניענ ארויסטראָגנ בלויז א קליינעמ טייל. דעריבער האָבנ מיר דאָרטנ גופע אויסגעבויט אונטערנ ביניענ א צעמענטענע מאלינע אונ באהאלטנ בא א פינפ טויזנט זייער וויכטיקע ביכער אינ אלערליי שפראכנ.

באזונדערס שווער איז אונדז אויסגעקומענ צו ראטעווענ די סקולפטורנ. אָבער אויכ דאָ האָבנ מיר זיכ געטאָנ אנ אייצע. מיר האָבנ זיי פריִער ארויסגעטראָגנ פונ ביניענ, באהאלטנ אָפנ הויפ, אונ שפעטער איז שוינ גרינגער געווענ זיי אריבערצופעקלענ אינ געטאָ.

אינ מײַ 1943 איז אינ ווילנע געבראכט געוואָרנ דער סמאָלענסקער מוזיי מיט עטלעכע צענדליק קאסטנס מאנוסקריפטנ אונ בילדער. דרײַ אזוינע קאסטנס האָב איכ גלײַכ פונ באנ, מיט דער מיטהילפ פונ מײַנע כאווײרימ, אריבערגעפירט אינ דעמ שטאָטישנ ארכיוו אָפ איגנאטאָווער געסל אונ זיי דאָרטנ באהאלטנ אונטער א קופע אקטנ. אינ די קאסטנס, וואָס איכ האָב שפעטער געעפנט, געפינט זיכ: דער טאָגבוכ פונ פיאָטער דעמ גרויסנס דינער, אלטע קירכלעכע כראָניקעס פונ XV אונ XVI יאָרה., בילדער פונ רעפינ, לעוויטאנ אונ פיל אנדערע מוזיי-ווערטנ. א טייל פונ די אויסגערעכנטע מאטעריאלנ האָב איכ דערנאָכ אריבערגענומענ אונ פארגראָבנ אינ געטאָ.

איכ האָב עס געטאָנ דערפאר, ווײַל איכ בינ ניט זיכער געווענ, אז אינ דעמ שטאָטישנ ארכיוו וועלנ זיי בלײַבנ גאנצ. איכ האָב גערעכנט אזוי: פונ די ביידע ערטער וועט אפשער אינ איינ אָרט זיכ אופהיטנ.

* * *

אינ איינעם פונ די ווילנער מוזייענ, וואָס מיר האָבנ זיינע עקספּאָנאַטנ געבראַכט אינ ראָזענבערג-שטאַב, האָב איכ געפונענ א דאָקומענט, אונטערגעשריבנ פונ דעם פויליש-אַמעריקאַנישנ פרייהייטס־קעמפער טאַדעוש קאָסציושקאָ. עס איז געווענ פרילינג 1943, אינ די טעג פונ טעראָר אפ דער שטאָטישער באַפעלקערונג. דעם דאָקומענט האָב איכ אָפּגעגעבנ א פּוילישער פרוי, וואָס האָט פונ א שכיטע אויסבאַהאַלטנ צוואַנציק ייִדנ. ווענ די פרוי האָט דערזענ דעם אונטערשריפט, איז זי געפאַלנ אפ די קני אונ געקושט דעם נאָמענ. אפ מאָרגנ איז זי געקומענ צו מיינ ארבעטס-אָרט אונ מיר דערציילט: ווענ זי האָט באַוויזנ קאָסציושקאָס אונטערשריפט די מיטגלידער פונ דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער זי געהערט, האָט עס געווירקט אפ זיי ווי א פונק אינ פולווער. אירע כאַווייריִמ האָבנ מיר געבעטנ איבערגעבנ, אז ניט נאָר זיי, נאָר זייערע קינדער אונ אייניקלעכ וועלנ דאָס געדענקענ אונ מיר זיינ דאַנקעוודיק.

איינעם אויסבאַהאַלטנ די קולטור-אוצרעס האָבנ מיטגעהאָלפנ: ז. קאַלמאַנאָוויטש, הערמאַנ קרוק, ש. קאַטשערגינסקי, ראָכל קרינסקי, אומע אָלקעניצקי, ד״ר דאַניעל פיינשטיינ, נוימע מאַרקעלס, אויכ די דאָצענטנ פונ ווילנער אוניווערסיטעט מאַריאַ אבראַמאָוויטש אונ דער באַוווסטער ליטווישער פּאָעט קאַזיס באָרוטא.

די וויכטיקסטע מאַנוסקריפּטנ פונ דעמ ייִדישנ קלאַסיקער פּערעצ האָב איכ אינ מאַרט 1942 איבערגעגעבנ דער ליטווישער זשורנאַליסטנ שימייטע. זי איז פיל מאָל געקומענ אינ דעמ דייטשישנ אַנשטאַלט, ווו איכ האָב געאַרבעט, אונ ארויסגעטראָגנ פונ דאָרט מיינע צוגעגרייטע פּאַקעטנ.

* * *

שימייטע איז ניטאָ. פאַרנ העלפנ ייִדנ האָבנ זי די דייטשנ פאַרשפּאַרט אינ קאָנצענטראַציע־לאַגער. אינ דעמ אופגעהיטנ געטאָ-ארכיוו האָב איכ געפונענ אירנ א בריוו. דעם בריוו האָט זי ארייַנגעשיקט צו דער לערערנ ניניע גערשטיינ אפ מאָרגנ נאָכ א פאָרשטעלונג אינ געטאָ, ווו שימייטע איז בייגעווענ. איכ ציטיר א טייל פונ דעם בריוו, ווי אנ אָנדענק פונ אָט דעם זעלטענעמ מענטשנ:

„טייערע ניניע, האָט ניט קיינ פּאַריבל, וואָס איכ ווענד זיכ צו אייַכ, ניט קענענדיק אייַכ פּערזענלעכ. אייַער פּלאַסטישע אופירונג אינ

יוגנט־קלוב (פון געטאָ.—א. ס.), ביאַליקס „א פריילעכס", רייזענס „די וואנט" און די אינסצענירונג פון די יידישע פאָלקסלידער האָבן ביי באצויבערט און דערוואַרעמט. יאָ, מע דאַרף זיין א פאָלק פון געניעס, מע זאָל אין די־אָ קאָשמאַרן קענען שאַפן אזויגע קינסטלערישע ווערטן.

צוזאמען מיט דער אויסגעצייכנטער יידישער יוגנט גלייב איך און האָף, אז סאָפקאָלסאָף וועט די וואנט צעפאלן און עס וועט הערשן אף דער גאָרער וועלט די ברידערשאַפט פון אלע פעלקער".

## דער נייניעריקער קינסטלער

מיין באוווּרטע ראָכל סאראבסקי, א לערערן אין געטאָ, איז אין א קאלטן ווינטער־אָוונט פון יאנוואר 1943 געקומען צו מיר מיט א־רן א נייעם שילער, דעם נייניעריקן זאלמען באַק. זי וויל מיר באווייזן זיינע צייכענונגען. איך האָב באטראכט די צייכענונגען, און נאָך מער דאָס בלייכע זייד־הויטיקע יינגעלע, מיט די גרויסע העל־בלויע אויגן, געקוקט אף די דורכזיכטיקע אָדערלעך אף זיינע צאַרטע שלייפן, אף זיינע לייכטן סוידעסדיקן שמייכל, וואָס דערמאָנט אָן דעם שמייכל פון א מאדאָנע, און דערפילט, אז אין דעם יינגעלע איז פאראן עפּעס אזוינס, וואָס איז שטאַרקער פון אלע די, וואָס פאַרמעסטן זיך צו פארטיליקן אונדזער פאָלק.

איך האָב באטראכט די בילדער, געצייכנטע מיט א בלייער אף צופעליקע שטיקלעך פאפיר: סקיצן פון קעפּ ערגעץ אמאָל געזעענע. ציטיקע עכט־קינסטלערישע ליניעס. ליניעס ניט דערצויגענע, האלבע, וואָס אין דער ניט־פארענדיקטקייט איז באהאלטן דער קינסטלער. און אָט איז א באַל. א קאָמפּאָזיציע. די באוועגונגען לופטיקע, לייכטע. מיט אזויפיל כוש פאר דער אלגעמיינער שטימונג.

— וואָס איז דאָס עקספּרעסיאָניזם? — האָט ער שטיל, אָבער מיט א סאך נייגער מיך א פרעג געטאָן. זיין פראגע האָט מיך צעטומלט. די לערערן האָט געלאכט.

— איך בין נעכטן געווען אין לייען־זאל אף סטראשון־גאס 6, — האָט ער ווייטער געצויגן מיט א לויטערן אומעטיקן יידיש, — איך האָב דאָרט אין א בוך געטראָפן דאָס וואָרט „עקספּרעסיאָניזם" — האָב איך ...ס ניט פארשטאנען. איך האָב געפרעגט בא מיין לערערקע, זאָגט זי מיר, מירן עס פרעגן בא איַיך.

איך האָב אים געפרווט דערקלערן. מיינע ווערטער זיינען אָבער געווען פאר אים ניט איבעריק פארשטענדלעך.

— ווייסט איר וואָס, — שלאָגט ער מיר איבער די רייד, — צייכנט עס אָנ.
— איכ קענ ניט, טײַערער, — האָב איכ אימ געזאָגט.
— ווי קענ מענ דאָס ניט אָנצייכענעג א זאכ, וואָס מע ווייס? — הייבט מיט די אקסלענ דער נײַניעריקער, אונ זײַנע אויגנ ווערנ טיפ ווי טונקעלע היילנ.

אינ יענעמ אָווונט בינ איכ געוואָר געוואָרנ, אז צו אלע אויס-טערלישקײַטנ אינ ווילנער געטאָ איז צוגעקומענ נאָכ איינע: זאלמענ באק.

אינ געטאָ איז ער סאכאקל א כוידעש. אָנדערהאלבנ יאָר איז ער צוזאמענ מיט זײַנ מאמענ אָפּגעלעגנ אינ א מאָנאסטיר אפנ בוי-דעמ. דער הויז-וועכטער פלעגט אינ די נעכט זיי ארופברענגענ שפײַז. זיי האָבנ געהאָפּט אפ אזא אויפנ איבערצולעבנ די מילכאָמע.

זאלמענ האָט די לאגע פארשטאנענ ניט ווינציקער ווי א דער-וואקסענער. ער האָט ניט איינ מאָל געזענ דורכ די שפּאלטנ פונ בוי-דעמ, ווי מע שלעפּט די יידנ מאסנווײַז צו דער שכיטע. א בלײַער האָט ער געהאט, פּאפּירלעכ אויכ, האָט ער געצייכנט. גאנצע טעג, אויכ ווינטער, ווענ דער פראָסט האָט דורכגעפרוירנ זײַנע דינע, דורכ-זיכטיקע פינגערלעכ, איז ער געזעסנ אינ א ווינקעלע אונ געצייכנט. די-אָ טעג האָבנ עראָפּלאנענ באָמבארדירט די שטאָט אונ אָנגעצונדנ זייער דאכ. זיי זײַנענ קוימ לעבעדיק ארָאָפּגעקראָכנ. עס איז געווענ ווינטער. א פראָסט. זיי האָבנ ניט געהאט קיינ אנדער ברירע ווי צו קומענ אינ געטאָ.

די קינסטלער אינ ווילנער געטאָ זײַנענ געווענ פונ אימ באגײַס-טערט. ראָכל סוצקעווער, די באקאנטע ווילנער מאָלערנ, האָט אימ גענומענ צו זיכ, געקליבנ זײַנע צייכענונגענ ווי ברילִיאנטנ. פייסעכ 1943 האָט מענ אינ פּאָיע פונעמ געטאָ-טעאטער געעפנט אנ אויס-שטעלונג פונ בילדער. א האלבע וואנט האָט געהערט זאלמענענ. אכוץ די צייכענונגענ, וואָס ער האָט געבראכט פונ מאָנאסטיר-בוידעמ, זײַנענ דאָ געווענ שוינ נײַע, געשאפענע אינ געטאָ גופע. איינ בילד, געדענק איכ, איז ווי מע גייט פונ דער ארבעט, אונ די דײַטשנ קאָנטראָלירנ באמ טויער. א צווייטס — די געטאָ באנאכט, געצייכנט מיט טינט. א דריט בילד האָט דער קינסטלער אָנגערופנ „איכ אינ דער שכיטע" — באוואָפנטע פּאָליציי-לײַט געפינענ אימ אינ א באהעל-טעניש אונ שלעפּנ אימ צומ טויט.

זאלמענס בילדער האָבנ זיכ אויסגעטיילט פונ אלעמענס, כאָטש אינ דער אויסשטעלונג האָבנ זיכ געהאט באטייליקט בא א צענ ווילנער מאָלער. אונ ער האָט טאקע באקומענ די מאָלער-פּרעמיע פונ געטאָ.

* * *

ס'האָט זיך דערנעענטערט די ליקווידאציע פון געטאָ. אווגוסט 1943. א פרײַטיק. די גאס איז פול מיט געשרייען און פארביקע שמאטעס. פענעמער, פארכאפט אין זון-פארגאנג, שפריצן מיט מעשוגאס. א ייִדענע שפּארט זיך צווישן אוילעם מיט א טשאָלנט-טאָפּ, אײַלט צו דער בעקערײַ אים צו פארוקן אַף שאבעס, און גלײַכצײַטיק יאָמערט זי: „מע האָט דערשאָסן מײַנע דרײַ קינדער!" א זאָקן שלאָגט זיך אין הארצן און בעט אַף זיך דעם טויט. קינדער לויפן ארום איבער די גאסן. דאָקטוירים טראָגן א פארסאנטע.

איך בין ארײַן אַף שפּיטאָל-גאס 7, ווו עס וווינט זאלמען. ער איז פארטאָן אין דער ארבעט. זײַנע הענטלעך מיט פארקאשערטע ארבל רונדן זיך, בייגן זיך ארום א פײַכטלעכער ליימענער מאסע, וואָס איז געהאָרכיק און אונטערטעניק די באוועגונגען פון מײַסטער. פון א שטיק פאָרמלאָזער ליים וואקסט ארויס א קאָפּ און הייבט זיך שטאָלץ איבער מענערישע אקסלען.

— עס וועט זײַן מוישע ראבייניו, אזוי ווי ער האָט אויסגעזען,— זאָגט דער קינסטלער.

זאלמענס מאמע האָט דערציילט: „שוין א וואָך, ווי ער האלט אין קנעטן די פיגור. פונוואנען ער האָט אויסגעגראָבן ליים, ווייס איך ניט. איך ווייס אויך ניט, פונוואנען ער קען די מעלאָכע. פון באגינען ביז אין דער נאכט אדײַן איז ער אין דעם פארטאָן. נעכטן איז געווען א לעוואָנע-נאכט, איז ער אופגעשטאנען, ווען אלע זײַנען געשלאָפן, און איבערגעמאכט די באוועגונג פון א האנט. זי דארף זײַן אנדערש, האָט ער מיר דערקלערט, און פארטאָג האָט ער אײַנגעדרעמלט אין א ווינקל".

* * *

צום לעצטן מאָל האָב איך געזען זאלמענען עטלעכע שאָ פאר מײַן ארויסרײַסן זיך פון געטאָ, דעם 12-טן סעפטיאבער 1943. עס איז געווען אין די טעג פון ווידערשטאנד און געראנגל. איך האָב געוווסט, אז מאָרגן וועל איך שוין דאָ ניט זײַן: אָדער איך וועל אומקומען מיט געווער אין האנט באַם דורכרײַסן די ארומריגלונג, אָדער איך וועל זיך ציִען דורך וועלדער צו א פארטיזאנישער מאכנע. איך האָב באשלאָסן זיך צו געזעגענען מיט זאלמענען.

די שפּיטאָל-גאס — שוין דרײַ פערטל א פוסטע. מוירן, אופגעריסן

מיט דינאמיט, די גאסנ — קוימ דורכצוגיינ. איכ באגעגנ דעמ ד״ר פעלדשטיינ, געוועזענער דירעקטאָר פונ א קאָוונער גימנאזיע. ער איז אלט אונ גרוי געוואָרנ, ווי באשאָטנ מיט אש. זייַנע וויִעס צוקנ פונ נערוועזקייַט. די ליפּנ שוימענ. ער זוכט בא מיר אנ אייצע. וואָס טוט מענ? איכ ראט אימ אוועקצוגיינ נאָכ הייַנט אינ שטאָט צו זייַנע ניט-יידישע באקענטע, וואָס האָבנ אימ פאָרגעלייגט בייַס אנ אומגליק צו קומענ.


זאלמענ באק.

מיר זייַנענ ביידע אריינ צו זאלמענענ. עס איז ווידער זונ-פארגאנג. נאָר דאָס צי-מערל זעט שוינ אויס אנדערש. פונ די אופּרייַסנ איז אָפּגעפאלנ דער טינק. די זעלבע ווענט, וואָס זייַנענ נאָכ ניט לאנג באצירט געווענ מיט זאלמענס בילדער, זייַנענ איצטער הויל אונ צעשפּאָלטנ. אינ ווינקל באמ פענצטער איז די געשטאלט פונ מוישענ. מוישע, אָנגעלענט אָנ א שטיינ, פול מיט מעכטיקייַט אונ צאָרנ. זאלמענ שטייט א שטילער, א לויטערער אונ פאר-גליעט א באק פונ דער סקולפּטור: נעכטנ בייַס דער שיסערייַ איז דאָ דורכגעפלויגנ א קויל.

לויפנדיק צו די פארטיזאנער דורכ וואלד אונ זומפּנ, צווישנ דייַ-טשישע גארניזאָנענ, האָב איכ אָנ זאלמענענ ניט פארגעסנ. דורכ פאר-בינדלער, וואָס זייַנענ געגאנגענ פונ וואלד קיינ ווילנע, האָב איכ גע-פּרווּט דערגיינ, ווו איז ער ערגעצ. אויכ מייַנ קאָמאנדיר האָט זיכ באמיט מיר צו העלפנ ארויסצוקריגנ דעמ קינסטלער, אָבער אלע פּרווּונ האָבנ זיכ ניט אייַנגעגעבנ.

אונ אָט האָט די רויטע ארמיי באפרייַט ווילנע אונ צו מייַנ גרויס איבערראשונג דערוויס איכ זיכ: זאלמענ לעבט. ער האָט זיכ געראטעוועט אינאיינעמ מיט דער מאמענ.

זיי זייַנענ אָנ א שיר צאָרעס אויסגעשטאנענ, אָבער צולעצט האָט זיי דער ליטווישער פּראָפעסאָר סטאקאוסקאס, דער אָנפירער פונעמ שטאָטישנ ארכיוו, אויסבאהאלטנ. טאקע אינ ארכיוו גופא, אפּ איגנאטאָ-ווער געסל, האָט סטאקאוסקאס געמאכט א באהעלטעניש, אונ צו-זאמענ מיט נאָכ 14 יידנ האָט ער געראטעוועט זאלמענענ מיט דער מאמענ.

— אָט אזוי האָט אויסגעזענ מוישע, — האָט זאַלמענ מיר אָנגעוויזנ אפ א צייכענונג, וואָס איז אָקאָרשט ארויס פונ אונטער זײַנע פינגער, — קיטעל האָט מוישענ צעבראָכנ. איכ וועל אָבער נאָכ אופשטעלנ די סקולפטור, איר וועט זענ...



זאַלמענ באַקס צייכענונג פונ זײַנ אומגעבראטער מוישע־סקולפטור.

— אונ ווו זײַנענ דײַנע בילדער, געמאָלנ אינ קאָנצענטראציע-לאַגער? — האָב איכ אימ געפרעגט, אונ מיר האָט גלײַכ פארדראָסנ, וואָס איכ וויקל אופ די וווּנדנ.

— איכ האָב דאָרט אינ לאַגער איבערגעלאָזנ דעמ גאַנצנ אלבאָמ, מע וואָלט זיי עפשער געקענט נאָכ אופזוכנ. נאָר סײַווי געפעלנ מיר ניט די בילדער...

מיר זײַנענ אוועק אפ סובאָטש, ווו עס האָט זיכ געפונענ דער לאַגער. ווענ די רויטע ארמיי איז שוינ געווענ אינ דער פאָרשטאָט, האָט א דײַטשישער באַטאַליאָנ זיכ א נעמ געטאָנ צו די טויזנט יידנ. אדאנק דעמ פרווו פונ א ווידערשטאַנד, האָבנ ארומ הונדערט זיכ געראַטעוועט. די איבעריקע זײַנענ געוואָרנ צעשאָסנ אינ דער ארומרינגלונג.

צווישנ די טויטע האָבנ מיר געפונענ זאַלמענס אלבאָמ. ער איז געלעגנ אופגעבלעטערט קעגנ דער זונ, אונ א טייל בילדער זײַנענ געהייליקט געווענ מיט בלוט.

## די זינגערנ

ווער האָט אינ ווילנע ניט געהערט די זינגערנ ליובע לעוויצקי! **געענדיקט קאָנסערוואַטאָריע אינ ווינ, איז זי געקומענ צוריק אינ איר**

היימשטאָט. אירע קאָנצערטן, איר זינגען דורך דעם ווילנער ראַדיאָ האָט אַרײַנגעטראָגן עפּעס יאָמטעוודיקס אין די הערצער פֿון די ווילנער ייִדן. זי האָט אָנגעפֿירט מיט אַ קלאַס אין דער ווילנער קאָנסערוואַטאָריע. מאָסקווע האָט זי אַרויסגערופֿן אויף קאָנצערטן.

אַ געוויסע צײַט האָב איך זי אין געטאָ ניט געזען. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן בײַ אירע ניט־ייִדישע פֿרײַנט, בײַ מוזיקער, אין דער פֿאָרשטאָט זווערינעץ. ווען אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע אַבלאַוועס, איז זי צוריק געקומען אין געטאָ. איר אויסזען האָט זיך געענדערט. עפּעס איז איר קאָפּ גרעסער געוואָרן, איר גוף — קלענער. אירע האָר, געפֿאַרבט אויף בלאָנד, מע זאָל זי ניט דערקענען, האָבן פֿאַרענדערט איר פּנים.

אין יאַנואַר 1942, ווען אײַנצײַטיק מיט דער גרינדונג פֿון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע האָט אין געטאָ אויפֿגעלעבט אַ קולטור־לעבן, האָבן מיר געגרייט דעם ערשטן קאָנצערט אין זאַל פֿון דער געוועזענער רעאַל־גימנאַזיע. איך, דער ליטעראַרישער אָנפֿירער פֿונעם קאָנצערט און פֿונעם פּראָיעקטירטן טעאַטער, האָב פֿאַרבעטן ליובע לעוויצקי, זי זאָל זינגען פֿאָלקסלידער.

יענעם קאָנצערט איז אוממעגלעך צו פֿאַרגעסן. עס איז געווען אין אַ קורצער צײַט אַרום נאָך דער „נאַכט פֿון געלע שײַנען". די שטימונג אין זאַל איז ענלעך געווען צו דער שטימונג פֿאַר אַ האַקאָרע. יעדער וואָרט, יעדער קלאַנג האָט דערמאָנט אָן די געפֿאַלענע. מע האָט פֿאַרגעסן, אַז יעדער רגע קאָן מען ווערן אַרומגערינגלט, אַוועקגעטריבן צו די פּאָנאַרער גריבער. די פֿאַרזאַמלונג איז געווען אַן אומלעגאַלע — אָן מורערס וויסן. מענטשן זײַנען געשטאַנען, ווי מע שטייט לעבן אַן אָפֿענעם קייווער, און זיך אײַנגעהערט אין די קלאַנגען פֿון שאָפּענס טרויער־מאַרש, פֿון שלוימעס מאָנאָלאָג אין י.־ל. פּערעצעס „די גאָלדענע קייט", אין דער כאָראַלער דעקלאַמאַציע פֿון ביאַליקס „גלוכט זיך מיר וויינען" און אין די ווערטער פֿון ליובעס פֿאָלקסליד, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַזויפֿיל בענקשאַפֿט, מיט אַזויפֿיל הייליקן טרויער:

צוויי טײַבעלעך זײַנען איבערן וואַסער געפֿלויגן,
און מיט די פֿיסקעלעך האָבן זיי זיך געקושט.
פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן יענער מענטש,
וואָס האָט זיך אין אונדזער ליבע אַרײַנגעמישט.

מיר זײַנען אַזױ געלעגן, װײס איך ניט. איך האָב געבעטן גאָט, עס זאָל װאָס גיכער שױן אָנקומען די קױל. נאָר קײנער האָט ניט גע־שאָסן. איך האָב בלױז געהערט, װי קיטעל רעדט צו זײַנע כאַװײרים, און דורך די פינגער געזען, װי מע כליאָבעט בראָנפן.

װען איך האָב דערפילט, װי מײַנע פיס װערן פאַרפראָרן, האָב איך אַלץ פאַרגעסן און געפרוּװט זיך שטעלן. קיטעל איז צוגעלאָפן מיטן רעװאָלװער און געטאָן אַ געשרײ:

— װוּהין גײסטו?

— מיר איז קאַלט, — האָב איך גערעדט האַלב מעשוגע, — מיר איז קאַלט, איך גײ זיך װאַרעמען...

קיטעל האָט מיך אַ װײַל אָנגעקוקט און געזאָגט: „דיר איז קאַלט? נו גוט, טו זיך אָן, איך װעל דיך לאָזן פרײַ"... איך האָב געמײנט, אַז דאָס זאָגט ער גלאַט אַזױ, ער װיל זיך רײצן. נאָר װען איך האָב זיך אָנגעטאָן, האָט ער באַפױלן אַ שיסער מיך אַרױספירן דורכן טױער... ביז איצט פאַרשטײ איך ניט, פאַרװאָס קיטעל האָט דאָס גע־טאָן. מיסטאָמע — פון שיקרעס.

װי איך האָב זיך שפּעטער דערװוּסט, האָט ער אַלע ייִדן פון דער מאַלינע פאַרפרױרן צום טױט. צװישן די פאַרפרױרענע איז געװען אױך מײַן טאַטע".

# די פארטיזאנישע אָרגאניזאציע

## דער ערשטער אופרופ

נאָכ דער שכיטע פונ די „געלע שײַנענ" האָבנ זיכ צונויפגעטראָפנ די דרײַ קאָמוניסטישע פארטיי-טוער איציק וויטענבערג, בערל שערעשניעווסקי, כיענע באָראָווסקי אונ זיי האָבנ באשלאָסנ צו שאפנ אינ געטאָ אנ אָרגאניזאציע פונ ווידערשטאנד. דאָ איז געלייגט געוואָרנ דער פונדאמענט פונ דער קאָמוניסטישער אָרגאניזאציע אינ געטאָ. אינ דעמ שפעטער-געשאפענעמ ראיאָנ-קאָמיטעט אינ געטאָ זײַנענ ארײַנ: בערל שערעשניעווסקי (סעקרעטאר), ראָזע שערעשניעווסקי, כיענע באָראָווסקי, סאָניע מאדייסקער, שיינע לונסקי אונ יאנקל קאפלאנ. נאָכ דעמ, ווי בערל שערעשניעווסקי איז אוועק אינ וואלד, איז דער סעקרעטאר געוואָרנ קאפלאנ.

דער קאָמוניסטישער פארטיי-קאָמיטעט אינ געטאָ האָט געזוכט אונ געפונענ א פארבינדונג מיט די פאָרשטייער פונ אנדערע אָרגאניזאציעס, וואָס זײַנענ געשטאנענ אפנ שטאנדפונקט פונ אקטיוונ קאמפ.

אָט איז דער ערשטער אופרופ פונ דער פאראייניקטער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע (פ. פ. אָ.):

„לאָמיר ניט גײַנ ווי שאָפ צו דער שכיטע!

יידישע יוגנט, גלייב ניט די פארפירער. פונ די אכציק טויזנט יידנ אינ יערושאָלאימ-דעליטע איז געבליבנ נאָר צוואנציק. פאר אונדזערע אויגנ האָט מענ אוועקגעריסנ די עלטערנ, ברידער אונ שוועסטער. ווו זײַנענ די הונדערטער מענער, געכאפטע אפ ארבעט דורכ דער שטאָטישער פאָליציי? ווו זײַנענ די נאקעטע פרויענ אונ קינדער, ארויסגעפירטע אינ גרויליקער נאכט פונ דער פראָוואָקאציע? ווו זײַנענ די יידנ די געכאפטע אומ יאָמקיפער? אונ ווו זײַנענ אונדזערע ברידער פונ דער צווייטער געטאָ? וועמענ מע האָט ארויסגעפירט פונ געטאָ, דער וועט זיכ מער ניט אומקערנ, ווײַל אלע וועגנ פונ געסטאפאָ פירנ קיינ פאָנאר. אונ פאָנאר איז טויט!

רײַסט אראָפ די אילוזיע פונ פארייִעשטע: אײַערע קינדער, פרויענ אונ מענער זײַנענ ניטאָ! פאָנאר איז ניט קיינ לאגער. מע האָט זיי אלעמענ דערשאָסנ. עס האָט היטלער פארטראכט א סיסטעמ אומצוברענגענ אלע יידנ אינ אייראָפע. אפ אונדז איז ארויסגעפאלנ די ערשטע ריי.

לאָמיר ניט גײַנ ווי שאָפ צו דער שכיטע! עמעס, מיר זײַנענ

ש.זאב אונ האָבנ קיינ הילפ ניט, אָבער דער איינציקער ווירדיקער ענטפער אונדזער סוינע — איז ווידערשטאַנד!

ברידער! בעסער פאַלנ ווי פרייע קעמפער, איידער לעבנ אינ דעמ מערדערס גנאָד. זיכ קעגנשטעלנ ביזנ לעצטנ אָטעמ!

ערשטער יאַנוואַר 1942, ווילנע, אינ געטאָ.״

עס איז געווענ נאָכ די מאַסנ-שכיטעס אינ ביידע געטאָט. אַפ דער פאַרזאַמלונג, ווו עס איז געלייענט געוואָרנ דער אופרופ, איז אויכ באַטראַכט געוואָרנ דאָס איידעס זאָגנ פונ דער לערערנ טעמע קאַצ, וואָס ניט לאַנג איז זי אַנטלאָפנ פונ א פאָנאַרער גרוב. מיט קוילנ אינ לייב האָט זי באַנאַכט זיכ אַרויסגעשאַרט פונ קייווער אונ א האַלב-נאַקעטע זיכ אַריינבאַקומענ אינ געטאָ. די, וואָס האָבנ זיכ אופגעקליבנ צו גרייטנ א ווידערשטאַנד, האָבנ, אייגנטלעכ, ניט געדאַרפט קיינ איידעס. וועגנ פאָנאַר האָבנ זיי געוווסט. מע האָט בעקיווונ אָבער אַריינגעפירט די פאַרבלוטיקטע לערערנ, וועלכע איז אַגעוו אַלעמענ באַקאַנט געווענ ווי א באַוווסטזיניקער קעמפערישער מענטש, כדיי איר בײַזײַנ זאָל נאָכ מער פאַרשטאַרקנ די געפילנ אונ דעמ דאָרשט צו נעקאָמע.

שוינ דעמלט, ווענ די געטאָ-געסלעכ האָבנ אָנגעהויבנ אָפגיינ מיט בלוט אונ נויגעבויערס קאַבינעט אינ געסטאַפּאָ האָט געפרווט מיט אַלע מיטלענ צו פאַרטומלענ אונ מאָראַליש צעברעכנ די יידישע באַפעלקערונג, שוינ דעמלט האָבנ טיכיש זיכ אָנגעהויבנ צו אָרגאַניזירנ באַזונדערע גרופירונגענ, מיטנ ציל אַרויסצושטעלנ א פייסט קעגנ דעמ סוינעס פאַרמעסטונג.

דעמ 24-טנ דעקאַבער 1941, בייס דער שכיטע פונ די „ראָזע שיינענ", איז פאָרגעקומענ דער ערשטער אַקט פונ אַקטיווונ ווידערשטאַנד.

אַפ שפּיטאָל-גאַס 11 האָבנ זיכ אינ א קעלער באַהאַלטנ צוואַנציק מענטשנ. פּאָליציי איז אַרומגעלאָפנ מיט העק אונ שפּירהינט, האָט געפונענ די מאַלינע אונ באַפוילנ די צוואַנציק, זיי זאָלנ געשווינד אַרויסגיינ. זיי האָבנ זיכ אָפּגעזאָגט אונ געבליבנ אינווייניק. שווייַנענבערג מיט דער באַנדע פּאָליציי האָט זיכ אַריינגעריסנ אינ קעלער, אונ ציילנדיק אינ די יידנ ניט זײַנ אווטאָמאַטיש געווער, האָט ער באַפוילנ זײַ טייקעפ אַרויסצוקריכנ אַפנ הויפ. ווי אַנ ענטפער אַפ דעמ טאַליענס פאָדערונג, האָבנ צוויי יונגטלעכע, הויז אונ גאָלדשטיינ, מיט די הוילע פויסטנ זיכ א וואָרפ געטאָנ אַפ די מערדער. הויז האָט מיטגעריסנ די אַנדערע: „יידנ! גייט ניט אַרויס

פונ דער מאלינע! ווארפט זיכ אפ די מערדער!" אינ דער טונקל-קײט פונ קעלער האָט א שניט געטאָנ פײַער. פלייש אונ בײנ האָט זיכ געראנגלט קעגנ ביקסנ. אינ געראנגל האָבנ אויכ אָנטייל גענומענ די שפירהיכט. שוויינענבערג איז ארויסגעלאָפנ צום טויער אונ געבראכט הילפ.

די צוואנציק זײַנענ העלדיש אומגעקומענ. אָבער זייער קאָוועד האָבנ זיי אויסגעקויפט מיט עטלעכע שווער פארוווּנדעטע, צעקאַליע-טשעטע פאָליציאנטנ. אפ מאָרגנ, ווענ די מאכנעס יידנ האָבנ זיכ צו-ריקגעקערט אינ געטאָ, האָבנ זיי געפונענ אויסגעקלעפט אפ די ווענט: „קאָוועד די קדושים הויז אונ גאָלדשטיינ! קאָוועד די געפאלענע!".

* * *

דעם 23־טנ יאנוואר 1942 איז אפ א זיצונג פונ פארטייענ-פאָר-שטייער אינ א פארבאָרגענעם בוידעמל אפ רודניצקער 6 געלייגט גע-וואָרנ דער גרונטשטיינ פאר דער שפעטערדיקער פארטי-זאנישער אָרגאניזאציע אינ געטאָ. אפ דער זיצונג זײַנענ בײַגעווענ: איציק וויטענבערג, אבע קאָוונער, יויסעפ גלאזמאנ, כיענע באָראָווסקי, ניסנ רעז-ניק אונ דער געוועזענער מאיאָר אינ דער פוילישער ארמיי פרוכט. נאָכנ ארומריידנ די גרונט-יעסוידעס פונ דער אָרגאניזאציע איז אויסגע-קליבנ געוואָרנ א שטאב פונ דרײַ מענטשנ: איציק וויטענ-בערג (פסעוודאָנים לעאָנ) — קאָמאנדיר; אבע קאָוונער (פסעוודאָנים — אורי), יויסעפ גלאזמאנ (פסעוודאָ-נים — אבראמ) — מיטגלידער פונ שטאב. שפעטער זײַנענ



איציק וויטענבערג — קאָמאנדיר פונ דער פאר-טיזאנישער אָרגאניזאציע. געצייכנט פונ נ. באָראָווסקי.

צוגעקומען צום שטאב ניסן רעזניק, אווראָם כוואָיניק, יאנקל קאפלאן און זיסקאָוויטש.

דער ציל פון דער פאראייניקטער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע (דאָס וואָרט „פאראייניקטע" האָט מען צוגעגעבן דערפאר, ווייל די אָרגאניזאציע האָט פאראייניקט אין זיך אלע פארטייען) איז געווען: צוגרייטן א באוואָפנטן ווידערשטאנד אין געטאָ, קעדיי צו פארטיידיקן דעם קאָוועד און די לעבנס פון דער געבליבענער יידישער באַפעלקערונג; דורכפירן סאבאָטאזש און דיווערסיע אין די דייטשישע ווארשטאטן און אונטערנעמונגען; פארבינדן זיך מיט דער פארטיזאנער-באוועגונג אין וואלד.

מע האָט אָנגעהויבן ארייננצוברענגען געווער און צו ווערבירן קעמפער. א קעמפער פון פ. פ. אָ. האָט געקענט זיין בלויז א גוט אויסגעפרואווטער יוגנטלעכער, פאר וועמען עס איז אָרעוו זיין פארטיי. דער שטאב האָט ארויסגעגעבן א קאמפס-רעגלאמענט פאר די ערשטע קעמפער:

די אָרגאניזאציע איז געבויט אף דורכויס מיליטערישע פרינציפן.

דער קלענסטער קאמפ-איינס איז א פינפטל. עס הייסט: פיר קעמפער און א גרופן-קאָמאנדיר. פיר גרופן שאפן אן אָפטייל מיט אן אָפטייל-קאָמאנדיר בעראָש. די גאנצע אָרגאניזאציע איז פאנאנדערגעטיילט אין צוויי באטאליאָנען.

די ערשטע גרופן-קאָמאנדירן זיינען געווען: עדעק באָראקס (דער שפעטערדיקער אָרגאניזירער פון פ. פ. אָ. אין ביאליסטאָק, ווו ער איז געפאלן אין קאמף) און ייצכאָק מאצקעוויטש (געפאלן באם דורכרייסן זיך מיט געווער דורכ דער געטאָ). באָרעך גאָלדשטיין, סאָניע מאדייסקער און שמועל קאפלינסקי זיינען פון די ערשטע אָפטייל-קאָמאנדירן. אבע קאָוונער און יויסעף גלאזמאן — באטאליאָן-קאָמאנדירן.

עס האָבן זיך אויסגעפורעמט בא דער אָרגאניזאציע באזונדערע קאמפס-גרופן: גראנאטן-ווארפער, דיווערסאנטן, מינען-לייגער, קוילן-ווארפלער און אן אויסשפיר-גרופע. אין קאמפס-רעגלאמענט איז געזאָגט געוואָרן וועגן מאָביליזאציע פון די פארטיזאנער אין דער צייט פון א פלוצלינגדיקער סאקאָנע. עס זיינען באשטימט געוואָרן די האנדלונג-אויפגאבן, בייס געסטאפאָ וועט אָנפאלן. דער רעגלאמענט האָט אויפגעקלערט די יעסוידעס פון א קאמפ אין געטאָ. אין א באזונדערן פאראגראף איז פאָרמולירט געוואָרן די אויפגאבע פון דעם יידישן דיווערסאנט. יעדער קעמפער איז מעכויעוו אָפצוגעבן זיין קאָמאנדיר א באריכט וועגן דער טעגלעכער סאבאָטאזש- און דיווערסיע-טוּונג

אין די דײַטשישע אונטערנעמונגען, וווּ ער איז געצוווּנגען צו אר־
בעטן.

דער באַראָל „ליזע רופט" (ליזע — דער נאָמען פון א געפאַלענער

א פּאָליטישער ביולעטען פונעם געהיימען געטאָ־ראַדיאָ.

העלדין) איז דער סיגנאַל פון טייקעפּדיקער מאָבּיליזירונג. דערהערנ־
דיק דעם רוף, דאַרף יעדער קעמפער זיך שטעלן אפן אָנגעמערקטן
פּאָסטן און מיטרײַסן די אומאָרגאַניזירטע אײַנוווינער אין דעם באַ־
שטימטן פונקט, קעדיי די באַזונדערע קאַמפּס־גרופּן זאָלן זיך דער־

קענענ אינ דער צײַט פונ דעם אופשטאנד, איז צוגעגרייט געוואָרנ באזונדערע אָפצייכנס: רויטע דרײַעקיקע בלעכלעכ.

* * *

קעדיי ניט צו זײַנ אָפגעריסנ פונ דער וועלט, האָט די פארטיזאנער-אָרגאניזאציע אינ געטאָ, אפ קארמעליטנ 3, אינסטאלירט א געהיימענ ראדיאָ-אפאראט. יעדער אָוונט האָט מענ געדרוקט אונ צעטיילט פאר די פארטיזאנער א פאָליטישנ ביולעטענ. די פארטיזאנער, שלינגענדיק די ווערטער פונ ביולעטענ, זײַנענ באפליגלט געוואָרנ מיט מוט אונ גווורע. אינ דער זעלבער הייל איז אויכ געמאכט געוואָרנ א פרוּוו אופצושטעלנ א טראנסליר-סטאנציע אפ צו דערציילנ דער וועלט וועגנ די דײַטשישע רעציכעס.

## געווער

באָרעכ גאָלדשטײנ — דאָס איז דער נאָמענ פונ דעם, וואָס האָט אינ געטאָ ארײַנגעטראָגנ פאר דער אָרגאניזאציע דעם ערשטנ פיסטויל. עס איז געווענ סאָפ יאנוואר 1942. באָרעכנ האָט מענ צוגלײַכ מיט אכציק ייִדנ אוועקגעשלעפט אפ צוואנגס-ארבעט אינ דײַטשישנ אמוניציע-לאגער בורבישאָק. אונטער א שטארקער שמירע פונ עסעס האָט ער געשלעפט באָמבעס אונ געלאָדעוועט וואגאָנעס. מיטיק-צײַט פלעגט מענ א האלב שאָ רוענ. די ייִדישע ארבעטער פלעגנ דאנ אומבאמערקט פאר דער וואכ דורכקריכנ דורכ די דראָטענע צוימענ אונ אײַנקויפנ בא די ארומיקע פויערימ עסנווארג אפ ארײַנצושמוגלענ אינ געטאָ. באָרעכ האָט געזוכט עפעס אנדערש — געווער אונ קוילנ פאר דער אָרגאניזאציע. עס איז אימ אײַנגעפאלנ א פלאנ: ער האָט זיכ ארומגעוויקלט די לינקע האנט מיט א טוכ, קלוימערשט זי איז געשוואָלנ, אונ צוויי טעג אזוי געגאנגענ צו דער ארבעט — די זשאנדארמענ באמ געטאָ-טויער אונ די עסעס אינ בורבישאָק זאָל זיכ עס וואָרפנ אינ די אויגנ. אפנ דריטנ טאָג, ווענ זײַנע מיטארבעטער האָבנ זיכ ארומגעוויקלט מיט א „קאָמפרעס” מעל, האָט באָרעכ ארײַנגעבונדנ אינ זײַנ „געשוואָלענער” האנט א פיסטאָלעט, וועלכנ ער האָט געהאט ארויסגעגאנוועט פונ א בונקער, אונ האָט אזוי אוועקגעשפאנט צו דער געטאָ. באמ טויער האָט דעמלט גראָד קאָנטראָלירט דער „מײַסטער”— א ספעציעלער טאפער פונ געסטאפאָ, וואָס זײַנ אופגאבע איז צו ארעסטירנ יעדערנ פאר וועלנ ארײַנטראָגנ דורכנ טויער עסנווארג.

דער מײַסטער האָט א שפרונג געטאָנ אפ באָרעכנ און גענומענ אימ באטאפנ, נישטערנ זײַנע קליידער. ווענ ער האָט זיך אָנגערירט אָנ באָרעכס „געשוואָלענער" האנט, האָט באָרעך אָנגעהויבנ צו שרײַענ פונ ווייטעק. דער מײַסטער האָט מער ניט געזוכט.

פונ דעמלט גייט ניט אריבער קיינ טאָג, אז גאָלדשטיינ זאָל ניט ארײַנטראָגנ קיינ געווער.

אינ מעשעכ פונ גאָר א קורצער צײַט האָבנ די קעמפער פונ דער פ. פ. אָ. מיט גרויס מעסירעסנעפעש ארויסגעטראָגנ פונ דײַטשישע בונקערס און פארפלאָמבירטע וואגאָנעס: פינפ קוילנוואָרפערס, פופציק גראנאטנ, ארומ דרײַסיק רעוואָלווערנ, עטלעכע ביקסנ און טויזנטער קוילנ.

כאָטש דאָס דורכטראָגנ געווער דורכנ באוואכטנ טויער איז געווענ ריזיקאליש פארנ טרעגער און פאר דער געטאָ, האָט מענ דאָך מיט אלערליי שפיצלעך זיך געגעבנ אנ אייצע: דאָס געווער איז ארײַנגעשוואומענ אומבאמערקט: אונטער א טאָפל-דעק פונ א קעסל מיט געצײַג, אינ פארבאָרגענע קעשענעס, אינ א לאבנ ברויט, אינ אנ אָרנ פאר מייסימ, וואָס פלעגט ארויספאָרנ מיט א מעס און ארײַנפאָרנ מיט א ביקס.

אינ מײַ 1942 האָט דער אָפטייל-קאָמאנדיר שמועל קאפלינסקי, צוזאמענ מיטנ קעמפער מאטעס לעווינ, זיך אָנגעטאָנ אינ קליידער ווי שטאָטישע קאנאליזאציע-ארבעטער, ארײַנ אינ שטאָט-פארוואלטונג און ארויסגעגאנוועט די רויטע סיגנאל-צייכנס, וואָס מע שטעלט אפ די וועגנ. אינמיטנ סטעפנ-גאס, קעגנ באוואכטנ טויער, האָבנ זיי אויפגעשטעלט די רויטע סיגנאלנ און אָפגעהאלטנ די באוועגונג. דעמלט האָט קאפלינסקי אויפגעהויבנ די קאנאליזאציע-דעק און צוויי צוזאמענגעקלעפטע מולטערס, אָנגעלאָדענע מיט געווער, ארײַנגעשטויסנ אינ קאנאל. אינ דער זעלבער נאכט האָבנ עטלעכע אונדזערע יונגענ, דורכ א געהיימער עפענונג פונ ספאָקאָיניס ווארשטאט אינ געטאָ, זיך אראָפ-געלאָזט אינ די קאנאלנ, דערגרייכט סטעפנ-גאס אונטער דער ערד און אפ א טאטשקע ארײַנגעפירט דורכנ קאנאל דאָס געווער.

צו פערציק גראנאטנ, וואָס האָבנ ניט געהאט קיינ צינדערס, האָט דער זעלבער קאפלינסקי אליינ אויסגעארבעט אינ געטאָ אויסגעצייכנטע צינדערס. אָנהייב סענטיאבער 1943 האָט מענ די גראנאטנ אויסגענוצט קעגנ די דײַטשנ.

עס האָט זיך אײַנגעגעבנ אונטערצוקויפנ די זשאנדארמענ באמ טויער. פאר צענ טויזנט רובל זײַנענ זיי מאסקימ געווענ ארײַנצו-

לאָזנ אינ געטאָ קאַרטאָפל אונ זאַלצ פאַר דער הונגעריקער באַפעלקערונג. אָנשטאָט זאַלצ האָבנ די ברידער הירש אונ לייבל גאָרדאָנ אַרײַנגעבראַכט א זאַק פולווער. פונ דעמ דאָזיקנ אופרײַס-שטאָפ האָט מענ שפּעטער צוגעגרייט די ערשטע דיווערסיע. אויכ אַכט הונדערט גראַנאַטנ האָט מענ אַלײנ אויסגעאַרבעט פונ עלעקטרישע לעמפּלעכ, אויסנוצנדיק צו דעמ געבראַכטנ שטאָפ.

העלדישקײַט האָט אויכ אַרויסגעוויזנ ייִסראָעל פילאָווסקי, דער פּאַרטיזאַנער פונ גרופּע 3, ערשטער באַטאַליאָנ. בא א באַקאַנטנ שוסטער אַפ ליפּאָווקע פלעגט ער אַרײַנהאַנדלענ געווער. איינמאָל, ווענ דער קעמפער האָט זיכ אַרומגעפּאַנצערט דאָס לײַב מיט פּיסטוילנ, האָבנ צענדליקער געסטאַפּאָווצעס זיכ אַרײַנגעריסנ אינ דער דירע. פילאָווסקי האָט זיכ אָבער ניט פאַרלאָרנ. ער האָט אויסגעבראָכנ א שויב אונ צוזאַמענ מיטנ געווער אַנטלאָפנ אינ געטאָ.

ניט ווינציקער ווי פאַרנ דרויסנ האָבנ די קעמפער זיכ געמוזט היטנ אינ געטאָ גופע. דער ברייטער אוילעמ האָט וועגנ דער פ. פ. אָ. ניט געוווסט אונ האָט ניט געטאָרט וויסנ. ווער ווייס, וואָס פאַראַ טיפנ עס האָבנ אַרומגעוווימלט אינ געטאָ. באַטאָג האָט זיכ ניט געמערקט קיינ סימענ. נאָר באַנאַכט, ווענ די באַוועגונג אינ געטאָ פלעגט ווערנ אָפּגעהאַקט, פלעגט זיכ אָנהייבנ די באַוועגונג פונ געווער.

אינ אונטערערד, אונטער פּאָדלאָגעס, אינ היילנ, אינ קונציק קאָנסטרויִרטע פוסטע קלעצער האָבנ זיכ געפונענ די אַרסענאַלנ פונ פ. פ. אָ. ווי א סימענ פונ אײַנפאַלערישקײַט איז קעדײַ צו דערמאָנענ די עמערס מיט די טאָפּלטע דעקנ, ווו עס זײַנענ געלעגנ פּיסטוילנ. די עמערס זײַנענ פול געווענ מיט וואַסער אונ זײַנענ געשטאַנענ פאַר אַלעמענ אינ די אויגנ אַפ סטראַשונ-גאַס 12 אינ דער פּאָלקס-קיכ.

אינ די היילנ אַפ קאַרמעליטנ 3, אינ די קעלערנ אַפ דײַטשישע 31 אונ אינ דער ביבליאָטעק „מעפיצע-האַסקאָלע“ אַפ סטראַשונ-גאַס 6 פלעגנ פאָרקומענ מיליטערישע צוגרייטונגענ פאַר באַזונדערע גרופּנ. די לעקציעס האָבנ געפירט אינסטרוקטאָרנ, וואָס אינ צווישנצײַט האָבנ זיי אַליינ שטודירט אונ פאַרפולקומט זייער מיליטערישע קענטעניש. וויטענבערג, וואָס אַליינ האָט ער אינ מיליטער ניט געדינט, איז אינגיכנ געוואָרנ אַנ אויסגעצייכנטער מיליטערמאַנ, האָט זיכ גוט פאַרשטאַנענ אַפ קאָלערליי געווער אונ פלעגט האַלטנ פאַר די קאָמאַנדירנ לעקציעס וועגנ דער סטראַטעגיע פונ פ. פ. אָ. בײַס אַנ אָנפאַל אַפ דער געטאָ.

# זאלמענ טיקטינ

ער האָט געהערט צו דער ליטעראַרישער סעקציע פונ „יוגנט-קלוב“. מיט א גרופּע יוגנטלעכע, מערסטנטייל שילער פונ דער מיטל-שול אינ געטאָ, האָב איכ געלערנט ליטעראַטור. אינ יענער צײַט האָבנ מיר געגרייט אינ געטאָ א ליטעראַרישע פײַערונג.

דער זעכצניעריקער זאלמענ טיקטינ; וואָס האָט פארלאָרנ זײַנ טאַטע-מאַמע בייס דער ערשטער פּראָוואָקאַציע, האָט ארויסגעוויזנ גרויס אינטערעס צו דער פײַערונג. פונ די בורבישקער בונקערס, ווו ער ארבעט באַם אריבערטראָגנ באַמבעס, האָט ער ארײַנגעטראָגנ צו דער פײַערונג א בוקעט בלומענ. ער האָט זיי געטראָגנ באַהאלטנ, ווײַל פארנ ארײַנטראָגנ בלומענ באַקומט מענ צוואנציק שמיץ.

די בלומענ זײַנענ ניט קיינ פּאָשעטע. זיי זײַנענ אויסגעוואקסנ אפנ קייווער פונ די צוויי ברידער גאָרדאָנ, וואָס א באָמבע האָט זיי צעריסנ אפ שטיקער אינ א לאַגער מיט אמוניציע, ווו זיי האָבנ געארבעט. פונעמ אופרײַס איז פארטיליקט געוואָרנ דער לאַגער צוזאמענ מיט די ברידער. דער אָבער-לייטענאנט וואגנער, דער צופּזעער אונ באַלעבאָס פונ בורבישאָק, האָט געמיינט, אז דאָס איז א צופאל—וועהאָראַיע: די יידנ זײַנענ אומגעקומענ. טיקטינ ווייס אָבער אפ זיכער, אז דאָס איז ניט קיינ צופאל, ווײַל איינער פונ די אומגעקומענע ברידער האָט אימ פארטרויט א סאָד, אז ער האָט באַשלאָסנ אופצורײַסנ א דײַטשישנ לאַגער מיט אמוניציע—מעג דאָס אפילע אימ קאָסטנ דאָס לעבנ.

זאלמענ איז ארומגעגאנגענ צווישנ די קינדער, אונ זײַנ פּאָנעמ האָט געשטראַלט. ניט בלויז צוליב די בלומענ אליינ איז ער געווענ צופרידנ: הײַנט האָט ער כוץ די בלומענ ארײַנגעטראָגנ אינ געטאָ פאר דער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע צוועלפ אויסגעצייכנטע גראנאַטנ!

אז טיקטינ איז אנ אייגענער, א פארטיזאנער, האָב איכ געוווסט. ער איז דער סאמע יינגסטער צווישנ די כאַווײרימ. אז ער איז א מײַדימ אינ ארויסגאנגענע געווער, האָבנ אויכ אנדערע געוווסט, נאָר אז דער זעכצניעריקער האָט פארטראַכט א פּלאַנ אופצורײַסנ דעמ ביניענ פונ געסטאַפּאָ—דאָס האָט ווינציק ווער געוווסט. זאלמענ האָט דאָס מיר איינמאָל דערציילט, ווענ מיר זײַנענ געגאנגענ צוזאמענ פונ א ליטעראַרישנ קרײַז.

ער האָט מיר גענוי דערציילט וועגנ זײַנ גרויסנ פּלאַנ. אפנ הויפ, ווו עס געפינט זיכ די געסטאַפּאָ, ארבעטנ יידנ. ארײַנקומענ אהינ איז גאָר ניט שווער. ער וועט זיכ צונויפריידנ מיט א יידנ, זײַנעמ

א באקאנטנ, וואָס ארבעט אפנ הויפ באמ טראָגנ שטיינער, אונ צו-זאמענ וועלנ זיי אופרייסנ דעמ בינינ.

— איר פארשטייט, סוצקעווער, סארא קלאפ דאָס וועט דערלאנ-גענ. די גאָרע שטאָט וועט זיכ געבנ א טרייסל!

איכ האָב געראטנ זאלמענענ, אז אפ דער אייגענער האנט זאָל ער ניט דערוועגנ זיכ אזא זאכ צו טאָנ. ער געהערט צו דער אָרגאניזא-ציע, עס מוז זײַנ א דיסציפלינ. זאָל ער איבערגעבנ זײַנע פלענער דעמ שטאב. טיקטינ האָט זיכ פאר מיר מודע געווענ, אז ער האָט שוינ געבעטנ א דערלויבעניש, אונ דער שטאב האָט עס דערוויַל אָפגעוואָרפנ; געהייסנ אימ זײַנ געהיט אונ אפ דער אייגענער האנט גאָרניט מאכנ. אָבער ער קענ זיכ ניט באַרויִקנ. ער איז גרייט אפילע ארויסצוטרעטנ פונ דער אָרגאניזאציע, אבי דאָס זײַניקע אויסצופירנ.

דאָס יינגל האָט געפיבערט. איכ האָב געשפירט: עס וועט געשענ מיט אימ אנ אומגליק. איכ האָב אימ געוואָרנט, ער זאָל ניט זײַנ היציק. מע דארפ שטארק אפ דער וואכ זײַנ באמ קריגנ די גראנאטנ, ווײַל מע שטעלט אינ סאקאָנע די צוואנציק טויזנט פארבליבענע יידנ.

אפ מאָרגנ, ווי אלע טאָג, איז ער אוועק צו דער ארבעט. ווידער האָט מענ געשלעפט די באָמבעס. דער אָבער-לייטענאנט וואגנער, דער באלעבאָס איבער בורבישאָק, האָט באפוילנ די יידנ אריבערצופירנ אנ אמוניציע-לאגער אפ אנטאָקאָל. עס דארפ קומענ אפ אנ אינספעקציע א פאָלקאָווניק, וויל אימ וואגנער איבערראשנ מיט זײַנ אופטו: באווײַזנ אימ, אינ וויפל ווײַטע פונקטנ עס איז צוגעגרייט אמוניציע. וואגנער איז א כיטרער דײַטש. ער ווייס דעמ וועג ווי צו פארטומלענ די פאָלקאָווניקעס. זײַנ אייגנציקער ציל — מע זאָל אימ ניט שיקנ אפנ פראָנט.

אינ אָוונט, פארנ אהיימ גיינ, האָט טיקטינ באמערקט, אז אפ די רעלסנ איז אָנגעקומענ א וואגאָנ. אויב א וואגאָנ האָט זיכ אָפגעשטעלט, איז א סימענ, אז דאָרט איז פאראנ אמוניציע. טיקטינ האָט זיכ אָפגעזונדערט פונ דער מאכנע, אונ שטיל, אומגעזענ פונ קיינעמ, זיכ צוגעגאנווערט צומ וואגאָנ. ער האָט מיט די ציינער אי-בערגעביסנ די פלאָמבע, ארײַנ אינ וואגאָנ אונ זיכ גענומענ ארומ-קוקנ. קיינ גראנאטנ זײַנענ הײַנט ניטאָ. בלויז צינדערס אונ קוילנ-לענטעס. נאָר אויכ דאָס איז וויכטיק. קיינ ליידיקער וועט ער פונ וואגאָנ ניט ארויס. ער האָט זיכ ארומגעבונדנ אונטער די הויזנ מיט א שטריק אונ זיכ גענומענ אָנלאָדנ. א פול אָנגעלאָדענער איז ער ארויס

צוריק, באוויזנ נאָכ צו פארמאכנ די טיר פונעמ וואגאָנ אונ ארײַבער צו א דערבײַיקנ וועלדל, נאָר דאָ האָט אימ באמערקט דער פּיראָטעכניקער מיקאלאוסקאס. ער האָט געעפנט א פײַער, פארוווּנדעט זאלמענען, אונ עלפ באוואָפנטע כײַעס האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ אפנ ייִנגל.

מע האָט זאלמענענ ארײַנגעוואָרפנ אינ קארצער. וואגנער האָט אָנגעקלונגענ אינ געסטאפּאָ. אלע ייִדישע ארבעטער האָט ער דערווײַל געהאלטנ אונטער דער וואכ אפנ אנטקעגנדיקנ פּלאצ. פּלוצעמ האָבנ די ייִדנ דערזענ: דער קארצער, ווו עס איז געזעסנ טיקטינ, האָט זיכ אופגעריסנ, אונ זאלמענ איז ארויסגעשפּרונגענ, געשווינד זיכ ארײַנגעריסנ צווישנ די דערבײַיקע קוסטעס אונ פונ דאָרט זיכ פארנומענ צו די באנ-ליניעס. געטראָפנ פונ זיבנ קוילנ, איז ער געפאלנ אינ גראָז.

עס איז געקומענ קיטעל. דערזענ, אז טיקטינ לעבט נאָכ, האָט אימ קיטעל ארײַנגענומענ אינ זײַנ אווטאָ אונ אוועקגעפירט אינ טורמע-שפּיטאָל. יעדער טאָג פלעגט אימ קיטעל באשטאטנ מיט א וויזיט, ברענגענ אימ גוטע זאכנ, שאָקאָלאד אונ פרעגנ דערבײַ, פאר וועמענ ער האָט געגאנווּעט די געווער-טיילנ. טיקטינ האָט זיכ ניט צוגערירט צו די בלוטיקע מאטאָנעס, ניט געענטפערט קײנ וואָרט אפ קיטעלס אלע פרעגענישנ. א שוועסטער, וואָס האָט געארבעט אינ דעמ שפּיטאָל, האָט אונדז שפּעטער דערציילט, אז ווענ קיטעל איז שטארק צוגעשטאנענ, זאלמענ זאָל זאָגנ דעמ עמעס, פאר וועמענ ער האָט געגאנווּעט די צינדערס פונ די גראנאטנ, האָט דער זעכצניעריקער געענטפערט:

— איכ האָב זיי געגאנווּעט פאר אײַכ! ווײַל איר האָט דערמאָרדעט מײַנע עלטערנ!

## פארבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט

אפנ וועג ווילנע—ווילייקע, בא דער באנ-סטאנציע ווילנער קאָלאָניע, געפינט זיכ דער בענעדיקטינער מאָנאכטיר, ארומגערינגלט מיט א בעטאָנענעמ פּארקאן. פונ קראָקע זײַנענ אהינ געקומענ זיבנ מאָנאשקעס אונ זיכ דאָרט באזעצט. אינ דעמ דאָזיקנ מאָנאכטיר האָט זיכ פריער געהאט אויסבאהאלטנ דער שטאב-היטלער אבע קאָוונער, נאָכ דעמ, ווי אימ האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו אנטלויפנ פונ טויט. די מאָנאשקע-מוטער,

אָדער ווי מע האָט זי דאָרט גערופנ מאַטקאַ פּשיאָריסיאַ, האָט זיִמ ארײַנ־גענומענ אינ א באַזונדערנ כיידערל אונ דאָרט אויסגעהיט.

די מוטער, א פרוי פונ א יאָר פינפ אונ דרײַסיק, איז אינ דער יוגנט געווענ א סאָציאַליסטנ. זי האָט געענדיקט דעמ אוניווערסיטעט אינ קראָקע. צוליב א טראַגישער פּערזענלעכער איבערלעבונג האָט זי אלצ איבערגעלאָזנ אונ אוועק אינ מאָנאַכטיר אונ איז דאָ די מוטער פונ זיבנ שוועכטער.

ווענ די רויטע ארמיי איז אָפּגעטראָטנ פונ ווילנע, האָט זי בא זיכ אינ צעלע אויסבאַהאַלטנ א פאַרוווּנדעטנ רויטאַרמייער אונ איז ניט אָפּגעגאַנגענ פונ איִמ, ביז ער האָט זיכ אויסגעהיילט.

אכוצ קאָווּנערנ האָט זי שפּעטער געהאַט ארײַנגענומענ אינ מאָ־נאַכטיר נאָכ יידנ: קאָוונערס ברודער מיכאָעל (א קאָמאַנדיר פונ מיניאָרנ־גרופּע. געפאַלנ אינ קאַמפּ אינ די קאַזיאַנער וועלדער), די 23־יעריקע טײַבל געלבוימ (אומגעקומענ בײַס אנ אויסשפּיר-דינסט פונ געטאָ צו א פּאַרטיזאַנישער באַזע). אַהער פלעגט אויכ קומענ עדעק באָראַקס, איינער פונ די שפּעטערדיקע אָרגאַניזאַטאָרנ פונעמ געטאָ-אופשטאַנד אינ ביאַליכטאָק.

זייער אָפט פלעגט די געגנט אופּציטערנ פונ רעוויזיעס. אינ קריטישע מאָמענטנ פלעגט די מוטער אָנטאָנ די מענער אינ מאָנאַשקע־קליידער אונ אזויארומ זיי אויסבאַהאַלטנ.

אינ אָט דעמ מאָנאַכטיר האָבנ די דערמאָנטע כאַווייריִמ זיכ אופגערעדט וועגנ שאַפנ א ווידערשטאַנד-גרופּע אינ געטאָ. אינ דער נאַכט פונ ניטל 1941 איז וויטקע קעמפּנער געקומענ פונ געטאָ אינ מאָנאַסטיר אונ געמאָלדנ, אז די פאַרזאַמלונג איז אָרגאַניזירט. דעמלט איז די גרופּע מאָנאַכטיר־יידנ אוועק אינ געטאָ אונ שוינ דאָרט געבליבנ.

אינ א פּאָר טעג ארומ האָט די מוטער געבראַכט קאָווּנערנ אפּ אנ אָפּגערעדטנ אָרט פיר גראַנאַטנ פונ א באַזונדער קאָנכטרוקציע. זיי זײַנענ בײדע ארײַנ אינ דעמ הויפ אפּ טראָקער 11, אונ די מוטער האָט באַוויזנ קאָווּנערנ, וויאַזוי מע באַנוצט זיכ מיט די ספּעציעלע גראַנאַטנ. די דאָזיקע גראַנאַטנ זײַנענ געווענ די ערשטע אינ געטאָ.

באַמ באַגעגענענ זיכ האָט די מוטער געזאָגט:

— איכ וויל קומענ צו אײַכ אינ געטאָ קעמפּנ אונ פאַלנ מיט אײַכ צוזאַמענ. אײַער קאַמפּ איז א הייליקער. איר זײַט נאָבעלע מענטשנ. אונ כאָטש דו ביסט א מאַרקכיכט, אויסגעטאָנ פונ רעליגיע,

האָסטו דאָך א גאָט, א גרויסן גאָט. און איצטער ביסטו נעענטער צו אים ווי איך, זאָל ער אייך העלפן!

אין א צייט ארום, ווען די מוטער האָט זיך דערוווּסט, אז אין געטאָ עקזיסטירט שוין א קאמפּס-אָרגאניזאציע, איז זי געקומען צום טויער און געוואָלט אריינגיין. זי האָט אָנגעטאָן אפ זיך א לאטע און באוויזן די זשאנדארמען א פאלשן שיין. די טויער-פּאָליציי האָט אָבער דערקענט, אז זי איז ניט קיין ייִדישע, און עס האָט זיך איר קוים איינגעגעבן זיך ארויסצודרייען פון ארעסט.

שפּעטער איז די מוטער געוואָרן די פארבינדלערן צווישן די פארטיזאנער אין געטאָ און דער פּוילישער אומלעגאלער אָרגאניזאציע. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז די מענטשן, מיט וועלכע די מוטער האָט אונדז פארבונדן, זיינען פון דער גרופּע „ניעפּאָדלעגלאָשטש" („אומאָפּהענגיקייט"), און זיי האָבן אונדז אָפּגעזאָגט צו געבן געווער. פון דעמלט אָן האָט די מוטער אליין צוגעשטעלט געווער פאר דער געטאָ.

## ניט-ייִדן — פארטיזאנער פון געטאָ

צו דער פ. פ. אָ. האָבן געהערט און אקטיוו מיטגעהאָלפן א גאנצע ריי ניט-ייִדן.

אירענע אדאמאָוויטש, וואָס האָט גוט געקענט ייִדיש און העברייִש, האָט כּדאָשים-לאנג צוגעשטעלט געווער די ייִדן אין ווארשע. אין מארט 1942 איז זי לויטן אויפטראָג פון א דעמאָקראטישער סקויטן-אָרגאניזאציע געקומען קיין ווילנע און איז צוויי וואָכן אָפּגעווען אין געטאָ. זי האָט געוווינט אפ סטראשון-גאס 12. אירענע אדאמאָוויטש האָט אונדז געהאָלפן מיט אלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך. לויטן אויפטראָג פון אונדזער שטאב איז זי אוועקגעפאָרן קיין קאָוונע און שאוול, קעדיי צו גרינדן אויך דאָרט אזוינע ענלעכע אָרגאניזאציעס אפ צו שטעלן א ווידערשטאנד.

יאדזיא דודזיעץ, אויך פון די פּוילישע דעמאָקראטישע קרייזן, האָט א לענגערע צייט זיך געפונען אין געטאָ און האָט געמאכט פּוילישע און ליטווישע דאָקומענטן פאר די קעמפער פון פ. פ. אָ. בא איר אין שטוב, היגטערן שטאָט, האָט זי שטענדיק אויסבאהאלטן ייִדן. שפּעטער שוין, ווען אונדזער אָרגאניזאציע איז אריבער אין וואלד, איז בא איר אין שטוב געווען דער טרעף-פונקט, וווהין עס פלעגן קומען די פארטיזאנישע שעלוכים.

א לאנגע צײַט האָט געווינט אינ געטאָ אונ געהערט צו דער פּארטיזאנישער אָרגאניזאציע דער רוס וואנקאָ. ער איז ארײַנגעטראָטנ אינ דער אומלעגאלער קאָמוניסטישער פּארטיי אונ איז שפּעטער גע-וואָרנ א פארבינדלער צווישנ דעמ פּארטיזאנער-שטאב אינ וואלד אונ דער פּארטיי אינ שטאָט.

דער 16-יעריקער יאנעק געפינט זיכ דאָ פונ ערשטנ טאָג. ער איז געבאָרנ אפּ יאטקעווער גאס אונ רעדט יידיש ווי א וואסער. ווענ עס איז אויסגעבראָכנ די מילכאָמע, איז ער צוזאמענ מיט זײַנע צוויי יידישע כאווײרימ אנטלאָפנ פונ שטאָט. לעבנ מינסק האָט אימ גע-טראָפנ א שפּליטער פונ א באָמבע. אויכ א יידישער כאווער איז געוואָרנ פארוווּנדעט. האָבנ זיכ אלע דרײַ אומגעקערט קיינ ווילנע, אינײנעמ ארײַנ אינ געטאָ אונ געטראָגנ געלע לאטעס.

אינ דער „נאכט פונ געלע שײַנענ" האָט מענ יאנעקנ געכאפּט, אימ געפירט אפּ פּאָנאר מיט הונדערטער אנדערע. לעבנ די ווײַסע סלופּעס אפּ פּאָהולאנקע האָט זיכ אימ אײַנגעגעבנ צו אנטלויפנ. א כוידעש האָט ער זיכ געדרייט אינ שטאָט, ניט אופגעהערט בענקענ נאָכ זײַנע יידישע כאווײרימ: „ווער ווייס, צי זיי לעבנ? אונ אויב יע, זוכנ זיי דאָכ אימ". אונ יאנעק האָט זיכ אומגעקערט אינ געטאָ.

פונ זײַנע צוויי כאווײרימ האָט ער געפונענ בלויז אײנעמ — זאלמענ טיקטינ. דאָ האָבנ זיי געלעבט צוזאמענ ווי ברידער, אונ זיי האָבנ ביידע געהערט צו די פּארטיזאנער אינ געטאָ.

## די פּאראשוטיסטנ פונ ביאלאָוואקע

אינ פעוורואל 1942 האָט אונדזער פארבינדלער אינ ביאלאָוואקע הערש ראָזאנאָוויטש געמאָלדנ דעמ שטאב, אז אינ די כקארבוטשאַ-נער וועלדער, ניט ווײַט פונ ביאלאָוואקע, האָט זיכ אראָפּגעלאָזט א גרופּע סאָוועטישע פּאראשוטיסטנ. עס איז געווענ דער ערשטער לע-בעדיקער גרוס פונ פּארטיזאנער אינ אונדזער געגנט.

דער שטאב פונ פּ. פּ. אָ. האָט באשלאָסנ זיכ צו פארבינדנ מיט די פּארטיזאנער. דער קאָמאנדיר איציק וויטענבערג איז אליינ אוועק אינ ביאלאָוואקע, אויסגעפונענ אינ וואלד די פּאראשוטיסטנ אונ האָט אָנגעבונדנ מיט זיי א קאָנטאקט. דאָס זײַנענ געווענ די פּיאָנערנ פונ דער פּארטיזאנער-באוועגונג אינ ליטע. זייערע נעמענ זײַנענ: מארגיס, אלקסניס, טשיבוריס, מיסענקאָ, דער ראדיסט טימאוסקאס אונ זאלעסקי (דער לעצטער איז אומגעקומענ אינ שלאכט באמ ארײַנגיינ אינ ווילנע).

פון זיי האָט וויטענבערג באַקומען די פאָרמעלע באַשטעטיקונג פון דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. איציק וויטענבערג, בערל שערעשעניעווסקי און כיענע באָראָווסקי זיינען באַשטימט געוואָרן פאַרן ווילנער שטאָטישן פּאַרטיי-קאָמיטעט מיטן רעכט אריינצונעמען נייע מיטגלידער. דער קאָמיטעט האָט געהאַט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די פּאַרטיי-אַרבעט אין שטאָט.

זיי האָבן אויך אָנערקענט די פּאַרטיזאַנער-אָרגאַניזאַציע אין געטאָ ווי א טייל פון דער אַלגעמיינער ליטווישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. דעמאלט האָט דער סעקרעטאַר פון דעם שטאָטישן קאָמיטעט בערל שערעשעניעווסקי זיך פאַרבונדן מיט דעם וויסרוס קאָראַבליקאָוו, מיטן באַקאַנטן פּאַרטיי-טוער יאַן פּשעוואַלסקי, און זיי האָבן אָנגעהויבן שאַפן פּאַרטיי-גרופּן אין שטאָט, ווי אויך באַזונדערע פּאַרטיזאַנישע גרופּן אין פאַרשיידענע פאַבריקן. דער הויפּט-ציל פון די פּאַרטיזאַנישע גרופּן איז געווען: סאַבאָטאַזש אין די דייטשישע אונטערנעמונגען.

ווען עס זיינען פאַרפעסטיקט געוואָרן ביידע פּאַרטיי-גרופּן אין געטאָ און אין שטאָט, איז געבילדעט געוואָרן א נייער פּאַרטיי-קאָמיטעט אין ווילנע. אין אים זיינען אריין: בערל שערעשעניעווסקי (סעקרעטאַר פון דעם שטאָטישן קאָמיטעט), איציק וויטענבערג (קאָמאַנדיר פון פ. פ. אָ.), סאָניע מאַדייסקער (פאַראַנטוואָרטלעכע אָרגאַניזאַטאָרן פון קאָמסאָמאָל אין ווילנע), מאַקאַר קאָראַבליקאָוו (אָרגאַניזאַטאָר פון די שטאָטישע קויכעס) און יאַן פּשעוואַלסקי (אַגיטאַציע).

דער שטאָטישער קאָמיטעט האָט זיך שטאַרק פאַרנומען מיטן אַגיטירן קעגן דער צוואַנגס-מאָביליזירונג און געראָפן די באַפעלקערונג אַוועקצוגיין אין וואַלד. עס ווערן אויך אויפגעהויבן די פראַגן וועגן באַוואָפנטע קויכעס אין שטאָט און אין געטאָ. אונטער דער אָנפירונג פון שורקע מאַזיטש איז געשאַפן געוואָרן צווישן די באַן-אַרבעטער א גרופּע דיווערסאַנטן, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן צעשרויפן באַן-רעלסן און געבן קעסיידערדיקע ידיעות די פּאַרטיזאַנער וועגן דער באַוועגונג פון די באַנען.

## סאַבאָטאַזש און דיווערסיע

זומער 1942. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַן אָפענזיווע. אפן בורבישקער באַן-אָפּצווייג זיינען פאַרלאָדן געווען טאַנקען. איזאַק רגטנער האָט קאָנסטרויִרט כעמישע מינ[illegible]ר-אַפּאַראַטן און זיי ביגנייווע

אריַנגעלייגט אין די בענזין־רעזערוואַרן פֿון 14 טאַנקען. אין אכט שאָ אַרום, ווען די טאַנקען האָבן זיך גערוקט צום פֿראָנט, האָבן זיי זיך אָנגעצונדן און פֿאַרברענט געוואָרן.

דער זעלבער גאָלדשטיין, וואָס האָט געהאַט אין געטאָ אַריַינגעטראָגן דעם ערשטן קוילנוואַרפֿער, האָט אין אַמוניציע־לאַגער בורבי־שאַק קאַליע געמאַכט הונדערט פֿינף און פֿערציק זעניט־אַפּאַראַטן. באַ ניַינציק קוילנוואַרפֿער, פֿאַרלאָדענע צום פֿראָנט, האָט ער אַרויסגענומען די שלעסער־בעקלעך.

ווען די דיַיטשן פֿלעגן באַפֿוילן ייִדן אויפֿצוריַיסן אַלטע באָמבעס, פֿלעגן די פּאַרטיזאַנער אַרונטערלייגן אונטער די אַלטע באָמבעס ניַיעם דיַיטשישן וואָפֿן, און דאָס פֿלעגט אויפֿגעריסן ווערן צוזאַמען מיט די באָמבעס.

אין א פֿרילינג־טאָג 1943 האָט א ניַי־אָנגעקומענער דיַיטשישער רעזערוו־סאָלדאַט אומפֿאָרזיכטיק מאַניפּולירט מיט א גראַנאַט, ניט קענענדיק זיַין מעכאַניזם. צו דעם צעטומלטן דיַיטש איז צוגעגאַנגען דער אינזשעניער ראַטנער און קאַלט א זאָג געטאָן: „גיב א וואָרף דעם גראַנאַט אין יענער ריכטונג, אַניט ווערסטו צעריסן" (ראַטנער האָט באַוווסטזיניק אָנגעוויזן דעם דיַיטש א ריכטונג פֿון א מאַסקירטער אַמוניציע־שאָפּע). און ווען דער דיַיטש האָט א וואָרף געטאָן אַהין דעם גראַנאַט, האָט זיך דערהערט א געוואַלדיקער אויפֿריַיס. אַנדערהאַלבן מיליאָן ביקסן־קוילן זיַינען אַוועק מיטן רויך. דעם דיַיטש האָט מען שפּעטער דערשאָסן.

אין „דויטשע דינסטפּאָסטאַמט" האָט געאַרבעט טעוויקע גאַלפּערן. פֿירנדיק די פּאָסט פֿון אַמט צום באַן, האָט ער צעריסן און פֿאַרברענט טויזנטער בריוו און וויכטיקע מיליטערישע פּאַקעטן. דיַיטשישע שפּיַיז־פּאַקעטן פֿלעגט ער אַריַינטראָגן אין געטאָ און צעטיילן זיי פֿאַר די הונגעריקע. צום יאָרטאָג פֿון פּ. פּ. אָ. האָט גאַלפּערן אַרויסגעשלעפּט פֿון א וואַליזע באַ א דיַיטשישן אָפֿיצער א רעוואָלווער און געבראַכט אים א מתּנה דער אָרגאַניזאַציע.

וואַזגעל און גלעזער האָבן אַזוי לאַנג אויסגעדרייט שריַיפֿלעך פֿון אַבטאָ אוטאָס, ביז זיי האָבן געפּאַטערט די מאַשינעס.

אין „פֿלאַג־בויטע" האָט געאַרבעט דער 17־יעריקער לייב דיסטעל, א קעמפֿער פֿון דער 33־טער גרופּע. א שלאָסער, האָט ער זיך גיך אויסגעלערנט צו פֿאַרשטיין אַף זעניט־האַרמאַטן, וואָס פֿלעגן דאָרט ווערן אויפֿגעשטעלט. פֿון אַפּרעל 1942 ביז יול האָט ער קאַליע געמאַכט דריַי און פֿערציק שלעסער פֿון זעניט־האַרמאַטן.

דורך דער ווילנער באַן־סטאַנציע האָבן זיך באַוועגט אָן א שיר עשעלאָנען מיט מיליטער. אין סאַמע ברען פון דער דײַטשישער זו־מער־אָפּענזיווע אין 1942 האָט זיך יִצחק מאַצקעוויטש מיט פאַלשע דאָקומענטן פון א טאָטער אַרײַנבאַקומען אַרבעטן אויפן באַן. ער פלעגט נאָטירן פּינקטלעך די באַוועגונג פון די מיליטער־צוגן און ראַפּאָרטירן אין פּאַרטיזאַנישן שטאַב.

דער דײַטשישער הויפּטמאַן פונעם „אויטאָמאָבילן־פּאַרק" האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וויאַזוי עס רינען אויס גאַנצע ציסטערנעס מיט בענזין. דער שטאַב פון פּ. פּ. אָ. האָט געהאַט דאָרט נײַן אַרבעטער, איבערגעגעבענע דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג.

אין בעזדאַן, 40 קילאָמעטער פון ווילנע, באַם אַרויסבאַקומען טאָרף, איז געווען א קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר מענער און פרויען פון געטאָ. דאָרט האָבן געאַרבעט די דרײַ יוגנטלעכע: איצקאָוויטש, קופּערבערג און ווײַנשטיין — קעמפער פון פּ. פּ. אָ. פון דאָרטן האָבן זיי געמאָלדן דעם שטאַב, אַז זיי האָבן פאַרטראַכט א פּלאַן פאַנאַנדערצוררײַסן די באַן־רעלסן. זיי האָבן געפרעגט א דערלויבעניש. דער שטאַב האָט אַוועקגעשיקט דעם קעמפער הירש לעווין דאָס צו אָרגאַניזירן. דעם 20־טן פעברואַל 1942 האָבן די פיר יוגנטלעכע צענומען מיט א שרויף־שליסל הונדערט מעטער רעלסן אויפן וועג ווילנע—איגנאַלינע, ניט ווײַט פון בעזדאַן.

איינער פון די טיכטיקסטע שעדיקער איז געווען זעליק גאָלדבערג, געוועזענער אינסטרוקטאָר פון ווילנער יִדישן טעכניקום. באַם אַרבעטן ווי אן אינזשעניער אין די מיליטערישע וואַרשטאַטן אויפן אַעראָדראָם אין פּאָרובאַנעק האָט ער אין פולסטן אַעראָפּלאַנען, וואָס זײַנען געבראַכט געוואָרן צום פאַריכטן, אַרויסגעדרייט זייערע וויכטיקסטע טיילן און דורכגעבויערט די בענזין־רעזערוואַרן.

אויף דער קאָנטע פון פּ.פּ.אָ. דאַרף מען אויך צורעכענען די צוויי סריפּעס אין פעלץ־פאַבריק „קײַליס" און אין בענזין־לאַגער בעזשינוווקע. אין „קײַליס" האָבן די יִדישע אַרבעטער זיך אויפגערעדט מיט זייערע פּוילישע און ליטווישע כאַווײרים און האָבן צוזאַמען אין יאַנוואַר 1942 אונטערגעצונדן דעם רעכטן פליגל פון דער פאַבריק, ווו צו יענער צײַט האָט זיך געפונען זעכציק טויזנט אויסגעפּאַרטיקטע פעלצן, וואָס די דײַטשן האָבן זיך געגרייט איבערצושיקן צום פראָנט פאַר די סאָלדאַטן. עס איז פאַרברענט געוואָרן ביז איין פעלץ. דאָס פײַער האָט אויך אַרומגעכאַפּט דעם אַנדערן טייל פון פאַבריק און צעשעדיקט די מאַשינען.

אינ בענזינוווקע האָט דער קענפער פרידמאַנ איבערגעקערט דאָס נאַפט-לעמפל באַ דעמ וועכטער אינ דער וואַכ-בויד. דער וועכטער האָט דאַנ געדרעמלט. ער האָט זיכ אופגעכאַפט, ווענ דאָס בײַדל האָט געברענט. איידער מע האָט באַוויזנ אײַנצולעשנ די סרייפע, האָט דאָס פײַער זיכ אריבערגעכאַפט אַפ די פעסלעכ מיט בענזינ. עס האָבנ זיכ אופגעריסנ דרײַ הונדערט פעסער מיט בענזינ. מאַכמעס די סרייפע איז אויסגעבראָכנ באַ דעמ וועכטער אינ בויד, איז דער געכטאַפאָ ניט אײַנגעפאַלנ, אַז דאָס איז אַ דיווערסיע.

אַדאַנק דער אַגיטאַציע פונ פ. פ. אָ. איז געפירט געוואָרנ אַ סיסטעמאַטישער סאַבאָטאַזש אינ אַלע דײַטשישע אונטערנעמונגענ, ווו ייִדנ האָבנ געאַרבעט. יעדער ייִד, צי ער געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע אָדער ניינ, האָט געהאַלטנ פאַר זײַנ כויוו צו ברענגענ שאָדנ.

אַכוץ דעמ סיסטעמאַטישנ אַרויסבאַקומענ געווער אינ די דײַטשישע אונטערנעמונגענ, האָט די אָרגאַניזאַציע זיכ גענייטיקט אינ געלט-מיטלענ צו קויפנ וואָפנ. מיר האָבנ זיכ געשטעלט פאַר אַ ציל אינ מעשעכ פונ אַ האַלבנ כוידעש באַקומענ אַ האַלבנ מיליאָנ רובל.

די פערטע גרופע מיטנ גרופנ-קאָמאַנדיר מאַצקעוויטש האָבנ דורכגעפירט אַ ריזיקאַלישנ פלאַנ. די קעמפער פלעגנ זיכ טאָג-טעגלעכ אַרײַנקלײַבנ אינ דעמ דײַטשישנ באַקלייד-אַמט אונ מיט דער הילפ פונ דער קענפערנ טאָליע זשאַבינסקי, וועלכע האָט דאָרט געאַרבעט, אַרויסטראָגנ פעק מיט דײַטשישע שינעלנ, קאַראַקולנע מאַנטלענ, פוטערס אונ וואָגנווײַז דאָס אַוועקפירנ צו אַ פויער, וואָס האָט זיכ אונטערגענומענ די זאַכנ צו פאַרקויפנ. אַפ אַזאַ אופנ האָט די גרופע אופגעזאַמלט פערציק טויזנט רובל.

דער דרוקער קאָוואַלסקי איז געקומענ צומ שטאַב מיט אַ טשיקאַווענ אײַנפאַל: ער וועט אָפדרוקנ פאַלשע ברויט-קאַרטנ, אונ עס וועט זײַנ אַ גרויסער רעוועכ. דעמ פלאַנ האָט מענ דורכגעפירט. אַ ספעציעלע גרופע האָט זיכ פאַרנומענ מיט אויסקויפנ פראָדוקטנ אַפ די פאַלשע ברויט-קאַרטנ. די פראָדוקטנ האָט מענ אינ געטאָ פאַרקויפט, אונ עס איז געווענ אַ האַכנאָסע פונ הונדערט טויזנט רובל.

דאָדיק ווידוצקי האָט אַרויסבאַקומענ אינ אַ דײַטשישער קאָנטאָר אַ געלט-פאַקעט פונ 35 טויזנט רובל אונ עס אָפגעגעבנ דער אָרגאַניזאַציע. ס'איז אויכ געהיימ געזאַמלט געוואָרנ געלט באַ דער באַפעלקערונג. ניט פרעגנדיק אַפ וואָס, האָבנ געטאָ-ייִדנ אַרײַנגעטראָגנ טויזנטער. עס איז אויכ געווענ אַ פאַרמעסט צווישנ די גרופנ, ווער וועמענ עס וועט איבערשטײַגנ אינ אופזאַמלענ געלט. די קעמפער האָבנ אָפגע-

געבן ווערט-זאכן — לעצטע אָנדענקען נאָך זייערע פאַרשניטענע עלטערן, ווי זייגערס, רינגלעך, בראַסלעטן, אאַזוו. דער קאָמפּער ראַטקין האָט אָפּגעגעבן דאָס זייגערל פון זיין פרוי, וועלכע מע האָט אָקאָרשט דערשאָסן. דערביי האָט ער געזאָגט: „די נעקאָמע איז מיר טייערער פאַר דעם לעצטן אָנדענק!״ איך אליין האָב אָפּגעגעבן אין פאָנד פון קויפן געווער דעם איינציקן אָנדענק פון מיין דערמאָרדעטער מאַמען: איר כאַסענע-רינג, וואָס זי האָט מיר אָפּגעגעבן א טאָג פאַר דער עקזעקוציע.

דער ברען אין דער זאַמל-אַרבעט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אָנשטאָט א האַלבן מיליאָן איז אין קאַסע פון דער אָרגאַניזאַציע אַריין א מיליאָן רובל.

## הילף פאַר קריגס-געפאַנגענע און מישפּאָכעס פון סאָוועטישע קאָמאַנדירן

אין ווילנע זיינען געווען צוויי גרויסע לאַגערן פאַר סאָוועטישע קריגס-געפאַנגענע און מישפּאָכעס פון סאָוועטישע קאָמאַנדירן: אין די „בילקע הייזער״ אפּ סובאָטש 37 (איידער דאָרט איז געוואָרן דער יידישער לאַגער ה. ק. פּ.) און אין דער אַנטאָקאָלער טורמע. די יידן, וואָס האָבן ניט ווייט געאַרבעט, האָבן מיט אַלערליי מיטלען זיך באַמיט צו העלפן די געפאַנגענע, כאָטש דער דייטשישער געזעץ האָט געזאָגט: ווען א ייד רעדט מיט א געפאַנגענעם, ווערן ביידע דערשאָסן.

אין די ערשטע כאָדאָשים, ווען מע איז זאַט געוואָרן מיט יידיש בלוט, האָבן זיך אָנגעהויבן די עקזעקוציעס איבער טויזנטער קריגס-געפאַנגענע. צו די רוסישע איז מען געווען ניט בעסער ווי צו די יידן. איך האָב געזען אַמאָל א בילד, וואָס עס איז ניט מעגלעך צו פאַרגעסן. א בייזער פראָסטיקער טאָג. לעבן די באַן-רעלסן בא דער אייזערנער בריק ליגט אין שניי א קופּע פון דריי הונדערט קריגס-געפאַנגענע—באָרוועסע מיט צעפּראָרענע הענט און פיס, פאַרפּייניקטע פון הונגער. זיי ליגן אָנגעוואָרפן איינער אפן צווייטן. פיל זיינען שוין טויט. אַנדערע צאַפּלען זיך, קוים וואָס זיי אָטעמען. אַנטקעגן זיי שטייט א דיקער, רויט-פּענעמדיקער דייטש און פּרעסט אַזוי צולאָכעסדיק א קישקע וווּרשט.

אין די דייטשישע וואַרשטאַטן פלעגט מען ברענגען אפּ צוואַנגס-אַרבעט די קריגס-געפאַנגענע. א סאַך פון זיי האָבן זיך

באמית צו אנטלויפן. דער פּאַרטיזאַנער־שטאַב אין געטאָ האָט באַשטימט א ספּעציעלע גרופּע קעמפער צו באַזאָרגן די געפאַנגענע מיט געהעריקע דאָקומענטן, מיט ציווילע קליידער און זיי אָנווייזן א ריכטונג, וויאַזוי אוועקצוגיין צו די פּאַרטיזאַנער. לעמאָשל, די קעמפער פעלדמאַן און בלומע מאַרקאָוויטש (געפאַלן אין די שלאַכטן באַם באַפרייען ווילנע) האָבן געהאָלפן אכט קריגס־געפאַנגענע מיטן קאַפּיטאַן סעריאָזשין בעראָש, באַזאָרגט זיי מיט אַלדאָס נייטיקס און זיי אריבערגעשיקט אין די וועלדער אַרום לידע.

## אין די „בּיליקע הײַזער"

אין די „בּיליקע הײַזער" אַף סובאָטש־גאַס 37 האָבן אַמאָל געוווינט א טויזנט ייִדן. מיט א פּאָר טעג פאַרן אַרײַנטרייבן די ייִדן אין געטאָ האָבן די דײַטשן אַרומגערינגלט די צוויי מויערן און דערמאָרדעט זייערע אײַנוווינער. דאָס אָרט פון די דערמאָרדעטע איז גלײַך פאַרפולט געוואָרן מיט די פרויען און קינדער פון סאָוועטישע קאָמאַנדירן און רויטאַרמייער.

עס איז געווען אין די גרויסע פרעסט, ווען היטלערן האָט מען געטריבן פון מאָסקווע. די ייִדן, וואָס האָבן געאַרבעט אַרום באַן, פלעגן ברענגען יעדער אָוונט נײַס, וויפל עשעלאָנען מיט „עפּל" — ס'הייסט פאַרפרוירענע דײַטשן — זײַנען אָנגעקומען פון פראָנט.

די דײַטשן אין ווילנע און אין גאַנצן לימע האָבן באַשלאָסן צו העלפן זייערע פאַרפראָרענע קאָלעגן. איבער דער שטאָט איז דערקלערט געוואָרן א פרײַוויליקע באַשטײַערונג פאַר דער דײַטשישער אַרמיי. די אײַנוווינער דאַרפן ברענגען אין די דײַטשישע קאָמיסאַריאַטן וואַרעמע קליידער, שיך, וואָליקעס, פעלצן, פוטערס, קאָלדרעס — אַלץ, וואָס קען נאָר דערוואַרעמען די צעפראָרענע היטלעריסטן. אין דער מעלדונג, אונטערגעשריבן פונעם דײַטשישן איבערקאָמיסאַר פאָן רענטעלן, איז צום סאָף געזאָגט געוואָרן: ווער עס וועט זיך פרײַוויליק באַשטײַערן, וועט באַקומען א קוויטאַנציע, אז ער איז אַן ערלעכער בירגער. די באַשטײַערונג איז כאַל געווען אויך פאַר דער געטאָ. די באַפעלקערונג האָט אָבער ניט געוואָלט העלפן אירע פאַרקנעכטער. זײַנען די דײַטשן געוואָרן „קליגער". זיי פלעגן פאַרהאַלטן יעדער מאַן און פרוי אַף די גאַסן, אראָפּציִען די קליידער פון זיי און אָפּלאָזן זיי נאַקעטע. כוץ דעם האָט מען געמאַכט איבערן שטאָט רעוויזיעס, און וואָס נאָר מע האָט געפונען — איז געוואָרן קאָנפיסקירט.

צומ סאָרטירנ, פאקנ אונ צונויפבערענגענ די קליידער האָט מענ ארויסגענומענ יידנ פונ געטאָ. צווישנ זיי בינ איכ אויכ געווענ.

איינמאָל, פאָרנדיק אפ אנ אווטאָ, פול געלאָדנ מיט פעלצנ אונ וואָליקעס, האָב איכ דערהערט פונ א מיטפאָרנדיקנ כאַווער די ליד פונ די „ביליקע הײַזער". דער כאַווער האָט דערציילט, אז די פרויענ אונ קינדער, וואָס געפינענ זיכ אינ די „ביליקע הײַזער", גייענ אויס פונ הונגער, ווערנ פארפרוירנ פונ קעלט.

— פונוואנענ ווייסטו דאָס? — האָט אימ א פרעג געטאָנ דער יוגנטלעכער רודאשעווסקי, וואָס איז צוזאמענ מיט אונדז געפאָרנ אינ אווטאָ.

— איכ אליינ בינ ניט לאנג דאָרטנ געווענ. זיכ ארײַנגעקליבנ דורכ די דראָטענע פארצוימונגענ אונ אפילע גענעכטיקט אינ לאגער. איכ האָב דער ערשטער ארויסגעטראָגנ די ליד.

עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ אָט וואָס: גערשקע (אזוי איז דער נאָמענ פונ דעמ זינגער) האָט זיכ דערוווּסט, אז אינ דעמ לאגער פונ די רוסישע געפינט זיכ זײַנער א כאַווער, א זונ פונ א געפאלענעמ רויטארמייער. גערשקע איז אהינ אוועק אונ געבראכט פארנ כאַווער ברויט. דער כאַווער האָט אימ איבערגעגעבנ די ליד. גערשקע האָט זי ארײַנגעבראכט אינ געטאָ, אונ אלע זינגענ זי.

דער אווטאָ האָט זיכ אָפגעשטעלט אפ פּאָפּלאוועס, לעבנ דער דעזינפעקציע. מיר האָבנ געדארפט דאָרטנ אריבערטראָגנ די אָנגערויבטע סכוירע. באַמ אריבערטראָגנ די פעק איז אונדז אײַנגעפאלנ א געדאנק: אָנשטאָט שלעפנ די סכוירע פאר דײַטשנ—בעסער עס אריבערטראָגנ אינ די „ביליקע הײַזער" פאר די נאקעטע אונ הונגעריקע קינדער אונ פרויענ.

דורכ די ארומגעצוימטע דראָטנ פונ די „ביליקע הײַזער" גאנווע-נענ זיכ אָפּט ארויס צעניעריקע קינדער, זיי גייענ איבער די נאָענטסטע שטיבער אונ בעטלענ ברויט. אויכ דאָ, ווו מיר טראָגנ איצט די פעלצנ, דרייענ זיכ די יאטלעכ. מיט זיי דארפ מענ זיכ פארבינדנ. איכ האָב צוגערופנ א האלב-באָרוועס יאטל אונ אימ געזאָגט, ער זאָל מאָרגנ צוזאמענ מיט זײַנע כאַוויירימ זיכ ארויסגאנווענענ פונ לאגער אונ אָפּווארטנ אונדזער אווטאָ אפ ארופ סובאָטש-גאס, לעבנ מערקל. דאָרטנ וועלנ מיר אינ אָוונט פארבײַפאָרנ מיטנ זעלבנ אווטאָ אונ פאר זיי ארָאָפּווארפנ, וואָס נאָר עס וועט זיכ לאָזנ. דער כעווּרעמאנ האָט פארשטאנענ.

אפּ מאָרגן האָבן אונדז אָפּגעוואַרט בא א צענ יאַטלעך. מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן פּעלצן, וועש און וואַליקעס, שאַלן, סוועטערס, שיך און א זאַק מיט עסנוואַרג. דאָס עסנוואַרג האָבן מיר געקויפט אַפּן וועג בא א פּויער פֿאַר א קאַראַקולנעם מאַנטל.

דער דײַטש, וואָס איז געזעסן מיטן שאָפער באַם רול און האָט אונדז געהיט, מיר זאָלן ניט גאַנווענען, האָט גאָרניט באַמערקט. דער שאָפער האָט יאָ געוווּסט. אַזויווי זײַן וועכטער, דער דײַטש, האָט זיך ניט אָריענטירט אין די ווילנער גאַסן, האָט דער שאָפער געפירט די מאַשין דורכן הינטער-גאַסן און, קומענדיק אַפּ סובאָטש-גאַס, צום באַשטימטן אָרט, האָט ער בעקיוון פֿאַרפּאַמעלעכט דעם גאַנג פֿונעם אווטאָ, קעדיי מיר זאָלן באַוויַזן אַראָפּצוּוואַרפֿן די פּעק. די יאַטלעך האָבן פּלינק אופגעכאַפּט אונדזערע מאַטאָנעס, זיי פֿאַרשאָטן מיט שניי, קיינער זאָל ניט באַמערקן, און באַנאַכט אַרײַנגעשמוגלט צו זייערע מאַמעס.

אַזוי האָבן מיר איבערגעכאַזערט א וואָך נאָכאַנאַנד. די געפֿאַנגענע האָבן אָפּגעלעבט. מיר האָבן פֿון זיי באַקומען א בריוול. דאָרט איז געווען געשריבן: „מיר געדענקען, און ווען עס וועט קומען די צײַט, וועלן מיר דערציילן אונדזער היימלאַנד, אַז אין ווילנע, אין 1942, האָבן די פֿאַרקנעכטע און פֿאַרפּײַניקטע ייִדן פֿון געטאָ ניט פֿאַרלאָרן זייער מענטשלעכע געפילן. בײַם פֿאַרן ריידן מיט א ניט-ייִדן האָט געקומט טויט-שטראָף, האָבן זיי אײַנגעשטעלט זייערע לעבנס און געראַטעוועט פֿון הונגער און פֿראָסט אויך מענטשן אַנדערע — קאָרבאָנעס פֿונעם זעלבן רעזשים".

# דער רוף צו אַנדערע ייִדישע ייִשוּווים

ווען די פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע אין געטאָ איז שוין געווען פֿאַרוואָרצלט, איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבערצושיקן אונדזערע שעלוכים אין אַנדערע ייִדישע שטעט, קעדיי העלפֿן אויך דאָרט צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד. אין ביאַליסטאָק איז געווען א געטאָ מיט 40 טויזנט ייִדן. אין וואַרשע—מיט א האַלבן מיליאָן. די ביאַליכטאָקער האָבן ניט געגלייבט אין די שכיטעס אין ווילנע. די וואַרשעווער זײַנען געווען זיכער, אַז א האַלבן מיליאָן קען מען ניט כּאַרטיליקן.

אין פֿעוורואַל 1942 האָט זיך אײַנגעגעבן צו פֿאַרבינדן זיך מיטן טשעך יוזעף שמידט, וואָס איז געווען מאָביליזירט אין דער דײַטשישער אַרמיי. אין זײַן אייגענעם אווטאָ, אָן געצאָלט, האָט ער אוועקגעפירט קיין ביאַליסטאָק און וואַרשע אונדזערע דרײַ מיטגלידער: עדעק באָראַקס, יויסעף קעמפּנער און סאַלאָמאָן ענטין. זיי זײַנען

דאָס געווען די, וואָס האָבן דערציילט אין ביאַליסטאָק און וואַרשע וועגן די שכיטעס אַפּ די ליטווישע ייִדן. זיי האָבן אויך דערציילט וועגן פּאָנאַר.

ווען עדעק באַראַקס איז צוריקגעקומען קיין ווילנע און איבער-געגעבן, מיט וואָס פאַר אַן אומגלויבן מע האָט אופגענומען דעם עמעס וועגן כורבן, האָט דער שטאַב פון פ. פּ. אָ. באַשלאָסן צו איבער-צייַגן וואַרשע און ביאַליסטאָק מיט רייַעס. עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן א ספּעציִעלער אופרוף צו אַלע ייִדן אונטער דער דייַטשישער אָקופּאַ-ציע. דער אופרוף האָט דערציילט מיט אַלע גענויִקייַטן וועגן דער סיסטעמאַטישער פאַרטיליקונג פון די ייִדן אין ליטע און ווייַסרוסלאַנד.

„דער גורל פון אַלע ייִדן, אונטער דער היטלערישער אָקופּאַציע, — האָט זיך געזאָגט אין אופרוף, — איז אַלגעמיינע אויסראָטונג, ניט געקוקט אַפּ קיין שום ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן.

ברידער! רייַסט אַראָפּ די אייַנרייִדענישן, אַז אונדז קען ראַטעווען ווירטשאַפטלעכע נויטווענדיקייַט. וואַרפט אַוועק די האָפענונג, אַז צוליב ווירטשאַפטלעכע סיבעס וועלן די דייַטשן ניט וועלן פאַרטיליקן די 40 טויזנט ייִדן אין ביאַליסטאָק און א פשיטע שוין דעם האַלבן מיליאָן אין וואַרשע. די אויסראָטונג פון די ייִדן איז א צענטראַלע אַקציע. זי איז ניט אָפּהענגיק פון קיין שום לאָקאַלע אָרגאַנען. די דייַטשן אין גראָדנע, ביאַליסטאָק און וואַרשע, קעדיי צו האָבן אַרבעט און ניט גיין אַפּן פראָנט, קענען פאַרציִען דעם קיִעם פון געטאָ אַפּ א קורצער צייַט. די אויסראָטונג איז אָבער א סיסטעמאַ-טישער פּראָצעס, וואָס פריִער אָדער שפּעטער וועט ער טרעפן אַלעמען, דאָ הערשט די פּאָליטישע פּראָגראַם איבער אַלע ווירטשאַפטלעכע פאַקטאָרן. ווי ס'איז נאָר דאָ א ייִדישער ייִשעוו אונטער היטלערן — וועט זייַן א פּאָנאַר!

ייִדן! אָרגאַניזירט זיך! נעמט זיך צום געווער!

ייִדן! צום ווידערשטאַנד!

די פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ".

די צוויי שוועסטער סאָרע און רייזל זילבער האָבן דעם אופרוף איבערגעפירט אין ביאַליסטאָק און וואַרשע, ער איז צעטיילט גע-וואָרן צווישן די מיטגלידער פון באַזונדערע פּאַרטייען. דאָס מאָל האָט ער אַלעמען געעפנט די אויגן.

צוריקפאָרנדיק, זייַנען די שוועסטער זילבער פאַרכאַפּט געוואָרן דורך געשטאַפּאָ לעבן מאַלקין, און דאָרט האָט מען זיי אין טויט-פאַבריק ביידן פאַרפייַניקט.

נאָכ זיי איז אינ וואַרשע אוועקגעפאָרנ די יונגע לערערנ כייַע גראָסמאַנ. דאָרט האָט זי זיכ פאַרבונדנ מיט א שאָליעכ פונ פּ.פּ.ר. (פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ). אינ דער זעלבער צייַט איז פונ ווילנע ארויסגעפירנ עדעק באַראַקס אינ ביאַליסטאָקער געטאָ. עס איז אויכ געקומענ קיינ ביאַליסטאָק פונ וואַרשע כייַע גראָסמאַנ, אונ צוזאַמענ האָבנ זיי דאָרט געשאַפנ די אָרגאַניזאַציע „צום קאַמפּ מיטנ דייַטשישנ אָקופּאַנט“. שפּעטער האָט זיכ זיי איַינגעגעבנ אָנ־צובינדנ א קאָנטאַקט מיט א נאָענטער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אינ וואַלד.

* * *

אָנהייב 1942 האָט ד"ר וואָלפ, דער געביטסקאָמיסאַר פונ ווילנער געגנט, זיכ פאַרמאָכטנ אַפ די לעצט געבליבענע יידנ פונ דער פּראָ־ווינצ. מיטנ אויסרייד צו פאַרהיטנ די יידנ פונ פּאַרטיזאַנישע אָנפאַלנ זייַנענ אינ אָשמענע קאָנצענטרירט געוואָרנ די יידנ פונ די ארומיקע שטעטלעכ: סאָל, מיכאַלישאָק, סוויר אאַ.

קעדיי צו באַרויִקנ די קאָנצענטרירטע יידנ, איז געקומענ געסטאַפּאָ אונ ארויסגעגעבנ ארבעט־שייַנענ. פּ. פּ. אָ. האָט ארויסגעשיקט קיינ אָשמענע די קעמפערנ ליזע מאַגונ צו אָרגאַניזירנ גרופּנ אוועקצוגיינ אינ וואַלד.

די אָשמענער געטאָ איז געווענ ארומגערינגלט דורכ פּאָליציי. ליזע האָט זיכ אָבער אַריַינבאַקומענ אינ געטאָ. דאָרט האָט זי אַגיטירט: יידנ! מע וועט אייַכ פירנ צום טויט! די ארבעט־שייַנענ זייַנענ צום פאַרנאַרנ, אַנטלויפט! אונ זי האָט אָרגאַניזירט באַוואָפנטע גרופּנ, וואָס זייַנענ אוועק אינ די וועלדער.

נאָכנ צוריק־קער פונ אָשמענע האָט ליזע אויסגעפירט נאָכאַנאַנ־דיקע אויפגאַבנ אינ שטאָט. איינמאָל האָט זי געדאַרפט רעגיסטרירנ אַירע פאַלשע דאָקומענטנ. צו דעמ ציל איז זי אוועק אינ דייַ־טשישנ פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. נאָר דאָרט האָט מענ זי דערקענט אונ ארעסטירט. מע האָט זי געפּייַניקט א כוידעש. מיט אָנגעברענטע אייַזנס האָט מענ איר געברענט דאָס לייַב, נאָר קיינ וואָרט פונ איר ניט ארויסבאַקומענ. פונ טורמע האָט זי נאָכ באַוויזנ איבערצושיקנ א בריוול:

„איכ ווייס גענוי, ווו איכ האַלט אינ דער וועלט. איכ קענ זיכ אָבער ניט איַינלעבנ מיטנ געדאַנק, אַז מיכ וועט מענ פירנ אַפ פּאָנאַר. איכ בינ רויִק. איכ גריס אַלע כאַווייריִמ. וואָס טוט זיכ אינ ביאַליסטאָק? זייַט שטאַרק. ליזע“.

הײליקנדיק ליזעס אָנדענק, האָבנ זירע כאַווײרימ געקויפט אַפ איר נאָמענ א רעוואָלווער. באָרעכ גאָלדשטײנ האָט צו אירע שלוישימ ארויסגעגאַנוועט בא די דײַטשנ אנ אווטאָמאַט אונ געבראַכט אינ געטאָ.

דער שטאַב האָט באַשטימט פארנ מאָביליזאַציע-סיגנאַל פונ פ. פ. אָ. דעמ לאָזונג „ליזע רופט"!

## די געהײמע דרוקערײַ

עס איז אופ דער געדאַנק זיכ אײַנצושאַפנ א דרוקערײַ. צו יענער צײַט, אָנהײב 1942, איז נאָכ אינ שטאָט ניט געווענ קײנ ארויספאָרמירטע אינטערנאַציאָנאַליסטישע אַנטיפאַשיסטישע באַוועגונג. די פוילישע נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע מיט איר בלעטל „ניעפּאָדלעגלאָשטש" האָט ניט אופגעהערט צו אַגיטירנ קעגנ ראַטנפאַרבאַנד אונ פאַרטיזאַנער.

אינ פעווראַל 1942 האָט דער שטאַב פונ פ. פ. אָ. ארויסגעגעבנ א העקטאָגראַפירטנ אופרופ צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג. מיר האָבנ פאַרשטאַנענ, אז די זאַכ פונ ווידערשטאַנד איז ניט בלויז א יידישע. די שכיטעס איבער די יידנ זײַנענ בלויז דער אָנהײב פונ א סיסטעמאַטישנ מאָרד-פראָצעס איבער די פעלקער פונ אײראָפּע.

אָט איז די איבערזעצונג פונ דעמ ערשטנ העקטאָגראַפירטנ אופרופ, ארויסגעגעבנ פונ דער פ. פ. אָ. צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג:

„בירגער פונ אַלע אָקופירטע געביטנ!

ס'בלוטיקט דער סוינע אַפ אַלע פראָנטנ.

אינ פײַער פונ דער רויטער ארמײ זײַנענ געוואָרנ אײַנגעטונקט די גרעסטע טײלנ פונ דעמ סוינעס רעזערוונ.

מיט טויט אונ אומקומ אָטעמענ די ארומגערינגלטע דײַטשישע ארמײענ. אויסגעמוטשעטע, אויסגעשעפטע, ניט פײיקע צומ קאַמפ, ליגנ די דײַטשישע דיוויזיעס אַפנ שלאַכט-פעלד.

ס'האָט היטלער זײַנע כאַיאָלעס געטריבנ אינ קאַמפ, צוזאָגנדיק זײ אינ מעשעכ פונ פערצנ טעג צו זײַנ אינ מאָסקווע. פונ טעג זײַנענ געוואָרנ וואָכנ, פונ וואָכנ — כאָדאָשימ. אונ ווענ ס'איז אריבער דער זומער, האָט ער געהײסנ וואַרטנ אַפ האַרבסט. אונ ווענ אינ האַרבסט האָבנ בלוטיק זיכ פאַרבראָכנ אַלע פרוווּנ דורכצוזעצנ די פאַרטײדיקונגס-קראַפט פונ דער רויטער ארמײ, איז דער נײַער ציל געוואָרנ ווינטער. פאַר די דײַטשנ איז אָבער דער ווינטער געווענ אנ אומגליק. מיליאָנענ דײַטשישע סאָלדאַטנ זײַנענ געבליבנ אַפנ שלאַכט-פעלד, מאַסנ מילכאָמע-מאַטעריאַל איז צעפּאַטערט געוואָרנ פונ די נאָכאַנאַנדיקע קלעפ פונ דער רויטער ארמײ.

אָפּ די פראָנטן איז ערגיץ פּרילינג.

מיליאָנען סאָוועטישע זעלנער שטייען אונטער געווער. די רויטע אַרמיי, אַ געשטאַרקטע מיט נײַעם מעכטיקן קריגס-מאַטעריאַל, גרייט צו אַ גוואַלדיקער אַטאַקע, וואָס וועט דערלאַנגען אַ טויט-קלאַפּ און פּאַרוויסטן דעם סוינע.

בירגער פון אַלע אָקופּירטע געביטן!

דער סוינע, אין מוירע פאַר אַ ווידערשטאַנד, וויל אײַך אײַליק פּאַרטיליקן. ער דערשיסט אײַערע בעסטע זין. ער פירט אײַך קיין דײַטשלאַנד אין די הונדערטער, טויזנטער. אין וואַרשע, קאַליש, ווילנע, לעמבערג האָט שוין דער היטלער־טעראָר אומגעבראַכט האַמוינים.

לאָזט זיך ניט פירן ווי שאָף צום טויט. אַז דער סוינע זאָל באַדאַרפן אײַנברעכן דעם ווידערשטאַנד פון יעדער איינציקן, וועט ער זײַן פּלאַן ניט באַוויזן דורכצופירן.

ס׳פאַלן פון אײַך טויזנטער פּאַסיווע קאָרבאָנעס, פרײַהײַט קעמפט מען אָבער אויס נאָר מיט אַקטיווע קאָרבאָנעס.

ווערט פּאַרטיזאַנער!

שטערט דעם סוינע אויף אַלע וועגן און שטעגן!

פירט דיווערסיע-אַרבעט!

צעשטערט וועגן, טראַנספּאָרטן, פאַבריקן, לאַגערן — לאָזט ניט רוען דעם סוינע!

אַ טויט די אָקופּאַנטן!

דער ניצחון פאַר אונדז!

פאַרבאַנד צו קעמפן מיטן דײַטשישן אָקופּאַנט
ווילנע, פעווראַל 1942״.

אין אַלע פאַבריקן, אונטערנעמונגען אין שטאָט איז דאָס בלעטל פאַרשפרייט געוואָרן. עס איז די אַרבעט פון די יידישע צוואַנגס-אַרבעטער. גייענדיק צו דער אַרבעט אונטער באַגלייטן פון שטורמיסטן, האָבן זיי דאָס פאַנאַנדערגעקלעפּט איבער גאַנץ שטאָט.

פיל געטאָ-קינדער, צען- און צוועלפיעריקע, זײַנען געגאַנגען אויף צוואַנגס־אַרבעט אין שטאָט. די פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע האָט ניט איין קינד פאַרטרויט וויכטיקע אויפגאַבן. און מיט וויפל באַוווסטזײַן, מיט וויפל מעסירעסנעפעש דאָס קליינוואַרג האָט דאָס דורכגעפירט! צענדליקער און הונדערטער פּראָקלאַמאַציעס זײַנען פאַרשפרייט געוואָרן איבער דער שטאָט דורך אָט דער טײַערער כעווריע.

* * *

נאָכן ערשטן העקטאָגראַפירטן אויפרוף צו דער שטאָטישער באַפעלקע־רונג האָט זיך איציק קאָוואַלסקי, א ווילנער דרוקער, געווענדט צום שטאַב מיט א דרייסטן פּלאַן — אויפצושטעלן א געהיימע דרוקערײַ.

דער שטאַב איז אָפּ דעם פּלאַן אײַנגעגאַנגען. אין יענער צײַט האָט זיך אונדזער אָרגאַניזאַציע אַלץ מער און ענגער פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט, וואָס האָט גענומען אויפלעבן אין דער אונטערערד. דער פּלאַן איז קאָנטאַקטירט געוואָרן מיט דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. אָט ווי עס דערציילט קאָוואַלסקי אליין וועגן זײַן אַרויסגאַנוועגן די שריפט:

„מיט דער האַסקאָמע פֿון אונדזער שטאַב האָב איך זיך אַרײַנ־באַקומען אַרבעטן אין דער דײַטשישער מעלוכישער דרוקערײַ. מאַכמעס דעם, וואָס דער מערסטער טייל אַרבעטער האָבן מיך געקענט פון פריער, בין איך גרינגער געווען אַלע שוועריקײַטן.

איך האָב גלײַך אָן אַרבעטן פאַר אונדזער זאַך. סאָניע מאַדייסקער האָט מיט מיר אָפּגערעדט, אַז אָפּ מאָרגן צוועלף אַזייגער, ווען בא אונדז איז מיטיק און די דרוקערײַ איז א האַלב שאָ אָפן, וועט וואַרטן אָפּ מיר באַם טויער א מענטש, וועלכן איך דאַרף איבערגעבן אַלץ, וואָס איך וועל אַרויסבאַקומען פאַר דער דרוקערײַ. דער סימען




אומלעגאַלע אַנטיפאַשיסטישע אויסגאַבעס אין ווילנע בײַם דער דײַטשישער אָקופּאַציע.

פון דעם מענטשן דארף זײַן: מיטעלע הייך, אין ברילן, מיט א שווארצן מאנטל און א קאראקולנעם קאָלנער און אין האנט וועט ער האלטן אן אופגעדרייטע פוילישע צײַטונג „גאָניעץ צאָדזיענני“.

פינקטלעך צו דער צײַט איז ער געקומען. ער נעמט צו מײַן „פאַיאָק“ און גייט זיך ווײַטער. אין געטאָ האָט מיר שוין סאָניע אָפּ-געגעבן א גרוס, אז דער פאקעט איז געבראכט געוואָרן בעשאָלעם און אז מאָרגן וועלן שוין קומען צוויי כאווײרים, קעדיי צו נעמען מער. און אזוי טאקע א וואָך נאָכאנאנד פלעגן ביידע צו מיר קומען אין דער אָפּגעמאכטער צײַט, און איך פלעג זיי איבערגעבן פאר-שיידענע פעקלעך שריפט און מאכשירים. שפּעטער, עס זאָל ניט אויסקומען פארדעכטיק, פלעגט קומען איינער — דער, מיט וועלכן איך האָב געהאט די ערשטע באגעגעניש. זײַן נאָמען איז יאן פשע-וואלסקי — א דרייסטער פוילישער קאָמוניסט.

אונדזערע טעגלעכע טרעפונגען האָבן אָנגעהאלטן איבער א כוידעש, ביז אָפּ שלאָס-גאס 15 איז פארטיק געוואָרן א געהיימע דרוקערײַ מיט אלדעס נייטיקס: פּאַפּיר, פארב, שריפט, ראַמעס, שליס-מאטעריאלן, אא. דאָס גאנווענע און ארויסטראָגן פון פאבריק איז פאָרגעקומען אזוי:

באם פאנאנדערנעמען די שוין אָפּגעדרוקטע זאצן פון „גאָניעץ צאָדזיענני“ קען מען צוקומען צו אלע שריפטן און מע האָט ניט


sztandar wolności

ORGAN ZWIĄZKU PATRIOTÓW POLSKICH W WILNIE

Rok I  Wilno, 1 grudnia 1943 r.

PATRIOTYZM" I PATRIOTYZM

[illegible]

די אנטיפאשיסטישע צײַטונג „שטאנדאר וואָלנאָשצי“ (די פרײַהײַטס-פאָן).

איבער זיכ קיינ באלעבאָס. באַמ פאנאנדערנעמענ די שריפט כלעג איכ אופקלײַבנ אונ באהאלטנ דאָס, אינ וואָס מיר האָבנ זיכ גענייטיקט. איכ האָב זיכ געדארפט היטנ פאר דרײַ הונדערט אויגנ. מײַנ טרעפ־צײַט מיט יאנענ איז געווענ האלב פינפ פארנאכט, ווענ איכ פלעג גיינ צוריק אינ געטאָ.

איינמאָל רייד איכ מיט אים אָפ, ער זאָל מאָרגנ קומענ מיט א גרויסנ פאָרטפעל צונעמענ בײַ מיר א ראַמ, א וואליק, א גראנקע אונ א ווערסטאק. איכ האָב דאָס אָפגעלייגט אינ דרוקערײַ אונ מוז דאָס אומבאדינגט צונעמענ.

די ראַמ פאסעווע איכ אײַנ ארומ זיכ. אונ די איבעריקע זאכנ פארוויקל איכ אינ מאקולאטור ווי א פעקל. באַמ טויער — אנ איבער־ראשונג. עס שטייט דער דירעקטאָר שקעמאס. ער פרעגט מיכ, וואָס איכ טראָג. איכ ענטפער אים קאלט, אז מאקולאטור, ווײַל איכ האָב ניט אינ געטאָ מיט וואָס צו הייצנ. דער דירעקטאָר האָט מיר געגלייבט. ארויס דורכנ טויער מיט א פויקנדיקנ הארצ, זוכ איכ יאנענ, אונ פונ יענעמ — ניט קיינ סימענ. איכ לויפ ארומ אינ סאָד צווישנ די ביימער, טאָמער פארשטעלט ער זיכ. דער מענטש איז ניטאָ.

דערווײַל ווערט שפעט, אונ מער ווי ביז זעקס אזייגער טאָר א ייִד זיכ ניט באַווײַזנ אינ די גאסנ. איכ באשליס צוריק ארײַנגיינ אינ דרוקערײַ, באהאלטנ מײַנ אָנלאָדונג אינ א מאלינע אונ אליינ אוועקגיינ אינ געטאָ. אָבער עס טוט זיכ ניט, ווי מע וויל. אינ הויפ פונ דרוקערײַ שטייט נאָכ אלצ דער דירעקטאָר — וועגנ ארײַנגיינ צוריק קענ ניט זײַנ קיינ רייד. איכ מאכ האשיווייבו נאזאד, אונ אנ אָנגעלאָדענער מיט בלײַ אונ אײַזנ, שפאנ איכ אוועק אינ געטאָ. אינמיטנ וועג — א קאטאסטראָפע. ס'האָט געפלאצט דער פא־סיק, אונ די שווערע ראַמ ציט אראָפ מײַנע הויזנ. איכ גיי אונ פאריכט זיכ. דורכ דער מאנטל־קעשענע האלט איכ אונטער די ראַמ. מײַנ אײַנציקע האָפענונג — וואָס גיכער אינ געטאָ. מיט מאטערניש דערקראָכנ צו דער געטאָ, ערשט מורער רעווידירט באַמ טויער. ווי צו גיינ צוריק האָב איכ ניט, ווײַל ס'איז שוינ זעקס אזייגער. די ראַמ מיט מײַנע הויזנ ציִענ זיכ אלצ נידעריקער. איכ האָב באשטימט פאר יעדנ פרײַז אויסצומײַדנ דעמ קאָנטראָל. אונ ווענ מורער איז געווענ פארנומענ באַמ שמײַסנ א ייִדישע פרוי, האָב איכ זיכ ארײַנגעדרייט אינ געטאָ...

מײַנ לאָדונג האָב איכ אָפגעגעבנ סאָניענ מיט בערלענ, אונ זיי

האָבן דאָס אַפ מאָרגן איבערגעגעבן יאַנען, וועלכער האָט שוין ניט געטאָרט צו מיר קומען, ווײַל מע האָט אים נאָכגעשפּיאָנירט.

אויסגעשטאַט פולשטענדיק די דרוקערײַ אין שטאָט, בין איך צוגעטראָטן צו קאָמפּלעקטירן אַ צווייטע דרוקערײַ אין געטאָ גופע...״

אין די ביידע דרוקערײַען זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַרשיידענע צײַטונגען, פּלאַקאַטן, פלוגבלעטלעך אין ליטוויש, דײַטש און פּויליש. אַפ פּויליש איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די צײַטונג „שטאַנדאַר וואָלנאָשצי״, וווּ עס זײַנען געדרוקט געווען די אַרטיקלען פון איציק וויטענבערג, סאָניע מאַדייסקער, יאַן פּשעוואַלסקי און ד״ר גאָרדאָן. שפּעטער זײַנען צוגעצויגן געוואָרן פּוילישע ליטעראַטן. אין דער רעדאַקציע-קאָמיסיע זײַנען אַרײַן: יוזעפאַ פּשעוואַלסקאַ, וועראַ אַגאַניאָווסקאַ און סאָניע מאַדייסקער.

## ספּעציעלע אָפּטיילונג בא פ. פּ. אָ.

דער ציל פון אָט דער אָפּטיילונג איז געווען: אַרויסבאַקומען געהיימע באַפעלן וועגן ייִדן פון דער דײַטשישער מאַכט; אַרויסבאַקומען וויכטיקע מיליטערישע סודעך; אויפדעקן געסטאַפּאָ-אַגענטן פון דרויסן און אין געטאָ; האָבן אַ קאָנטראָל איבער די מיטגלידער פון פ. פּ. אָ.

די גרופּע איז געווען קאָנספּיראַטיוו פאַר דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע, קיינער זאָל ניט וויסן, ווער עס זײַנען אירע מיטגלידער. מיט דער ספּעציעלער אָפּטיילונג האָט אָנגעפירט דער שטאַב-מיטגליד יוסעף גלאַזמאַן, איינער פון זײַנע וויכטיקסטע אַגענטן איז געווען מירע גאַניאָנסקי (העלדיש אומגעקומען אין וואַלד באַם אַגיטירן די פּאָליצײַ, זי זאָל אַריבערגיין צו די פּאַרטיזאַנער). אַדאַנק איר שיינקײַט האָט זיך איר אײַנגעגעבן צו געווינען דעם צוטרוי פון דעם שעף פון „איפּאַטינגאַ״ בוראַקאַס און דעם מאַיאָר מאַרושיס און אַרויסקריגן בא זיי ידיעות וועגן געפּלאַנטע גזירות אַפ ייִדן, פּאָליאַקן און קריגס-געפאַנגענע.

ווערליק אַ באַפעל פון פ. פּ. אָ.-שטאַב האָט גאַניאָנסקי זיך דערנענטערט צום פּאָליצײַ-שעף פון געטאָ דעסלער און געוואָרן בא אים אונדזער פאַרטרויטע אַגענטן. דאָרט האָט זי אַרויסגעגאַנוועט בלאַנקען פון געסטאַפּאָ, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט פאַר זיך אויסגענוצט.

עטלעכע מיטגלידער פון דער ספּעציעלער אָפּטיילונג זײַנען בעקיוון אַרײַן דינען אין דער ייִדישער פּאָליצײַ, קעדיי צו זײַן אַפ דער וואַך איבער די געשעענישן אין געטאָ. די ספּעציעלע גרופּע האָט אויך אויסגעפונען פאַרעטער אין שטאָט און איבערגעגעבן זייערע

נעמענ דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע. אפנ סמאכ פונ אזא אינ-פאָרמאציע איז דערשאָסנ געוואָרנ די פּוילישע געסטאפּאָ-אגענטנ ווילעזשאנסקא אונ נאָכ איינער.

די גרופּע האָט אויכ געהאט די וואכ איבער די מיטגלידער פונ פ. פּ. אָ. ווענ איינער א מיטגליד איז געווענ אינ כשאד, האָט מענ אימ פונ דער אָר-גאניזאציע ניט ארויסגעוואָרפנ, נאָר מע האָט אימ ארייַנגענומענ אינ א פּיק-טיזוער גרופּע, וואָס האָט זיכ ניט פארנומענ מיט קיינ פּראקטישער ארבעט.

## דער הימנ פונ פ. פּ. אָ.

זאָג ניט קיינמאָל, אז דו גייסט דעמ לעצטנ וועג,
הימלענ בלייַענע פארשטעלנ בלויע טעג.
קומענ וועט נאָכ אונדזער אויסגעבענקטע שאָ,
ס'וועט א פּויק טאָנ אונדזער טראָט: מיר זייַנענ דאָ!

פונ גרינעמ פּאלמענ-לאנד ביז לאנד פונ וויַסנ שניי
מיר קומענ אָנ מיט אונדזער פּייַנ, מיט אונדזער וויי.
אונ וווּ געפאלנ איז א שפּריצ פונ אונדזער בלוט,
שפּראָצנ וועט דאָרט אונדזער גווורע, אונדזער מוט.

ס'וועט די מאָרגנ-זונ באגילדנ אונדז דעמ הייַנט.
אונדזער נעכטנ וועט פארשווינדנ מיטנ פייַנט.
נאָר אויב פארזאמענ וועט די זונ אונ דער קאיאָר,
ווי א פּאראָל זאָל גייַנ די ליד פונ דאָר צו דאָר.

געשריבנ איז די ליד מיט בלוט אונ בליי,
ס'איז ניט קיינ לידל פונ א פויגל אפ דער פרייַ,
דאָס האָט א פאָלק צעווישנ פאלנדיקע ווענט
די ליד געזונגענ מיט נאגאנעס אינ די הענט.

זאָג ניט קיינמאָל, אז דו גייסט דעמ לעצטנ וועג,
הימלענ בלייַענע פארשטעלנ בלויע טעג.
קומענ וועט נאָכ אונדזער אויסגעבענקטע שאָ,
ס'וועט א פּויק טאָנ אונדזער טראָט: מיר זייַנענ דאָ!

דער מעכאבער פונ דעמ הימנ איז א יונגער ייִדישער דיכטער הירש גליק. נאָכ דער ליקווידאציע פונ געטאָ איז ער באמ פּרווו זיכ ארויסרייַסנ פונ ארומרינגלונג פארכאפּט געוואָרנ דורכ דער

געסטאַפּאָ און איז פאַרשלעפּט געוואָרן אין א קאָנצלאַגער אין עסט־לאַנד. דאָרט האָט מען אים אין סענטיאַבער 1944 אומגעבראַכט.

## מיר פייערן דעם 1־טן מײַ (1943)

געהיים האָבן מיר זיך אויפגעקליבן אין קאַפּע אַפּ שאַוולער 6. דער אוילעם איז באַשטאַנען פון די מיטגלידער פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע, פון שול־יוגנט און די קינדער פון יוגנט־קלוב. מע איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין ווײַסע בלוזעס. יעדער איינציקן האָט מען אָנגעשטאָכן באַם אַרײַנקומען א רויט שלייפעלע. דער זאַל איז באַפּוצט געווען מיט גרינס, מיט בלומען. די יוגנט האָט עס אַרײַנגעטראָגן פון דער צוואַנגס־אַרבעט אין שטאָט. געטראָגן עס באַהאַלטן, די זשאַנדאַרן זאָלן ניט זען. די רייכעס פון גרינס רופן צו פרײַהײַט. אין א פּאַשעטן צווײַגל איז קאָנצענטרירט דער פרילינג.

די פײַערונג האָט געעפנט א מיטגליד פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע. אין אָנהייב האָט ער אַלעמען געבעטן זיך שטעלן לעקאָוועד דעם אופשטאַנד אין װאַרשעווער געטאָ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 20־טן אַפּרעל דאָס יאָר. „אין דער זעלבער צײַט, ווען מיר פײַערן דעם 1־טן מײַ, — האָט ער געזאָגט, — ראַנגלען זיך אונדזערע ברידער אין וואַרשע אין ברענענדיקע פײַערן. נאָענט איז דער טאָג, ווען אויך מיר וועלן דאַרפן אַרויסטרעטן מיט געווער. לאָמיר נעמען א מוסטער פון וואַרשע און קעמפן ביזן לעצטן".

מע האָט איבערגעלייענט דעם פּאָליטישן ביולעטען פון דער געהיימער געטאָ־ראַדיאָ. מע האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. דער פידלער ראַבינאָוויטש האָט געשפּילט. איך האָב פּאָרגעלייענט מײַן ליד „א נעם טאָן דאָס אײַזן".

אין זאַל איז אויך בײַגעווען די ליטווישע שרײַבערן שימײַטע. זי איז געקומען אין געטאָ מיטפײַערן דעם יאָמטעוו.

* * *

נאָך דער אַלגעמיינער פײַערונג האָבן מיר זיך אופגעטראָפן א גרופּע כאַווײרים בא וויטענבערגן אין שטוב. דאָ אין דעם ענגן קרײַז האָט וויטענבערג געהאַלטן א רעדע. ער האָט געגעבן אן איבערבליק פון דער לאַגע אַפן פראָנט, דערציילט ווען די דײַטשישע מאַפּאָלעס און אַרויסגעזאָגט א געדאַנק, אז ווען די רויטע אַרמיי וועט זיך דערנעענטערן, וועט אונדז אויסקומען זיך אַריבערטראָגן אין שטאָט, אופהייבן די גאַנצע באַפעלקערונג און מיטהעלפן צו באַפרײַען ווילנע,

# אונטערן שוץ פון עסטער־ראָכל קאַמינסקי

איך האָב געאַרבעט אינעם בנין פון געוועזענעם וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט אין דעם „איינזאַץ־שטאַב־ראָזענבערג“, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויפזאַמלען און פאַרוויסטן די קולטור־אוצרות פון די ווילנער מוזייען און ביבליאָטעקן. בײַ מײַן גאַנצער פאַרטאָגענקײט אין ראַטעווען די קולטור־אוצרות האָב איך ניט פאַרגעסן, אַז מיר מוזן זיך פאַרטיידיקן. די פאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך געניי־טיקט אין קוילנוואַרפער. מיט מיר צוזאַמען האָט געאַרבעט מײַן כאַווער קאַטשערגינסקי. מיר האָבן ביידע באַשלאָסן צו באַקומ'ען אַ קוילנוואַרפער.

קאַטשערגינסקיס פרוי, אַליין אַ קראָקעווער, מיט אַ ניט־ייִדיש פּאָנעם, איז פון ערשטן טאָג ניט אַרײַן אין געטאָ. זי האָט געלעבט ווי אַ ניט־ייִדישע אין צענטער פון שטאָט בײַ איר מאַנס אַ גוטן כאַווער אַ ליטווינער, וועלכער האָט זי באַזאָרגט מיט פאַלשע דאָקו־מענטן. איך האָב אים אויך געקענט. זײַן נאָמען איז יוליאַן יאַנקאַו־סקאַס. ער פלעגט אָפט קומען צו אונדז צום טויער פון אינסטיטוט, פלעגט ברענגען עסן און אויפרופן פון די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס.

איינמאָל האָבן מיר אים געזאָגט, אַז די געטאָ נייטיקט זיך אין געווער. אַפן מאָרגן פרי האָט ער אונדז געבראַכט אַ רעוואָלווער. אין מעשעך פון אַ כוידעש האָט ער אונדז איבערגעגעבן אַ צוואַנ־ציק שטיק: נאַגאַנעס, מאַוזערס און דרײַצן־קוילִיקע בעלגישע פּאַראַ־בעלן מיט אַ טויזנט קוילן. ער האָט צוגעזאָגט צו ברענגען אַ קוילנוואַרפער.

אין אַן אָפגערעדטן טאָג, זיבן אינדערפרי, גלײַך ווי מיר קומען צו דער אַרבעט, האָט ער געזאָלט ברענגען דעם ערשטן קוילנוואַרפער. מיר האָבן שוין געהאַט אַן אָרט, ווו די טיילן פון קוילנוואַרפער צו באַהאַלטן, אויך דער פּלאַן אים איבערטראָגן אין געטאָ איז שוין געווען צוגעגרייט. איך האָב קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן. דאָס איז געווען אין דעם טאָג, ווען מע האָט אַראָפּגעוואָרפן מוסאָלינין. בײַ אונדז אַלעמען איז געווען אַ געהויבענע שטימונג.

יאַנקאַוסקאַס איז אינדערפרי ניט געקומען. מיר האָבן ניט גע־ווּסט וואָס איבערצוקלערן. עפּשער אַ דורכפאַל? שוין צען אַזייגער, עלף, און דער מענטש איז ניטאָ. אפילע די דרײַ אומבאַקאַנטע בריוו שאָלעם־אַלייכעמס, וואָס איך האָב צופעליק געפונען אין אַן אַלטער געמאָרע, האָבן ניט בעסער געמאַכט די שטימונג.

אין צימער גייט אַרײַן ד"ר ספּינקלער, דער פּאַרטיי־טעאָרעטיקער

פונ דעמ „אײַנזאצ-שטאב-ראָזענבערג" אינ ווילנע. הײַנט איז ד"ר כפּינקלער אינ א גוטער שטימונג: ער האָט געקראָגנ פונ בערלינ א בריוו, אז זײַנ פרוי איז לעבנ געבליבנ נאָכ א גרויסער באָמבארדירונג. אָט א פרייד! די גאנצע גאס איז צעפאלנ שטיקערווײַז, בלויז דער אונטערשטער גאָרנ, ווו ס'וווינט זײַנ מאריטע, איז פארבליבנ.

געקומענ איז ער אָנזאָגנ אונדז, אז מיר זאָלנ גוט ארופּנייענ אפ אונדזערע בגאָדימ די געלע לאטעס. ניט בלויז אפ די אויבער-רעקלעכ אלײנ מוזנ זיי זײַנ פּארפעסטיקט, נאָר אויכ אפ די העמדער אונ בלוזעס. אזוי איז דער באפעל פונ מורערנ. אינ צוויי שאָ ארומ, נאָכ מיטיק, וועט אהער קומענ א הויכע קאָמיסיע פונ בערלינ צו באקוקנ די אנטי-ייִדישע אויסשטעלונג, וואָס אפנ אייבערשטנ גאָרנ. קענ זײַנ, זי וועט ארײַנקומענ אינ אָט די צימערנ אויכ. ביכלאל ראַט ער אונדז זיכ ניט ווארפנ אינ די אויגנ.

איכ בינ שוינ צופרידנ, וואָס יוליאנ איז ניט געקומענ. מער ווי דאָס פעלט מיר ניט: ברענגענ אינ אינסטיטוט געווער אינ דער צײַט פונ דער קאָמיסיע. איכ האָב זיכ ווידער גענומענ צו דער ארבעט — אופקלײַבנ די קלײנע, צעוואָרפענע צעטעלעכ פונ ד"ר אלפרעד לאנדויס ייִדישנ ווערטערבוכ. זעכציק יאָר האָט דער גרויסער פילאָלאָג געשריבנ זײַנ לעבנס-ווערק אונ ניט באוויזנ פארנ לעבנ ארויסצוגעבנ. נאָכ זײַנ טויט האָבנ די קרויווימ זײַנע אלע ווערק מיט דער פּריוואט-ביבליאָטעק צוזאמענ איבערגעשיקט אינ ייִדישנ וויסנשאפטלעכנ אינסטיטוט אינ ווילנע. מײַנ פרײַנט גינינגער, פונ טשערנאָוויצ, האָט מיט עטלעכע יאָר פאר דער מילכאָמע זיכ באזעצט אינ ווילנע אונ פלײַסיק געארבעט באמ צונויפשטעלנ דעמ ווערטערבוכ. איצט וואלגערנ זיכ די צעטעלעכ, צעטראָטענע אפ דער ערד. איכ קלײַב זיי אופ, לײג זיי ווידער ארײַנ אינ די טאקטורענע שאכטלעכ אונ טראכט, אינ וועלכנ פונ מײַנע ערטער זיי צו באהאלטנ.

דער זייגער ווערט איינס. אונדזערע דײַטשנ פאָרנ אוועק אפ מיטיק. עס בלײַבט נאָר איבער דער אופזעער ווירבליס. ער דארפ זיכ צוהערנ, וואָס די ייִדנ ריידנ, צוזענ, וואָס די ייִדנ טוענ.

צוואנציק פולע קעסטלעכ מיטנ ווערק פונ אלפרעד לאנדוי זײַנענ שוינ אופגעפאקט. איכ כארוויקל זיי מיט מאקולאטור אונ באשליס נאָכ הײַנט זיי אריבערצושיקנ אינ א באהעלטעניש. די לערערנ קרינסקי איז וואכ בא דער טיר, קוקט, צי מע גייט ניט.

מיטאמאָל, איכ גיב א הייב דעמ קאָפ אונ איכ זע כונ פענצטער יאנקאוסקאסנ. זײַנ הויכע, דארלעכע פיגור וואָלט איכ דערקענט באנאכט.

אינ האנט שלעפט דער יונג אַ טשעמאָדאנ, אינ וועלכנ איכ וואָלט אפּ זיכער געקענט ארײַנקריכנ.

אינ קאָפּ גיט א שלאָג דאָס בלוט. איכ הייס דער לערערנ קרינסקי, זי זאָל אפּ א האלב שאָ פארדרייענ דעם קאָפּ אונדזער היטער ווירבליסנ. איכ מיט קאַטשערגינסקי לויפנ אראָפּ אפנ הויפ צו יאנקאוסקאסנ, יענער ווארט שוינ צװישנ די ביימער. עס גיסט



א. סוצקעווער אינ ווילנע
אינ די טעג פונ איר באפרײַונג.

פונ אימ א שווייס. ער ווישט זיכ מיט א טיכל דאָס פּאָנעמ אונ דערציילט: אינדערפרי האָט ער ניט געקענט קומענ, ווײַל דאָרטנ, ווו ס'האָט זיכ געפונענ דער קוילנווארפער, וואָס איז געווענ פארגראָבנ אינ א קעלער, איז גראָד פאָרגעקומענ א רעוויזיע. מע האָט אלע דרײַ הונדערט אײַנוווינער ארעסטירט אונ אוועקגעשלעפּט אינ געסטאפּאָ. ערשט ניט לאנג האָט ער ארויסבאקומענ פונ דאָרט דעם קוילנווארפער.

ער איז אין טשעמאָדאַן. די פּיסלעך טראָגט ער באַזונדער, אַרײַנגע-
שפּאַרט אין גאַרטל פון די הויזן...

אָפּ אַזוינס האָבן מיר זיך ניט געריכט. אײנמיטן העלן טאָג, אײנס
אַזײגער, שפּאַצירן איבער די ווילנער גאַסן מיט אַ קוילנוואַרפער!
נאָר לאַנג האָט מען ניט געטאָרט טראַכטן: צוויי אַזײגער דאַרף
אַהער קומען די בערלינער קאָמיסיע. אַנטקעגן דעם ייוואָ-בנין
געפינט זיך דער שטראָף־באַטאַליאָן פון עסעס. איבערן הויף דרייען
זיך אַרום אַלערליי מענטשן. איך האָב אַ נעם געטאָן דעם טשעמאָדאַן,
קוים אים אויפגעהויבן. זאַלבעצווייט האָבן מיר אים אַרײַנגעטראָגן אין קע-
לער פון בנין און פאַרגראָבן אין אַ קופּע צײַטונגען. דאָרט האָבן מיר אים
פאַנאַנדערגענומען און איין טייל אַרופגעטראָגן אין דער הייך אין בילדער-
צימער, דער קוילנוואַרפער זאָל אין יעדער פאַל ניט זײַן קיין גאַנצער.

אין דער זעלבער צײַט איז די פּאַרטיזאַנקע רייזל קאָרטשאַק
אַוועקגעלאָפן אָן אַ לאַטע אין שטאָט צו וויסן געבן די כאַווערים
אין געטאָ, מע זאָל קומען וואָס גיכער אָפּנעמען דעם קוילנוואַרפער.

דער בילדער-צימער איז מיט איין ווענטל געווען אָפּגעטיילט פון
מײַן זאַל. ער האָט געהערט, אַזוי צו זאָגן, צו מיר. אַלע ייִדישע
בילדער, אויפגעשלעפּטע פון קאָלערליי מוזייען, זײַנען צונויפגע-
בראַכט געוואָרן צו „מיר“ אין צימער. איך האָב זיי באַדאַרפט פאַר-
שרײַבן, נומערירן און שפּעטער זיי אַרײַנטראָגן אין בילדער־צימער
דורך אַ טיר, וואָס האָט פאַרייניקט ביידע צימערן. איך האָב גע-
נומען די לופע פון קוילנוואַרפער, זי צוגעדעקט מיט דרײַ בילדער.
אונטן, אָפּן סאַמע אײַזן, אַ פּאָרטרעט פון עסטער-ראָכל קאַמינסקי.
דאָס בילד איז פון טעאַטער-מוזיי באַם ייוואָ. די מאַמע פון ייִדישן
טעאַטער איז דאָרט יונג, שיין, מיט אַ שלייער אַריבערגעוואָרפן אַריבער
די האָר... דאָס צווייטע בילד, וואָס האָט באַפּאַנצערט דעם קוילנ-
וואַרפער, איז אַ צייכענונג פון מאַרק שאַגאַל. דאָס דריטע, סאַמע
אויבן, איז מינקאָווסקיס באַקאַנט בילד „פּליטים“ פון אַנסקי-מוזיי.
דעם אָנגעלאָדענעם דיסק פון קוילנוואַרפער האָב איך אַרײַנגעטראָגן
צו מיר אין מאַנוסקריפּטן-צימער, אים אַרײַנגעלייגט אין אַ טאַק-
טורענעם שאַכטל און אים צוגעדעקט מיט אַ טאַנאַך.

דאָס מיידל, וואָס איז אַוועקגעלאָפן אין שטאָט, האָט זיך אומ־
געקערט מיט אַ טרויעריקער ידיעה: קיטעל איז געקומען אין געטאָ
אַרעסטירן דעם קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע
וויטענבערגן. דער טויער ווערט שטאַרק געהיט, און עס איז הײַנט
ניט מעגלעך אַרײַנצוטראָגן דעם קוילנוואַרפער.

עס האָט זיכ דערהערט א סיגנאל פונ אנ אווטאָ. עס איז ארײַנ-געפאָרנ די בערלינער קאָמיסיע... פיר קנאקעדיקע דײַטשנ זײַנענ ארויס פונ דער מאשינ. אלע אינ ברוינע אוניפאָרמענ, ווי די מיט-ארבעטער פונ ראָזענבערג-שטאב, אונ אפ די ארבל שווארצע האקנקרייצנ אפ א רויטנ פאָנ.

די געסט זײַנענ ארופ אינ דער הייכ צו דער ספעציעלע צוגע-גרייטער אנטי-ייִדישער אויסשטעלונג. דאָרט זײַנענ געווענ אויסגע-שטעלט צענדליקער אנטיהיטלעריסטישע אויסגאבעס אונ קאריקאטורנ, געשאפענע דורכ ייִדנ אינ אלערליי שפראכנ אונ לענדער. דאָרט איז אויכ געווענ א ווינקל סאָוועטיקא מיט בילדער פונ סאָוועטישע אָנ-פירער אונ אויסגאבעס פונ מארקסיזמ. די גאנצע אויסשטעלונג איז געווענ אזוי געמאכט, אז מע האָט זי געקענט ווײַזנ אינ א סאָוועט-טישער שטאָט אָדער אינ אויסלאנד. עס האָט זיכ באקומענ פונקט פארקערט, ווי די דײַטשנ האָבנ פארטראכט: ניט קיינ אנטי-ייִדישע אויסשטעלונג, נאָר אנ אנטידײַטשישע.

די אויסשטעלונג איז טאקע ניט געפעלנ דער בערלינער קאָמיסיע. די דײַטשנ שרײַענ עפעס מיט וויסטע קוילעס, אונ כפאָר-קעטס עטוול קלאפנ נערוועז איבערנ קאָרידאָר.

איכ דערהער, ווי עס עפנט זיכ די טיר פונ בילדער-צימער. דורכגעפאלנ מיט דער אויסשטעלונג, האָט ספאָרקעט אפאָנעמ באשלאָסנ צו מעכאבעד זײַנ זײַנע געסט מיט די ייִדישע בילדער. איכ הער דורכנ ווענטל, ווי ער דארשנט וועגנ דעמ הויכנ ווערט פונ די בילדער אונ מיט וויפל שווערקײַטנ עס איז אימ אָנגעקומענ זיי צו געפינענ.

„דיזעס בילד שטעלט יודישע פליכטלינגע דאר" — הער איכ, ווי ספאָרקעט נעמט אראָפ דאָס בילד פונ מינקאָווסקי, אונטער וועלכנ עס ליגט די לופע פונ קוילנווארפער, אונ באווײַזט עס זײַנע בערלינער כאווירימ. איכ פיל, ווי מײַנ הארצ ווערט א קעסלגרוב. דאָס בלוט שפארט מיר אינ די אויגנ. באלד קומט פאָר די קאטאסטראָפע. מע וועט געפינענ די לופע אונ אכוצ די דרײַסיק ייִדנ, וואָס ארבעטנ אינ ייִוואָ, וועט מענ זיכער אומברענגענ די געטאָ! אונ ווער איז שולדיק? איכ! וויאזוי בינ איכ געווענ אזוי לײַכטזיניק? וואָס טוט מענ? ווי ראטעוועט מענ די ייִדנ? וואָס איז שולדיק די יונגע לע-רערנ, וואָס איר איינציקע טרייכט איז מאָרגנ זיכ טרעפנ מיט איר קינד, וואָס האָדעוועט זיכ בא א פויערטע. די יוגנט! ווי גיט מענ זיכ אנ אייצע? מיטאמאָל פאלט מיר אײַנ א מעשוגעדיקער געדאנק. ניטאָ קיינ צײַט אימ איבערצוטראכטנ, מע מוז האנדלענ גיכ.

איך לויף אַרײַן אין בילדער־צימער, שרײַ: „פּערצײַען זי״, לויף אַרויס צוריק דורך דער צווייטער טיר, און דורכן קאָרידאָר קום איך ווידער אין מײַן צימער. מיט דעם האָב איך געוואָלט אָפּווענדן זייער אויפמערק צו די בילדער. זאָלן זיי מיינען, אַז איך בין אַ משוגענער, אַבי צורו לאָזן די בילדער, אונטער וועלכע עס געפינט זיך די לופּע פון קוילנוואַרפער. די לערערן איז בלייך. זי שטויכט זיך אָן, אַז דאָ איז ערעוו אַן אומגליק. און מאָרגן דאַרף זי זיך זען מיט איר קינד. זי האָט צוגעגרייט פאַר אים אַ פּאָר בלויע שיכעלעך. ווו טוט מען זיי אַהין? די דײַטשן וועלן געפינען די שיכעלעך און אַרויס־קריגן דאָס קינד!

איך שטיי ווידער בײַ דער טיר, הער, וואָס עס טוט זיך אין בילדער־צימער. מײַן אַרײַנלויף האָט זיי צעטומלט: „ווער איז דער פאַריקטער יודע?״ האָט אַ הויכער דײַטש, ווי אַ שטייענדיקער שלאַנג, אַרויסגעצישעט. ספּאָרקעט האָט אים געפּרוווט פאַרריידן: אַראָפּגענומען דאָס צווייטע בילד, מאַרק שאַגאַלס צייכענונג. דער מאָלער איז אַ ייִד, וואָס האָט פאַרייִדישט די קונסט אין אייראָפּע, — קלערט אויף ספּאָר־קעט. אין קאָפּ ברענט מיר. דער גאָרגל ווערט מיר אויפגעקוועטשט ווי אין אַ פּויסט. די לעצטע פעסטונג איז עכטער־ראָכל קאַמינסקי! זי אַליין באַפּאַנצערט דעם קוילנוואַרפער. נאָך אַ סעקונד, און עס געשעט די קאַטאַכטראָפע. די לערערן דערשרעקט זיך פאַר מײַן אויסזען. צום צווייטן מאָל טו איך אַ ריס די טיר און שנײַד זיך אַרײַן מיט אַ געלאָפּ צווישן די דײַטשן. מײַנע הענט וואַרפן זיך פאָרויס, פון מײַן קאָפּ גיסט אַ שווייס, און ווילדע פאַרצווייפלונג טראָגט זיך פון מײַן יעדער באַוועגונג. די דײַטשן פאַרשטייען ניט, וואָס דאָ קומט פאָר. דער משוגענער ייִד האָט זיך דורכגעדרייט ווי אַ שעד דורכן צימער און איז ווידער נעלעם געוואָרן. ספּאָרקעט, מיט מאַרק שאַגאַלן פאַרגליווערט אין האַנט, ווייסט ניט מיט וואָס זיך צו פאַרענט־פערן, און דער שטייענדיקער שלאַנג רופט זיך אָפּ צו זײַנע כאַווײרים:

„שנעל. פאָרט אַאוס דיזעם אירען־האַוז!״ ס׳הייסט: גיך, לאָמיר זיך אָפּטראָגן פון דעם משוגאָים־הויז. און די דײַטשן האָבן בייזע, אַנטוישטע אַרויסגעמאַרשירט פון צימער.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר דעם קוילנוואַרפער אַרײַנגעטראָגן אין געטאָ, אים אויפגעשטעלט און זיך געגרייט אויפצונעמען דעם סוינע.

דעם 12-טן סעפּטעמבער 1943 האָט ער אונדז געהאָלפן דורכ־צורײַסן זיך דורך דער געטאָ, אַנטלויפן אין וואַלד און זיך אָנשליסן אָן אַ פּאַרטיזאַנישער מאַכנע.

# איציק וויטענבערג

דער אָרגאַניזאַטאָר און באַגײַסטערער פֿון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, איר קאָמאַנדיר איז געווען איציק וויטענבערג, געבאָרן אין 1907 אין ווילנע, אין אַן אַרבעטער-מישפּאָכע. ער האָט געענדיקט אַ ייִדישע פֿאָלקסשול און אַוועק זיך לערנען שטעפּערײַ. אין די אָוונטן, ווי עס דערציילן זײַנע כאַווייריִם, האָט ער אַ סאַך געלייענט. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פּאָליטישע אינטערעסן.

גאַנץ יונג האָט ער גענומען אַרבעטן אין דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג. ער האָט געהערט צו דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער האָט באַקומען די אַלגעמיינע סימפּאַטיע פֿון די אַרבעטער. אין 1936 האָט מען אים אויסגעקליבן אַלס פֿאָרזיצער פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַרייַן פֿון לעדער-אַרבעטער, וועלכן עס פֿלעגט אָפֿט אויסקומען צו אַרבעטן אין אומלעגאַלע באַדינגונגען. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פֿונעם ראַט פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַרייַנען אין ווילנע.



ב. שערעשניעווסקי, דער סעקרעטאַר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע בײַס דער דײַטשישער אָקופּאַציע.

סאָף אָקטיאַבער 1939 האָט ער זיך, אין שײַכעס מיט דער נײַער פּאָליטישער סיטואַציע, באַזעצט אין ווײַסרוסישן שטעטל דאָקשיץ, וווּ ער האָט זיך פֿאַרנומען מיט פּאָליטישער און קולטורעלער אַרבעט. אין יאָר 1940, נאָך דער אויסבילדונג פֿון דער ליטווישער כאָוועטן-רעפּובליק, איז ער צוריקגעקומען קיין ווילנע. ער איז געוואָרן דער פֿאָרזיצער פֿונעם פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַרייַן פֿון די לעדער-אַרבעטער. באַם אויסברוך פֿון דער סאָוועטיש-דײַטשישער מילכאָמע האָט וויטענבערג ניט באַוויזן זיך צו עוואַקוירן פֿון ווילנע. עס האָט זיך אָנגע. הויבן פֿאַר אים אַ שווערע

צײַט. מע האָט אים געזוכט ווי א קאָמוניסטישנ טוער. ארבעטנ אינ א דײַ-
טשישער אונטערנעמונג איז ער ניט געגאנגענ, אונ דאָס האָט נאָכ מער
געשטעלט זײַנ לעבנ אינ סאקאָנע. דאָ, אינ די 7 בלוטיקע געסלעכ, האָט
אים פארכאנט בלויז איינ געדאנק: צוגרייטנ א באוואָפנטנ ווידערשטאנד
קעגנ דעמ דײַטשישנ אָקופאנט. דער סעקרעטאר פונ דער אונטערערדישער
קאָמוניסטישער פארטיי-אָרגאניזאציע אינ שטאָט, איינער פונ די אקטיווסטע
פ. פ. אָ.-קעמפער בערל שערעשניעווסקי, האָט מיר געזאָגט וועגנ וויטענ-
בערגנ: „ער איז געווענ א פאָליטיש געשולטער מענטש. אינ די שווערסטע
סיטואציעס פונ אונדזער קאמפ אינ געטאָ האָט ער געפונענ אנ אויסוועג.
ער איז געווענ דרייסט אונ קלוג. יעדער סיטואציע פלעגט ער באטראכטנ
רויק מיט זײַנ כאראקטעריסטישער קאלטקײַט". אבע קאָוונער, וויטענבערגס
פארטרעטער, גיט צו: „ער איז געווענ איינער פונ די אויפריכטיקסטע
מענטשנ, וואָס איכ האָב ווענ-ניט-איז געזענ אינ לעבנ. דעריקער האָט מיכ
באגײַסטערט זײַנ פאָשעטע אונ אָביעקטיווע באהאנדלונג פונ פראָבלעמענ".

* * *

וויטענבערג, אונ זײַנ מיינונג האָט אָנגענומענ דער שטאב, האָט
געהאלטנ: דער ציל פונ דער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע אינ געטאָ
דארפ זײַנ — פארטיידיקנ די באפעלקערונג פונ געטאָ אינ געטאָ גופע.
אויב די אָרגאניזאציע זאָל אוועקגיינ פונ געטאָ, וועט עס הייסנ, אז
מיר לאָזנ איבער אָפ טויט די אומבאוואָפנטע באפעלקערונג.

ווענ עס האָט זיכ געשטעלט די פראגע וועגנ פארייניקנ זיכ
מיט דער פארטיזאנישער באוועגונג אינ וואלד, האָט זיכ וויטענבערג
געהאלטנ בא דער מיינונג: ווענ מיר וועלנ זיכ דערוויסנ, אז מע
פארמעכט זיכ אומצוברענגענ די געטאָ, וועלנ מיר רופנ די באפעל-
קערונג אונטער דער שוץ פונ אונדזער געווער דורכרײַסנ די טויערנ
אונ אוועקגיינ אינ וואלד. אגעוו איז בא וויטענבערגנ געווענ א פלאנ:
באמ פארלאָזנ די שטאָט אונטערצוצינדנ אלע מיליטערישע אָביעקטנ.
דער דאָזיקער פלאנ וויטענבערגס האָט געגאָלטנ ווי א שטעלונג פונ
דער פ. פ. אָ. ביזנ 16-טנ יול 1943.

דעמ 9-טנ יול 1943 זײַנענ ארעסטירט געוואָרנ אייניקע מיטגלי-
דער פונעמ שטאָטישנ פארטיי-קאָמיטעט. אפ מאָרגנ איז קיטעל געקומענ
אינ געטאָ אונ געפאָדערט וויטענבערגנ.

ווי א באווײַז, אז וויטענבערגנ דארפ מענ בלויז אויספאָרשנ,
האָט קיטעל פריער ארעסטירט איינעמ אנ אווערבוכ אונ נאָכ דער
אויספאָרשונג אימ גלײַכ באפרײַט. זאָל קומענ אויכ וויטענבערג, וועט

מענ אימ אויכ אויכפאָרשנ און באַפרייַענ. אפ קיטעלס שפּיצל האָט מענ זיכ אָבער פארשטאנענ. מע האָט געמאָלדנ, אז וויטענבערג איז געשטאָרבנ און באוויזנ קיטעלנ א פאלשנ שייַנ פונעמ שפּיטאָל אינ געטאָ. קיטעל האָט זיכ אָבער ניט באַרויִקט. ער האָט אריַינגעצויגנ אינ זייַנ שפּיל דעמ ייִדישנ פּאָליציי-שעפ פונ געטאָ, דעמ פארעטער דעסלער, וואָס איז געווענ אינ געטאָ קיטעלס א געהיימער אגענט. דעמ 15-טנ יול 1943, איינס באנאכט, איז אפ א באראטונג אינ ייִדנראט, ווו עס איז בייַגעווענ וויטענבערג, געקומענ פּאָליציי, ארעסטירט וויטענבערגנ און אימ געשמידט אינ קייטנ. באמ טויער פונ געטאָ האָט זיכ אָבער וויטענבערגנ מיט דער הילפ פונ עטלעכע פארטיזאנער אייַנגעגעבנ צו אנטלויפנ. עס איז דערקלערט געוואָרנ א מאָביליזאציע פונ אלע פארטיזאנער אינ געטאָ.

דעמ 16-טנ יול באגינענ זיינ אינ געטאָ אָנגעקומענ אנ אולטימאטומ: אויב ביז זעקס אָוונט וועט מענ ניט ארויסגעבנ וויטענבערגנ, וועלנ פונ קאָוונע קומענ עראָפּלאנענ און מיט באָמבעס פארברענענ די געטאָ. דערבייַ אָבער האָט קיטעל פארזיכערט, אז אויב וויטענבערג וועט קומענ אינ געסטאפּאָ, וועט ער אימ נאָכ דער אויספאָרשונג באפרייַענ.

צווישנ דער ייִדישער באפעלקערונג האָט זיכ אָנגעהויבנ א טראגיש געראנגל. איינ טייל האָט געהאלטנ: זיכ קעגנשטעלנ און פארטיידיקנ וויטענבערגנ, דער אנדער טייל האָט געהעצט די באפעלקערונג, אז די געטאָ איז ניט מעכויעוו אומצוקומענ צוליב איינ מענטשנ. א בייִזע ראָל האָט דערבייַ געשפּילט די אונטערוועלט, וואָס האָט זיכ א לאָז געטאָנ צו כאפּנ וויטענבערגנ. דער אָרגאניזירער פונ אָט די פינצטערע קויכעס איז געווענ דער דערמאָנטער דעסלער.

וויטענבערג איז געזעסנ אפ אָשמענער געסל נומ. 3, ווו מע האָט אופגעשטעלט די צענומענע קוילנווארפער, און האָט ארויסגעגעבנ באפעלנ, וויאזוי צו פירנ דעמ קאמפ, ווענ די דייַטשנ וועלנ אהער ארייַנקומענ. ער האָט ניט געגלייבט, אז די געטאָ וועט מענ פארווארפנ מיט באָמבעס. עס איז בלויז קיטעלס א דראָונג, כאָטש אונדז איז גוט באקאנט געווענ, אז פיל געטאָס האָט מענ יאָ פארוואָרפנ מיט באָמבעס. אזוי איז געשענ אינ גלובאָק, וואָלאָזשינ און בייס דעמ אופשטאנד אינ ווארשע.

די פאניק בא דער באפעלקערונג איז אלצ מער געשטיגנ. דער שטאב האָט באשלאָסנ, אז וויטענבערג זאָל אריבערגיינ אינ אנ אנדער אָרט, ווו קיינער ווייסט ניט. דעמלט האָט דער שטאב אינ געטאָ

אָפּגעהאַלטן א זיצונג. דער גרעסטער טייל אָנטיילנעמער האָט זיך ארויסגעזאָגט, אז מע קאָן ניט קעמפן קעגן די אייגענע ברידער אפילו דעמלט, ווען זיי זײַנען ניט גערעכט און פארשטייען ניט, אז דאָס פאָדערן וויטענבערגן איז נאָר א מיטל לײַכטער אומצו-ברענגען די געטאָ.

וויטענבערג האָט געהאַלטן, מע זאָל קיטעלן ניט נאָכגעבן, ווען אפילו מע ווער איז הײַנטיקן קאמף ניט מיטצײַען די גאנצע בא-פעלקערונג. אָניב אָבער די אָרגאניזאציע איז מיט אים ניט מאסקים, וועט ער באגייען זעלבסטמאָרד. נאָר דאָס באגייען זעלבסטמאָרד האָט ניט געקענט ראטעווען די לאגע: קיטעל האָט געפאָדערט א לעבעדיקן וויטענבערגן.

וויטענבערג האָט זיך געזעגנט מיט זײַנע כאווײרים, באשטימט אף זײַן אָרט דעם שטאַב-מיטגליד אבע קאָוונער און איז אוועק צום טויער.

דאָרט האָט שוין געווארט אף אים קיטעל. ער האָט אים ארײַנגענומען אין אווטאָ און אוועקגעפירט אין די קעלערן פון געסטאפּאָ.

אין געסטאפּאָ האָט מען אים גלײַך איבערגעגעבן אין די הענט פון מאקס גראָס, דעם ספּעציעלן אויספאָרשער פון פּארטיזאנישע איניאָנים.

אף מאָרגן האָט מען דעם קאָמאנדיר געפונען אין די קאָרידאָרן פון געסטאפּאָ. זײַנע האָר זײַנען געווען פארברענט. די אויגן—אויס-געשטאָכן, און די פארבונדענע הענט — צעבראָכן.

## נײַער טאָג־באפעל

נאָכן 16-טן יול, נאָך דעם, ווי די אָרגאניזאציע האָט פארלאָרן איר קאָמאנדיר, האָט זיך אָנגעהויבן אין געטאָ א טעראָר אף די אָנפירער און באזונדערע פארטיזאנער. די געסטאפּאָ האָט ארײַנגעשיקט אירע אגענטן אין געטאָ, און יענע האָבן נאָכגעשפירט יעדן טראָט פון די קעמפער. געסטאפּאָ האָט געפאָדערט, מע זאָל איר אָפּגעבן דאָס געווער. פארשטייט זיך, אז מע האָט דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן. דאָס געווער האָט מען געהיים אריבערגעטראָגן אין אנדערע פאר-מאסקירטע ערטער, און די מיטגלידער פון שטאב האָבן זיך זעלטן געוויזן אין די געסלעך.

נאָכן דורכפאל פונעם פארטיי-קאָמיטעט אין שטאָט איז אין ווילנע ארויפגעקומען אלבינע — אן אויסגעפרוווטע אלטע קאָמוניסט-קע, וואָס איז געשיקט געוואָרן דורכן צק פון דער ליטווישער

קאָמפּאַרטיי, קעדיי ווידער אופצושטעלנ די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אינ שטאָט. אלבינע האָט א וואָכ זיכ אופגעהאַלטנ אינ געטאָ, ווו זי האָט זיכ געגוי באַקאַנט מיט דער אַרבעט פונ דער פּ. פּ. אָ., אונ האָט געגעבנ אינסטרוקציעס דעמ ראַיאָנ־קאָמיטעט פונ דער קאָמפּאַרטיי אינ געטאָ. אינ יענע טעג איז אינ געטאָ געווענ זייער אומרויִק. אינ שטאָט זיינענ געכאַפּט געוואָרנ עטלעכע ייִדנ מיט געווער, אונ מע האָט זיכ געריכט, אז היינט־מאָרגנ וועלנ די דייטשנ אָנפאַלנ, קעדיי ענדגילטיק צו פאַרטיליקנ די פאַרבליבענע ייִדנ.

די פּ.פּ.אָ.־קעמפער האָבנ זיכ שוינ פונ לאַנג אָפּגעגעבנ א כעזשבנ, אז דער קאַמפּס־פּלאַצ פאַרנ פּאַרטיזאַנער איז דער וואַלד אונ ניט די אַרומגעצוימטע געסלעכ. אינ שטאָב האָט אָבער ביז דעמלט אַריבערגעוויגנ די פאַלשע מיינונג, אז מע דאַרפ פאַרטיידיקנ די געטאָ דאַפקע אינ געטאָ גופע.

אלבינע האָט פאַרטיידיקט די שטעלונג, אז די געטאָ־פּאַרטיזאַנער זאָלנ זיכ אַריבערוואַרפנ אינ וואַלד אונ זיכ איינשליסנ אינ די ליטווישע פּאַרטיזאַנישע מאַכנעס.

דער שטאָב האָט באַשלאָסנ צו ענדערנ די טאַקטיק פונ דער אָרגאַניזאַציע. עס איז אַרויסגעגעבנ געוואָרנ א טאָג־באַפעל, ווו עס ווערט געזאָגט: „אינ שייכעס מיטנ טעראָר אונ דעקאָנספּירירונג פונ דער אָרגאַניזאַציע נאָכנ 16־טנ יול זיינענ מיר געצווּנגענ זיכ צו עוואַקויִרנ אפ אַנדערע, פּאַרטיזאַנישע פּאָזיציעס". ס'הייסט—אַוועקגיינ אינ וואַלד.

עס איז פאָרמירט געוואָרנ די ערשטע גרופּע אונטער דער אָנפירער־שאַפט פונ יויסעפ גלאַזמאַנ. דעמ 22־טנ יול 1943 פאַרטאָג האָבנ זיכ אופגעקליבנ פינפ אונ צוואַנציק באַשטימטע קעמפער. יעדערנ זיינענ איינ־געטיילט געוואָרנ פּיסטאָלעטנ, טיילנ פונ קוילנוואַרפער אונ אווטאָמאַטנ.

די פּאַרטיזאַנער, מיט לאַטעס אפ די ברוסטנ, האָבנ אַרויסגעמאַרשירט ווי א קאָלאָנע, וואָס גייט צו דער אַרבעט. ווי א וועגווייזער איז מיטגעגאַנגענ דער ייִדישער פּאַרטיזאַנער פונ סווענציאַנ שיקע גערט־מאַנ. ער איז גראָד אינ יענע טעג געקומענ פונ די נאַראָטשער וועלדער, לויטנ אופטראָג פונ פּאַרטיזאַנישנ קאָמאַנדיר פונ וואָראָשילאָוו־בריגאַדע מאַרקאָוו, קעדיי אַרויסצופירנ פונ געטאָ באַוואָפנטע ייִדנ אינ וואַלד.

מאַרקאָוו האָט נאָכ מיט א צייט צוריק געשיקט א שאָלויעכ צו וויטענבערגנ, אז די ווילנער פּאַרטיזאַנער פונ דער געטאָ זאָלנ קומענ צו אימ אינ וואַלד. פּאַרטיזאַנער, האָט ער געשריבנ צו וויטענבערגנ, דאַרפנ קעמפנ אינ די וועלדער. אונ ער האָט אָנגעוויזנ די ריכטונג וווהינ צו גיינ.

ווען די גרופּע איז געקומען אין נײַ־ווילייקע, האָבן ייִדן, וואָס אַרבעטן דאָרט אין לאַגער, דערקענט, אַז די גרופּע גייט אין וואַלד, און 30 מאַן האָבן זיך אָן דער גרופּע אָנגעשלאָסן. צען קילאָמעטער הינטער ווילנע איז די גרופּע אַרײַן אין וואַלד, אופגעשטעלט די אווטאָמאַטן און קוילנוואַרפער, און מע איז שוין געגאַנגען ווײַטער ווי עכטע פּאַרטיזאַנער.

לעבן לאַווארישאָק האָט מען געדאַרפט אַריבערגיין אַ בריקל. ס'איז שוין געווען נאַכט. די אויסשפּירער זײַנען אַריבער דאָס בריקל אָן שטערונגען. דעמלט האָט דער קאָמאַנדיר גלאַזמאַן אָנגעהויבן צו שיקן איינציקווײַז די פּאַרטיזאַנער. אָבער ווי נאָר די ערשטע האָבן אָנגעהויבן צו מאַרשירן, האָט זיך געעפנט אַף דער גרופּע אַ פײַער. אין דער פינצטערניש האָט זיך אָנגעהויבן אַ שלאַכט. די פּאַרטיזאַנער, ווינציק געניט און צעטומלט פון פּלוצעמדיקן אָנפאַל, האָבן ניט באַוויזן צו פאַרנעמען די געהעריקע פּאָזיציעס פון פאַרטיידיקונג. אַ שווער זײַנען אויך געווען די אומבאַוואָפנטע, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין נײַ־ווילייקע, און גלײַך זײַנען געפאַלן אין שלאַכט די ברידער גאָרדאָן און דער העלדישער קעמפער ייִצחאָק מאַצקעוויטש. ראָזע שערעשניעווסקי און ראָכעלע בוראַקיסקי זײַנען געכאַפּט געוואָרן בײַם דער שלאַכט לעבעדיקע. דער קעמפער כאַזאַן האָט דערשאָסן צוויי דײַטשן. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, זײַנען אין דער שלאַכט אומגעקומען 5 פּאָליציאַנטן.

פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס זײַנען אַוועק אין וואַלד, זײַנען דערגאַנגען אין די נאַראָטשער וועלדער צו מאַרקאָווס בלויז 14. זיי האָבן עס דאָרטן אָרגאַניזירט די ייִדישע פּאַרטיזאַנער־מאַכנע „נעקאָמע“, וואָס האָט שפּעטער אַרײַנגענומען צו זיך בא אַ פיר הונדערט ייִדן: אַ העלפט ווילנער און די אַנדערע פון דער אַרומיקער פּראָווינץ.

אַף מאָרגן, נאָך דער שלאַכט אין לאַווארישאָק, איז געקומען אין געטאָ נויגעבויער און צוגענומען די מישפּאָכעס פון אַלע די, וואָס זײַנען נעכטן אַוועק פון געטאָ. כוץ דעם האָט ער צוגענומען און אַוועקגעפירט אַף פּאָנאַר 32 אָנפירער פון די בריגאַדעס, צו וועלכע עס האָבן געהערט די אַנטלאָפענע. מיט די בריגאַדירן האָט ער אויך צוגענומען זייערע מישפּאָכעס, צוזאַמען אַכציק מענטשן. עס איז אויך ליקווידירט געוואָרן דער אַרבעטס־לאַגער אין נײַ־ווילייקע, פונוואַנען עס זײַנען אַנטלאָפן די אַרבעטער.

גלײַכצײַטיק האָט נויגעבויער אַרויסגעגעבן אַ וואָרענונג, אַז פאַר יעדער אַנטלאָפענעם ייִד וועט ער צונעמען זײַן מישפּאָכע. און אויב דאָס וועט ניט אָפּשרעקן, וועט ער אויסשיסן אַלע אײַנוווינער פון דער

ווינונג און אפילע דעם גאַנצן הויף. כּוץ דעם וועדן אַלע אַרבעטנ־דיקע ייִדן אײַנגעטיילט אין צענדליקער. טאָמער אַנטלויפֿט איינער, ווערן דערשאָסן אַלע איבעריקע צוזאַמען מיטן בריגאַדיר. עס האָט זיך געשאַפֿן אַן אויסערגעוויינלעך טראַגישע סיטואַציע: וויאַזוי זאָל מען אַוועקגיין אין וואַלד, ווען פֿאַר יעדערן וועלן אין געטאָ פֿאַלן קאָר־באַנעס?

אין יענע טעג האָט געשטאַפּאָ אין דער ווילנער געטאָ צונויפֿ־געפֿירט די לעצט־געבליבענע ייִדן פֿון סוועניציאַן, רעשע, בעזדאַן און אַנדערשווו. די יוגנט פֿון די דערמאָנטע שטעטלעך זײַנען נאָך ניט געווען פֿאַרגליידערט, און די געשטאַפּאָ האָט ניט געוווּסט זייערע נעמען. דער שטאַב האָט זיך אָרגאַניזירט די פּראָווינצער יוגנט, זיי באַזאָרגט מיט געווער, און צוויי גרופּן, אונטערן אָנפֿיר פֿון מוישע מאַרק און שלוימע בעקער אַוועקגעשיקט אין וואַלד.

## ליזע רופֿט!

די ליקווידאַציע פֿון דער געטאָ האָט זיך געמערקט פֿון טאָג צו טאָג. דעם 1־טן אויגוסט 1943 האָט מען אַראָפּגענומען די ייִדישע אַרבעטער פֿון די 105 איינהייטן און מע האָט צוויי טויזנט מענער און פֿרויען געצוווּנגען צו גיין אַרבעטן אויפֿן אַעראָדראָם אין פּאָרובאַנעק און לעערעך אַזאַ צאָל אויפֿן באַן. אויף איבערמאָרגן, ווען די אַרבע־טער זײַנען אַוועק אין די דערמאָנטע אָרטער, זײַנען זיי געוואָרן אַרומגערינגלט דורך געשטאַפּאָ און פּאָליציי, און מע האָט זיי אָנגעהויבן צו פֿירן אין די צוגעגרייטע וואַגאָנעס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף. אַרום דרײַ הונדערט ייִדן זײַנען געבליבן טויטע אויף אַן אָרט, אויף די פֿעלדער. די איבעריקע, ניט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג, זײַנען אַרײַן אין די וואַגאָנעס, און דעם 6־טן אויגוסט האָט דער באַן זיי אַוועקגעפֿירט אין די קאָנצלאַגערן פֿון עסטלאַנד. אויפֿן וועג האָט זיך אַ פּאָר צענדליק אײַנגעגעבן צו ראַטעווען: זיי האָבן אויסגעשניטן די דילן פֿון וואַגאָנעס און זײַנען אַרויסגעשפּרונגען.

אין געטאָ איז אָנגעקומען אַ באַפֿעל: די עלטערן און די קרויווים פֿון אַלע די, וואָס מע האָט אַוועקגעפֿירט קיין עסטלאַנד, דאַרפֿן „פֿרײַוויליק" פֿאָרן צו זייערע נאָענטסטע. אויב עמעצער וועט זיך אָפּזאָגן און אַנטלויפֿן, וועט מען אָנשטאָט אים צונעמען אַלעמען פֿון דער ווינונג.

ווידער האָט מען אויפֿגעקליבן אַ טראַנספּאָרט ייִדן און זיי געשיקט צו די קרויווים פֿון עסטלאַנד. דעם 1־טן סעפּטעמבער 1943

איז די געטאָ פולשטענדיק געשלאָסן געוואָרן. עס איז געקומען נויגעבויער און געמאָלדן: פון היינט און ווייטער טאָר קיינער ניט ארויסגיין פון געטאָ. ארבעטן וועט מען דאָ גופא אין ספּעציעלע ווארשטאטן. אָבער אזויווי זעכצן טויזנט מענטשן איז צו פיל, וועט ער זעקס טויזנט עוואקוירן אין ווייוואריע און ריגע. דאָרט איז דאָ וויכטיקע ארבעט אין ספּעציעלע פאבריקן. און קעדיי איינצורעדן דעם עולם, מע זאָל פרייוויליק פאָרן, האָט ער פאלסיפיצירט בריוו, געשריבן קלוימערשט פון די ייִדן אין ווייווארי, אז די דאָרטיקע רופן צו זיך זייערע באקאנטע. נאָר אין געטאָ איז ניט געווען צו וועמען צו ריידן. די דערשראָקענע ייִדן האָבן זיך אלע באהאלטן אין זייערע מאלינעס.

דער שטאב פון פ. פ. אָ. האָט גלייך דערקלערט א מאָביליזאציע פון אלע מיטגלידער, עס זיינען טייקעף פאָרמירט געוואָרן ביידע באטאליאָנען. מע האָט אופגעשטעלט די קוילנווארפער, צעטיילט פאר די באזונדערע קעמפער רעוואָלווערן, גראנאטן און געווארט אפ א באפעל פון שטאב.

די ערשטע באריקאדע איז געווען אפ שפּיטאָל-גאס 6, אָבער איידער מע האָט באוויזן דאָרט צוצוטראָגן געווער, איז זי געוואָרן



די באריקאדע אפ סטראשון-גאס 12, נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן זי אופגעריסן מיט דינאמיט.

ארומגערינגלט דורכ די אָנגעפּלייצטע האָרדעס פּאָליציי, אונ א גרופּע גוטע קעמפּער האָט מענ גענומענ געפאנגענ.

פּארשפּעטיקט די ערשטע עפעקטיווע האנדלונג, האָט מענ געגרייט די פארטיידיקונג אפ סטראשונ-גאס 12. אונ ווי נאָר עס האָבנ זיכ דערנעענטערט אהינ די דײַטשנ, האָט איליא שיינבוים, דער קאָמאנדיר פונ דער באריקאדע, דער ערשטער געשאָסנ אינ א גרופּע דײַטשנ, וואָס האָבנ געפּרוווט זיכ ארײַנרײַסנ אינ מויער. די דײַטשנ האָבנ ארויסגערופנ פארשטארקונג, אונ הונדערטער מערדער האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ איבערנ געטאָ אונ געעפנט א פײַער אפ סטראשונ-גאס 12. דער קאָמאנדיר שיינבוים, וואָס האָט פונ אנטקעגנדיקנ פּענצטער געשאָסנ אינ די דײַטשנ, איז דער ערשטער געפאלנ אפ די הע:ט פונ זײַנע כאווירים. די קעמפערנ רייזל קאָרטשאק האָט איבערגענומענ די פירערשאפט.



דער קאָמאנדיר פונ דער באריקאדע אפ סטראשונ-גאס נומ. 12 איליא שיינבוים.

באגעגנט א ווידערשטאנד, האָבנ די דײַטשנ אונטערגעלייגט דינאמיט אונטערנ מויער, ווו ס'האָבנ זיכ געפונענ די קעמפער. דער מויער האָט זיכ אופגעריסנ אינ דער לופט, אונ בא הונדערט מענטשנ זײַנענ פארשאָטנ געוואָרנ אונטער שטיינ אונ ציגל.

נאָכדעמ האָבנ די דײַטשנ גענומענ אופרײַסנ מיט דינאמיט יעטווידער פונקט, ווו ס'האָבנ זיכ פארבאריקאדירט פּארטיזאנער. גלײַכצײַטיק זײַנענ הונדערטער יִדנ געכאפּט געוואָרנ אינ מאלינעס, אונ מע האָט זיי אָפּגעשיקט אפ דאָסע-גאס אינ די גערטענער פונ געסטאפּאָ, ווו עס איז געוואָרנ צוגעגרייט א טראנספּאָרט אָפּצושיקנ קיינ עסטלאנד.

דערהערט, אז מע רײַסט מויערנ, זײַנענ א סאכ יִדנ, ניט פארשאָטנ צו ווערנ אינ די מאלינעס, פרײַוויליק ארויס אונ זיכ

געלאָזן פירן קיין עסטלאַנד. אַזוי האָט זיך איבערגעכאַזערט ביזן 4-טן סעפטעמבער. יעדן טאָג האָט מען פון געטאָ ארויסגעפירט מענטשן. איין טאָג האָבן די דײַטשן גענומען בלויז מענער, א צווייטן טאָג — פרויען. ווען א פרוי האָט געוואָלט מיטגיין מיט איר טאַטן אָדער מאַן, האָט נויגעבויער ניט דערלויבט. פיל פרויען האָבן זיך דעמלט אָפגעשאָרן די האָר, זיך אָנגעטאָן אין הויזן, און בלויז אַף אַזאַ אופן געהאַט דאָס „גליק" אוועקצופאָרן קיין עסטלאַנד.

די מערהײַט פון דער אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיטן שטאַב, האָט זיך געפונען דעמלט אין דער באַריקאַדע אַף סטראַשון-גאַס 6 — אין דער ביבליאָטעק „מעפיצע-האַסקאָלע". דאָ איז קאָנצענטרירט געווען דער וויכטיקסטער קויעך און די מערהײַט געווער. גרייט צו פאַלן אין קאַמף פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אונדזער קאָוועד, האָט דאָרט יעדער געלויערט פון זײַן פאָסטן און געוואַרט אַף אַ באַפעל א דריק צו טאָן דאָס צינגל. וועגן פאַרטיידיקן די ארויסגעפירטע יידן האָט ניט געקענט זײַן קיין רייד, ווײַל פאַר יענע האָט זיך אַצינד אויסגעדאַכט, אַז זייער איינציקע רעטונג איז ווײַוואַרי. פאַר די קעמפער פון דער לעצטער באַריקאַדע איז געבליבן איצט איינס: אופנעמען א שלאַכט מיט די דײַטשן, וואָס וועלן פרוּוון זיך דערנענטערן צו דעם מויער. אָבער די דײַטשן זײַנען צו סטראַשון-גאַס 6 ניט דערגאַנגען. דעם 4-טן סעפטעמבער אין אָוונט, נאָך דעם, ווי מע האָט ארויסגעריכן פון געטאָ פאַר די עטלעכע טעג באַ אַן אַכט טויזנט מענטשן, האָבן די האָרדעס באַקומען א באַפעל ארויסצוגיין פון געטאָ.

אַף מאָרגן, ווי ס'וואָלט גאָרניט געשען, זײַנען געקומען קיטעל און נויגעבויער און האָבן געמאָלדן: די געטאָ בלײַבט ווי געווען. אַלע וועלן אַרבעטן אין די נײַ-אויסגעבויטע וואַרשטאַטן. עס איז געקומען א באַשטעלונג איבערצואַרבעטן פופציק טויזנט פאַר וואָליקעס און איבערצונייען צען טויזנט שינעלן. אַלץ, וואָס איז נייטיק פאַר דער געטאָ, וועט דאָ ווערן אַרײַנגעפירט. מע זאָל אַרבעטן פלײַסיק ווי פאַר זיך אַליין.

## דורך די רערן פון דער קאַנאַליזאַציע

קיינער, באַזונדערס די קעמפער פון פ. פ. אָ., האָט ניט געגלייבט דער פאַרזיכערונג פון געסטאַפּאָ. מ'האָט אײַליק גענומען אָרגאַניזירן גרופן, יעדער טאָג האָבן זיי זיך דורכגעריסן דורך דער ארומגעצוימטער געטאָ. מע האָט געצויגן קיין נאַראָטש, אין דער יידישער פאַרטיזאַנישער מאַכנע „נעקאָמע".



א געסל פֿונ ווילנער געטאָ נאָכ דער ליקווידאציע.

דעם 8־טנ 9-טנ און 10־טנ סענטיאבער 1943 האָבנ דורכ געזיימע ארויסגעגנ זיכ דורכגעשלײַכט באוואָפּנטע גרופּנ. דעם 12-טנ אינ אָוונט האָב איכ זיכ אויכ דורכגעריסנ מיט נאָכ דרײַסיק כאוויירים דורכ דער געטאָ און אוועק אינ אַנ אָפּגערעדטער ריכטונג זיכ צו טרעפֿנ מיט די אנדערע אינ דעם גוט מארקוציע, לעבנ פּושקינס מוזיי. די ארויספֿירערנ פֿונ אלע גרופּנ איז געווענ זעלדע טרעגער, וואָס איז ארומגעגאנגענ אָנ לאטעס אינ שטאָט און אָנגעזאָגט די קעמפֿער, וווהינ מע זאָל גײנ, אויסמײַדנדיק די זשאנדארמענ. זעלדע איז ארומגעלאָפֿנ איבערנ שטאָט ווי אַ וויכער. יעדער צווייטע שאָ איז זי געווענ אינ געטאָ. צענ קילאָמעטער הינטער ווילנע, באם אריבערגײנ די באנ-רעלסנ, האָבנ מיר געהאט דעם ערשטנ צוזאמענטרעף מיטנ סוינע. מיר האָבנ זיכ דורכגעריסנ דורכ דער דײַטשישער וואכ און אוועק ווײַטער צו דעם אָנגעמערקטנ ציל. דערבײַ האָבנ מיר פֿארלאָרנ אײנ קעמפֿער.

דעם 14-טנ סענטיאבער איז דער יידנ-פֿאָרשטײער גענס פֿאר זײַנ פֿארבינדונג מיט די פּארטיזאנער דערשאָסנ געוואָרנ דורכ נויגעבויערנ אפֿנ הויפֿ פֿונ געסטאפּאָ. אפֿ זײַנ אָרט איז באשטימט געוואָרנ דער געסטאפּאָ-אגענט דעסלער. אינ א פּאָר טעג ארום אָבער איז דער נײַער מוישל אנטלאָפֿנ מיט זײַנ קנופּיע פֿונ דער געטאָ, ווײַל ער

האָט פארשטאנענ, אז היינט-מאָרגנ וועט אויכ קומענ זיינ ריי. דעמלט איז אפּסניי געוואָרנ ארומגערינגלט די געטאָ. בא יעדער ראָג זיינענ געשטאנענ קוילנווארפער. באנאכט האָט מענ באלויכטנ די מויערנ מיט רעפלעקטאָרנ. די געבליבענע באפעלקערונג איז געלעגנ אינ מאלינעס. די קעמפער פונ פ. פ. אָ. האָבנ זיכ אלע פארבאריקאדירט אפ סטראשונ-גאס, 6, זוכנדיק א גינסטיקנ מאָמענט, וויאזוי זיכ ארויסצוררייסנ פונ געטאָ, ארויסטראָגנ מיט זיכ דאָס געווער. אזויווי אינ געטאָ איז געווענ אָנגעוואָרפנ פיל טויטע, האָט מענ באקומענ א דערלויבעניש זיי ארויסצופירנ אפנ בעסוילעם. אונטער די ארויס-געפירטע מייסים האָט מענ אוועקגעלייגט די קוילנווארפער אונ זיי געבראכט אפנ זארעטשער בעסוילעם. דאָרט האָבנ שוינ געווארט א פאָר כאווייריִמ, אונ מע האָט באגראָבנ די קוילנווארפער אינ א באשטימטנ אָרט.

דעמ 23-טנ סענטיאבער 9 פרי איז אינ געטאָ ארייַנגעפאָרנ קיטעל אונ אָפיציִעל געמאָלדנ, אז די געטאָ ווערט ליקווידירט. ביז 12 אזייגער דארפנ זיכ אלע איינפאקנ אונ זיינ גרייט ארויסצופאָרנ אינ די ארבעטס-לאגערנ אינ עסטלאנד. אזויווי קיינ אויסוועג איז ניט געווענ, האָט זיכ דער אוילעמ אָנגעהויבנ גרייטנ. די לעצטע גרופע פונ פ. פ. אָ. איז געבליבנ אינ קלעמ: אָנ קוילנווארפער אונ אָנ דער מעגלעכקייט זיכ דורכצוררייסנ דורכנ פאָליציייִשנ קאָרדאָנ. די לעצטע צוויי הונדערט קעמפער צוזאמענ מיטנ רעשטל געווער האָבנ זיכ דעמלט אראָפּגעלאָזנ אינ א קאנאליזאציע-רער, קעדיי דורכ דאָרט זיכ דורכצוררייסנ הינ-טערנ שטאָט אינ אוועקגייִנ אינ דער רודניצקער פושטשע — א וויכטיקער צענטער פונ דער ליטווישער פארטיזאנישער באוועגונג, מיט וועלכער מע האָט שוינ באוויזנ אָנצובינדנ א קאָנטאקט.

דער אריינגאנג אינ דער קאנאליזאציע-רער האָט געפירט פונ ספּאָקאָיניס ווארשטאטנ, דייטשישע גאס 31. דאָרטנ איז געשטאנענ א גרויסער קאכלנער אויוונ. אונטער אימ איז געווענ אנ עפענונג, פונ וועלכער קיינער האָט ניט געוווסט, כוץ דעמ שטאב פונ פ. פ. אָ. אראָפּגעלאָזנ די קעמפער אינ דעמ שמוצ האָט מענ גרופנווייז. מיט יעדער גרופע האָט אָנגעפירט אנ ארבעטער פונ דער קאנאליזאציע, וואָס האָט געוווסט דעמ וועג. די קאנאליזאציע-רערנ זיינענ פונ פארשיידענער מאָס — פונ א מעטער מיט אכציק אפ די הויפט-גאסנ ביז רערנ פונ פערציק סאנטימעטער אונטער די קלענערע געסלעכ. מע האָט געמוזט קריכנ אפ די קני אינ דעמ שמוצ. דערביי נאָכ האָט מענ געטראָגנ דאָס געווער ארומ לייב אונ וויכטיקע דאָקומענטנ.

פיר שאָ האָט מענ געוואָגלט דורכ די טרויבנ. דורכ א טעלעפאָנ-סיסטעמ האָט מענ איבערגעגעבנ באפעלנ די גרופנ, צי מע קאָנ גייִנ ווייַטער אונ אינ וועלכער ריכטונג. ווענ די גרופנ זייַנענ געבליבנ שטייִנ, האָט זיכ דער שמוצ אופגעהויבנ אונ דערגרייכט ביזנ האלדז. מע האָט געמיינט, אז די דייַטשנ האָבנ זיכ דערוווּסט אונ אָנגענומענ מיטלענ צו פארטרינקענ די וואָגלדיקע קעמפער. שפּעטער האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דער שמוצ האָט געשטיגנ דערפאר, ווייַל מע האָט זיכ אָפּגעשטעלט. א גרופע האָט אינ ווענ פארבלאָנדזשעט אונ ניט געוווּסט וווהינ צו גייִנ. גייִנ אפ צוריק איז געווענ שווער אונ אפילע טיילמאָל אוממעגלעכ, ווייַל דער שטראָמ האָט געטראָגנ מיט זיכ, אונ ווענ מע האָט געפרוּווט זיכ לאָזנ קעגנ שטראָמ, האָט דער שמוצ אריבערגעפּלייצט איבערנ קאָפּ. מענטשנ האָבנ דאָרט געכא-לעשט, געוואָרנ מעשוגע. געווענ אויכ א פאל פונ באגייִנ זעלבסטמאָרד. דערצו נאָכ האָט מענ געמוזט גייִנ זייער פּאָרזיכטיק, ניט ריידנ קייִנ וואָרט, ווייַל דורכ די קאנאליזאציע-דעקנ אויבנ האָט מענ געקאָנט דערהערנ.

ענדלעכ איז מענ דערגאנגענ אונטער דער ערד צו איגנאטאָווער 5, אפנ הויפ פונ דער ליטווישער קרימינאל-פּאָליציי, ווו ס'איז באשטימט געווענ דער ארויסגאנג. דאָרטנ האָבנ שוינ געווארט סאָניע מאדייסקער, וואָס האָט געלעבט אונטער א פאלשנ נאָמענ אינ שטאָט, אונ צוויי ליטווישע פּאָליציאנטנ, מיט וועלכע מיר זייַנענ געווענ פארבונדנ. נאסע, שמוציקע האָט מענ קוימ זיכ ארויסגעהויבנ פונ דער ענגער פארמאסקירטער לאָכ אונ ארייַנ אינ קעלער זיכ א ביסל אָפּצורייניקנ. דערנאָכ האָט מענ פאָרווייַז ארויסגעשטעלט די קעמפער, זיי געהייסנ אָנלאָדנ דאָס געווער אונ אוועקגייִנ אפ סובאָטש אינ אנ אלטנ גוט. די שטאָט איז כויל געווענ מיט זשאנדארמענ אונ אגענטנ. די קעמפער האָבנ אינ ווענ איינע די אנדערע פארלאָרנ. עס איז אויכ פאָרגעקומענ א צוזאמענשטויס מיט די היטנדיקע זשאנדארמענ. די קעמפער האָט זיכ אייַנגעגעבנ דורכצושנייַדנ די שטאָט. מע האָט אויסגעגראָבנ אפנ בעסוילעמ די קוילנוואָרפער אונ מיט דעמ געווער אפ די אקסלענ, שוינ ווי עמעסע פארטיזאנער, אָנגעקומענ אינ דער רודניצקער פּושטשע.

## דרייַ העלדנ

צוזאמענ מיט די לעצטע קעמפער פונ דער גויסעסדיקער ווילנער געטאָ האָבנ זיכ דורכגעריסנ דורכ די קאנאליזאציע-רערנ די צוויי שטאב-מיטגלידער יאנקל קאפלאנ אונ אווראָמ כוואָיניק, ווי אויכ די

באטאליאָן-פאַרבינדלערן פון פ. פּ. אָ. די סטודענטקע אסיע ביג. צו־זאמען זײַנען זיי ארויסגעקראָכן דורכן דער עפענונג אַפ איגנאטאָווער געסל און זײַנען אוועק דורכן שטאָט אפ סובאָטש צום אָפּגערעדטן זאמל-אָרט.

אפן ראָג ברייטער און רודניצקער, לעבן קינאָ קאסינאָ, האָט זיי פארהאלטן א דײַטשישער פאטרול. די דײַטשן האָבן געפאָדערט דאָקומענטן. די דרײַ האָבן ארויסגעכאפּט פיסטאָלעטן. לעבן קינאָ זײַנען פול געוועןן דײַטשישע הויכע באאמטע. קאפּלאנס א קויל האָט גע־טראָפן, ווי מע דארף. עס איז געטייט געוואָרן מאקס גראָס, דער אויספאָרשער פאר פארטיזאנישע אינ־יאָנים אין ווילנער געסטאַפּאָ, צוזאמען מיט אים איז אויך געפאלן א הויכער באאמטער פון קאָוונע — א סוואָרע דער שטורעמפירער פון דער דאָרטיקער געסטאפּאָ. קאפּלאן, כוואָיניק און אסיע ביג האָבן אלע זייערע קוילן באוויזן איינצוטיילן די דײַטשן. אין דאָרשט נאָך נעקאָמע איז פאר זיי א שאָד געווען איבערצולאָזן צו איינציקע קוילן פאר זיך. און די דרײַ קעמפער האָט מען נאָכדעם אריינגעכאפּט לעבעדיק.

מע האָט זיי געבראכט אפ ראָסע-גאס אין די גערטענער, ווו עס זײַנען סאָרטירט געווען די לעצטע יידן, ערעוו זייער אָפּפאָרן קיין עסטלאנד.

קיטעל האָט דאָרט אופגעשטעלט דרײַ טליעס: פאר דעם לערער יאנקל קאפלאן, פארן אדוואָקאט אווראָם כוואָיניק און פאר דער צוואנציקיעריקער סטודענטקע אסיע ביג. ער האָט אופגעקליבן אלע יידן און געוואָרנט: אזוי וועט געשען מיט יעדערן, וועד ס'וועט זיך נאָר דערוועגן ארויסצושטרעקן א האנט קעגן דײַטשן. און ער האָט די דרײַ העלדן אופגעהאנגען.

## סאָניע און יוליאן

ווען די געטאָ איז געוואָרן ליקווידירט און די פארטיזאנישע אָרגאניזאציע האָט זיך אריבערגעוואָרפן אפ קאמפ-פּאָזיציעס אין וואלד, איז אין שטאָט געבליבן ווינעג, אפ פוילישע פאפירן, א ליכטיקע געשטאלט פון דער רעוואָלוציאָנערער ווילנע — סאָניע מאדייסקער.

אין די ערשטע טעג פון דער דײַטשישער אָקופאציע, ווען דאָס געזעלשאפטלעכע לעבן אין שטאָט איז אָפּגעשטאָרבן, און מער ווי אפ אלעמען האָט זיך אראָפּגעלאָזט דער צאָרן איבער דער יידישער באַ־פעלקערונג, איז סאָניע געווען פון די וויניציקע, וועלכע האָבן זיך ניט פארלאָרן. אין געטאָ האָט זי אָרגאניזירט דעם קאָמסאָמאָל; זיך פארבונדן מיט די שטאָטישע ארבעטער; איז געוואָרן פון די אקטיווסטע

מיטגלידער פונעם שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט. גלײַכצײַטיק אַרבעט זי אין דער רעדאַקציע פון דער אומלעגאַלער צײַטונג „שטאַנדאַר וואָלנאָשצי״.

נאָכן דורכפאַל פון וויטאַס און קאָזלאָווסקי ווערט סאָניע די וויכטיקסטע אָנפירערן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין שטאָט. בײַ דער ליקווידאַציע פון דער ווילנער געטאָ ווערן אונטער איר אָנפירונג אַריבערגעוואָרפן הונדערטער ייִדישע קעמפער אין דער ליטווישער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע. סאָניע בלײַבט אין שטאָט. זי גיט אַרויס צײַטונגען און פּראָקלאַמאַציעס צו דער פּוילישער און ליטווישער באַפעלקערונג.

נאָך דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ האָבן די דײַטשן נאָך איבערגעלאָזן אין שטאָט אין די ייִדישע לאַגערן אַרום דרײַ טויזנט ייִדן. אין איינעם פון אָט די לאַגערן, אין „קײַליס״, פלעגט סאָניע קומען יעדער זונטיק אָרגאַניזירן גרופּן, באַזאָרגן זיי מיט געווער און מיט ספּעציעלע מענטשן אַריבערוואַרפן אין וואַלד.

דער פאַלשער פּאַס פון דער העלדישער קעמפערן סאָניע מאַדייסקער, וואָס האָט אַ צײַט געלעבט אין שטאָט ווי אַ פּוילישע אונטערן נאָמען קאַטאַזשינאַ ראָמאַנאָווסקאַ.

צוזאמען מיט סאָניען האָט דעמלט געאַרבעט יוליאַן יאַנקאַוסקאַס — דער געוועזענער דירעקטאָר פון דער פאַבריק „פלאַקאַטאַס“. ער האָט אויסבאַהאַלטן אין זײַן וווינונג ניט איין ייִדן און האָט צוגעשטעלט פיל געווער פאַר די פּאַרטיזאַנער אין געטאָ.

יוליאַן איז געוואָרן אַרײַנגעצויגן אין דער אונטערערדישער אַרבעט. ער האָט אָרגאַניזירט אַרום זיך אַן אַקטיוו פון ליטווישע אַרבעטער, און אַפילו איינציקע פּאָליציאַנטן האָט ער איבערגעצויגן צו זיך. יוליאַנס אויסזען האָט זיך געענדערט. ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ באָרד, מע זאָל אים ניט דערקענען. אויף זאַרעטשער 3, אין אַ פאַרמאַסקירט צימערל האָט געוווינט סאָניע. אַהין האָט זיך אויך איבערגעקליבן יוליאַן. ביידע האָבן ליב געהאַט די וועלט, פאַר וועלכער זיי האָבן געקעמפט.

עטלעכע כאַדאָשים פאַר דעם, איידער עס האָט אַרײַנגעמאַרשירט אין ווילנע די רויטע אַרמיי, האָט אַ שטאַרקע געסטאַפּאָ-וואַך אַרומגערינגלט זאַרעטשער גאַס, און צענדליקער דײַטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו זאַרעטשער 3.

פאַר יוליאַנס און סאָניעס קאָפּ האָט מען שוין לענגער צוגעזאָגט אַ באַלוינונג. ביידע האָבן זיך פאַרטיידיקט: געשאָסן אויף די באַלאַגערער דורך די פענצטער און אַוועקגעלייגט אויף טויט עטלעכע געסטאַפּיסטן.

געטראָפן דורך אַ קויל, איז יוליאַן געפאַלן טויט. סאָניע האָט די לעצטע קויל אַרײַנגעשאָסן אין זיך.

צום אומגליק, האָט די קויל זי בלויז פאַרוווּנדעט. געסטאַפּאָ האָט זי אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, אויסגעהיילט זי און געפּרוּווט עפּעס-וואָס פון סאָניען זיך דערוויסן. ווען מע האָט פון איר ניט אַרויסבאַקומען קיין איין וואָרט, האָט מען זי געבראַכט צו פּײַניקן אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ.

## דער העמשעך אין וואַלד

די קעמפער פון ווילנער געטאָ האָבן זיך איבערגעוואָרפן אין וואַלד. דער ווידערשטאַנד אין געטאָ האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס אַרויסגעגליטשט פון אונדזערע הענט. ניט אַזוי, האָבן מיר זיך פאָרגעשטעלט, וועט דער קאַמף אויסזען. די אידייע צו פאַרטיידיקן די צוואַנציק טויזנט מענטשן אין געטאָ, ניט פאַרבונדן מיט דעם אַלגעמיינעם ציל — פאַרטיליקן די דײַטשישע אָקופּאַנטן, האָט זיך ניט באַרעכטיקט. עס איז אָן סאָפעק, אַז מיטן אומקום



א גרופע פון דער פארטיזאנער־מאכט „נעקאָמענעמער“.

פון קאָמאַנדיר וויטענבערג האָט די אָרגאַניזאַציע באַקומען א קלאַפּ אין איר יעסאָד. היינט מוזן מיר מודיע זיין, אז דער באַשלוס פון שטאַב, וויטענבערג זאָל זיך איבערגעבן ווי א קאָרבן פאַר די 20 טויזנט, איז געווען א פעלער.



שמועל קאַפּלינסקי, אינסטרוקטאָר פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ און שפּעטערדיקער קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנער־מאַכנע „פּאַרן ניצחון".

אַף די קאַמפּס-פּאָזיציעס אין וואַלד האָבן זיך די ווילנער איבערהויפּט קאָנצענטרירט אין צוויי באַזעס: בא דער אָזערע נאַראָטש און אין דער רודניצקער פּושטשע. די מאַכנע „נעקאָמע" באַם נאַראָטש האָט לאַנג זיך ניט אופגעהאַלטן ווי א דורכויס יידישע. די קעמפער זיינען פאַרטיילט געוואָרן אין פאַרשיידענע באַזונדערע מאַכנעס פון מאַרקאָווס בריגאַדע. נאַראָטש איז ווייט פון ווילנע איבער הונדערט קילאָמעטער. די ווילנער פּאַרטיזאַנער יידן האָט געצויגן נעענטער צו זייער היימשטאָט. צענדליקער קעמפער זיינען אוועק אין די ליטווישע באַזעס.

פיל ווילנער זיינען אוועק פון נאַראָטש אין דער רודניצקער פּושטשע (פּערציק קילאָמעטער פון ווילנע), ווו ס'האָבן שוין דעמלט עקזיסטירט פיר דורכויס יידישע מאַכנעס, געוועזענע מיטגלידער פון פ. פּ. אָ., וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך די רערן פון דער קאַנאַליזאַציע. די דאָזיקע מאַכנעס האָבן זיך געפונען אין רעשוס פון בריגאַדע-קאָמאַנדיר יורגיס (זימאַן).

די צוויי מאַכנעס „קאַמפּ" און „א טויט דעם פאַשיזם", אָנגעפירט פונעם קאָמאַנדיר בערל שערעשניעווסקי און אראָנע אראַנאָוויטש (אומגעקומען אין קאַמפּ), האָבן זיך לאַנג ניט געהאַלטן ווי באַזונדערע איינסן. זיי זיינען אוועק אין דער נאַטשער פּושטשע

און האָבן זיך פאַרייניקט מיט די ליטווישע טיילן. דורכויס ייִדישע אָטריאַדן זײַנען געבליבן צוויי: „נעקאָמעמער" און „פאַרן ניצחון". דער קאָמאַנדיר פון דער ערשטער מאַכנע איז געוואָרן אַבאַ קאָוונער, אַ כאַוועריש יונג און אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר. אין אַלע וויכטיקע אָפּעראַציעס האָט קאָוונער זיך אַליין באַטייליקט. שמואל קאַפּלינסקי, אינסטרוקטאָר פון פ. פּ. אָ. אין געטאָ, איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דער מאַכנע „פאַרן ניצחון". זײַנע קעמפער, וועלכע ער האָט באַזאָרגט מיט געווער, האָבן אים געאַכט און ליב געהאַט. דער שטאַב פון די ביידע מאַכנעס (איבער צוויי הונדערט קעמפער) איז געווען אַ געמיינזאַמער.

פאַר די ערשטע דרײַ כאָדאָשים פון זייער קאַמף האָבן די צוויי ייִדישע מאַכנעס זיך באַזאָרגט מיט געווער. זיי האָבן דורכגעפירט דרײַ באַן־קאַטאַסטראָפעס. בײַם דער ערשטער זײַנען אַראָפּ פון די רעלסן צוועלף וואַגאָנעס מיטן לאָקאָמאָטיוו. בײַם דער צווייטער — זעקס וואַגאָנעס פול געפּאַקטע מיט דײַטשן. בײַם דער דריטער — אַפן וועג ווילנע — אָראַני זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן צוויי הונדערט היטלעריסטן. אין זשעגאַרין און לעבן דראַגוטשי האָבן די קעמפער אויפגעריסן דרײַ בריקן. אין אָלקעניק — אויפגעריסן אַ דײַטשישע אונטערנעמונג און מיטגעהאָלפן צעקלאַפּן און פאַרברענען אַ דײַטשישן גאַרניזאָן פון אַוו־טאָמאַטלער און קוילנוואַרפלער אין גרויסן באַפעסטיקטן דאָרף קאָניוכי.

נאָך דעם, ווי די מאַכנע „נעקאָמענעמער" האָט דערוואָרבן טאָל און מער קוילנוואַרפער, האָט זי אָנגעהויבן צו פירן די רעלסן־מילכאָמע. דער קעמפער איסאַק רודניצקי האָט אַליין אַף זײַן קאָנטע צוועלף עשעלאָנען אַף די ברייטע און דרײַ עשעלאָנען אַף די שמאָלע ליניעס (קליינבאַן). ער האָט אָנטייל גענומען מיט נאָך פיר כאַוויירים אין אויפרײַסן די עלעקטרעסטאַנציע אין כווענציאַן. זײַן גרופּע האָט געבראַכט אין געפאַנגענשאַפט 4 היטלעריסטן און האָט באַפרײַט דעם פּאַרטיזאַן סעבעיאָנאָוו פון כווענציאַנער שפּיטאָל.

וויטקע קעמפנער, די העלדן פון דער ערשטער דיווערסיע, האָט ערשט אין וואַלד געוויזן, וואָס זי קען. אין אָקטיאַבער 1943 האָט זי מיט אַ כולן טשעמאָדאַן מינעס אין מעשעך פון איין נאַכט דורכגעמאַכט צופוס פערציק קילאָמעטער און זיך אַרײַנבאַקומען אין ווילנע. זי האָט דאָרט אויפגעריסן די שטאָטישע עלעקטרעסטאַנציע מיט די וויכטיקסטע עלעקטרישע טראַנספאָרמאַטאָרס. מיט דעם האָט זיך אָבער וויטקע ניט באַנוגנט. אַף מאָרגן באַנאַכט האָט זי זיך אַרײַנבאַקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „קײַליס" און אַרויסגעפירט פון דאָרט

זעכציק מענטשן צו די פארטיזאנישע באזעס. וויטקע האָט אָרגאַניזירט די אויסשפּיר-גרופּע פון דער מאכנע „נעקאָמענעמער". זי האָט אָנטייל גענומען אין באַן-אויפרייס לעבן אָראַן, ווו עס זיינען צעריסן געוואָרן צוויי הונדערט דייטשן. מיט נאָך פינף פּאַרטיזאַנער האָט זי אונטער-געריבן אין אָלקעניק דעם טעלעפאָנטיע-זאוואָד. זי האָט זיך אויסגע-צייכנט אין די שלאַכטן אין דיינאָווע אין יאנואר 1944 און האָט אליין גענומען אין געפאנגענשאפט צוויי געסטאפּאָ-אַגענטן. זי האָט אָנטייל גענומען אין אויפרייסן צוויי לאָקאָמאָטיוון און פאַרברענען צוויי בריקן.

אין נאָיאבער 1943 האָט וויטקע באקומען אַן אויפגאבע ברענגען פאַרן ווילנער פאַרטיי-קאָמיטעט וויכטיקע דאָקומענטן. אפן וועג איז זי אריינגעפאלן צו א דייטשישן פאטרול. אונטער א באוואָפנטער וואַך האָט מען זי געפירט אין ווילנער געסטאַפּאָ. אדאנק איר פלינקער אָריענטאציע איז זי אנטלאָפן פון די דייטשישע הענט. צוריקוועגס האָט זי געבראכט אין דער באזע א וויכטיקן טוער פון דער קאָוונער אונטערערדישער אָרגאניזאציע.

גרישע גורוויטש האָט איינמאָל בייס א לויערונג דערהארגעט 12 דייטשן, וואָס זיינען געפאָרן אַפ צוויי מאשינעס, און גענומען טראָפייען: צען ביקסן, אַן אווטאָמאט און א דייטשישן קוילן-ווארפער. דעם קוילנווארפער האָט ער גענומען פאַר זיך און איז גע-וואָרן אַן אויסגעצייכנטער שיסער. מיט אים צוזאמען האָט געקעמפט אויך זיין מוטער — א 39-יעריקע פרוי. ביידע זיינען זיי געגאנגען אַפ לויערונגען. אין געמיינזאמע אָפּעראציעס האָבן זיי דערשאָסן אכצן דייטשן. איינמאָל ווערן מאמע און זון ארומגערינגלט דורך א שטארקן פאטרול. עס קומט פאַר א שלאַכט. גרישעס מוטער שיסט אויס אירע אלע פינף און זיבעציק קוילן און באוויזט נאָך צו ווארפן אין סוינע אירע פינף גראנאטן. געטראָפן פון א קויל, פאלט זי לעבן איר זון. דערזען, אַז זיין מוטער איז טויט, האָט גרישע א שפרונג געטאָן אפן מערדער און מיטן פלאמען-לעשער פונעם קוילנווארפער אים צעשפּאָלטן דעם קאָפּ. גרישע אנטלויפט. ער איז פארוווּנדעט. ער שווימט אריבער א טייך, קריכט דורך זומפּן, ער בלייבט ליגן פארכאלעשט ערגעץ אין א בלאָטע. א פאסטעך באמערקט אים, זאָגט אָן די פאַרטיזאנער אין דאָרף פאסיעקאָ. מע ברענגט אים צו דער באזע, און ער ווערט אויסגעהיילט. ווידער גייט ער מיט זיין קוילן-ווארפער אַפ אויפגאבן, און ווי א נעקאָמע פאַר זיין מאמעס בלוט רייסט ער אום צוויי עשעלאָנען.



דרײַ העלדישע פּארטיזאַנקעס (פֿונ רעכטס אפּ לינקס): זעלדע טרע-
גער, רייזל קאָרטשאַק (רוזשקע) אונ וויטקע קעמפּנער.

אויכ כאַיִמ לאַזאר, איינער פֿונ די אקטיווע קעמפּער איג געטאָ, האָט אינ וואלד ניט פֿארשעמט זײַנ פּארגאנגענהײַט. אינ קאמפּ מיט די דײַטשישע מאָטאָ-אָפּטיילונגענ אפֿנ וועג ווילנע — גראָדנע דערשיסט ער מיט זײַנ קוילנוואַרפֿער דרײַ אָפֿיצערנ, אונ די איבעריקע פֿ׳פֿצנ ווערנ צעקלאפּט דורכ אימ אונ זײַנע כאוויירימ. דעמ 23-טנ אפּרעל 1944 רײַסט זיכ בא א באנ-דיווערסיע אומגעריכט אופֿ א מינע אונ שיסט אראָפּ זײַנ רעכטע דלאָניע.

צווישנ די העלדישע ווילנער מיידלעכ דאַרפ פאַרעכנט ווערנ די פּאַרטיזאַנקע זעלדע טרעגער. זי האָט אכצנ מאָל זיכ דורכגעריסנ דורכ דײַטשישע גאַרניזאָנענ אונ איז מיט וויכטיקע דאָקומענטנ געקומענ קיינ ווילנע, ווי די פאַרבינדלערנ פונ דעמ פּאַרטיזאַנישנ שטאַב אונ דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. צוריק אינ וואַלד פלעגט זעלדע קיינמאָל ניט קומענ מיט ליידיקנ. זי פלעגט זיכ אַרײַנקריגנ אינ די קאָנצענטראַציע-לאַגערס אונ אַרויסראַטעווענ מענטשנ. צענדליקער ביקסנ האָט זי פונ שטאָט געבראַכט צו די פּאַרטיזאַנער. פיר מאָל איז די קעמפערנ אַרײַנגעפאַלנ צומ סוינע: צוויי מאָל אינ די הענט פונ געסטאַפּאָ, איינ מאָל אינ דער פּאָליציי אונ צומ סאָפ צו די ווײַסע פּאָליאַקנ, וואָס האָבנ געהערשט אינ די אַרומיקע וועלדער אונ פלעגנ ספּעציעל טשאַטעווענ אויפ יידישע פּאַרטיזאַנער. אַדאַנק איר קאַלטער אונ פעסטער האַלטונג, האָט זי זיכ אַלע פיר מאָל אַרויסגעריסנ פונ די באַנדיטנ אונ דורכגעפירט אירע אויפגאַבעס.

ניט ווינציקער האָט אויכ אויפגעטאָנ די פּאַרטיזאַנקע דינע רויזנוואַלד, איינע פונ די וויכטיקסטע פאַרבינדלערנס צווישנ וואַלד אונ שטאָט.

אונ רייזל קאָרטשאַק? אָט דאָס באַשײדענע העלדישע מיידל, וואָס סײַ אינ געטאָ סײַ אינ וואַלד איז עס געווענ פונ די ערשטע, פונ די סאַמע דרייסטע. אונ ניט בלויז רייזל. ווי דערמאָנט מענ ניט דעמ הויפּט פונ די אויסשפּירער בײַ דער מאַכנע „נעקאָמענעמער" כאָנאָנ מאַגיד, וואָס יעדער טראָט פונ דעמ סוינע אויפ אַ ראַדיוס פונ פערציק קילאָמעטער האָט ער שוינ געוווּסט פונ פריִער.

אונ כראָליק דער איישישקער, ניוסע לובאָצקי, רוווּנ ראַבינאָוויטש, בערל יאָכײַ, ליאָווע לעווינ, טעווקע גאַלפּערנ, בערל שערעשניעווסקי, איציק קאָוואַלסקי — ווענ איטלעכנ פונ זיי איז קעדײַ צו שרײַבנ באַזונדער — ווענ זייער דרייסטקײַט, שרעקלאָזיקײַט אונ העלדישקײַט אינ קאַמפּ!

די אָקאָרשט דערמאָנטע ווילנער פּאַרטיזאַנער האָבנ געוואָרפנ זייערע לעבנס אינ קאַמפּ אונ דאָס לעבנ ניט פאַרלוירנ. אָבער וויפל באַקאַנטע אונ אומבאַקאַנטע העלדנ ליגנ איצט אינ די נאַראָטשער אונ רודניצקער וועלדער! אייביקער אָנדענק זייערע העררלעכע נעמענ!

זאָלנ דאָ בלויז דערמאָנט ווערנ די צוויי ברידער דאַניע אונ אימע לובאָצקי — די זינ פונ דעמ באַקאַנטנ לערער באָרעכ לובאָצקי.

ביים די קאמפן אין געטאָ איז דאניע אַרײַנגעפאלן אין געפאנגען-שאפט צו די דײַטשן. צען טעג האָט מען אים געפּײַניקט אין גע-סטאפּאָ. פון דאָרט האָט ער געבעטן סאם בא די עלטערן פון געטאָ, איך דערמאָן זיך, ווי דער לערער לובאָצקי איז א צעבראָכענער גע-קומען צו מיר נאָך אן אייצע. וואָס טוט מען? זײַן פרוי איז דער-פאר, מע זאָל אריבערשיקן פארן זון סאם, קעדיי ער זאָל זיך אין געסטאפּאָ ניט מאַטערן. ער, דער טאטע, האָט זיך ניט געקענט בא-שליסן מיט די אייגענע הענט אומצוברענגען זײַן קינד!

עס איז אריבער א פּאָר טעג, און דאניע האָט זיך באוויזן אין געטאָ. באם פירן אים צו דער עקזעקוציע איז דער יונגער קעמפער אנטלאָפן. ניט לאנג האָבן זיך די עלטערן געפרייט. ביים דער ליק-ווידאציע פון געטאָ זײַנען זיי פארכאפּט געוואָרן דורך קיטעלן. דאניע האָט זיך דורכגעריסן אין וואלד. דאָרט האָט ער געטראָפן זײַן ברודער אימע, דעם איינציקן לעבן געבליבענעם פון זײַן מישפּאָכע, וואָס האָט זיך דורך די קאנאליזאציע-רערן ארויסבאקומען פון געטאָ.

דאניע, דער קאָמאנדיר פון דער דריטער גרופּע אין דער מאכנע „פארן ניצאָכן", איז געווען דער דרייסטסטער פון זײַנע כאוויירים. ער האָט ניט געקענט אײַנזיצן אף דער באזע. די נעקאָ-מע האָט אים ניט געלאָזט רוען.

סאָף דעקאבער 1943 איז דאניע מיט זײַן גרופּע אוועק אין א דאָרף. זיך דערוווּסט, אז דאָרט גראסירט א וויכטיקער אגענט פון געסטאפּאָ, האָט דאניע בא זיך באשלאָסן: ער מוז אים כאפּן! באם באלא-גערן דאָס הויז, ווו עס האָט זיך געפונען דער געסטאפּאָ-אגענט, האָט זיך דערהערט א שאָס. דער קאָמאנדיר דאניע איז געפאלן. מע האָט אים גע-בראכט א שווער פארוווּנדעטן אף דער באזע און דאָרט איז ער אויסגעגאנגען.

אין יענעם טאָג האָט זיך אימע אומגעקערט פון דער נאטשער פּושטשע, ווו ער איז געווען קאָמאנדיר איבער זעכציק מאן. ער האָט דאָרט געפירט א שלאכט מיט די ווײַסע פּאָליאקן. אימע איז אָנגעקומען, ווען מע האָט געגראָבן פאר זײַן ברודער א קייווער. דאָס יינגל האָט זיך אָנגעשפּארט אף זײַן ביקס, געשטאנען אפּן פרישן זאמד, און אין גרוב זײַנען געפאלן זײַנע הייסע טרערן.

אין א פּאָר טעג ארום איז אימע מיט א גרופּע פּארטיזאנער אוועק אף א שאָסיי אונטערצורײַסן טעלעגראַף-סלופּעס. עס האָט זיך דערהערט א קנאל. די סלופּעס זײַנען געווען פארמינירט. אימע מיט זײַנע כאוויירים זײַנען צעריסן געוואָרן אף שטיקער. איצט ליגן זיי, ביידע ברידער, אין רודניצקער וואלד.

* * *

ביים דער ליקווידאציע פון דער ווילנער געטאָ זײַנען א טייל קעמפער פארשלעפּט געוואָרן אין ווילנער קאָנצענטראציע-לאגער ה. ק. פּ. און אין די קאָנצלאגערס פון עסטלאנד. גופע אין ה. ק. פּ. איז אָרגאניזירט געוואָרן א פארטיזאנישע גרופּע דורך דעם לערער לייב אָפּעסקין און דעם אקטיאָר יאקאָוו בערעגאָלסקי. די גרופּע האָט דערוואָרבן געווער און געהאט א פארבינדונג מיט די באזעס אין וואלד. דעם 10 יול 1944 האָט א כּפּעציעלע אָפּטיילונג עסעס ארומגערינגלט דעם לאַגער און געפּנט אָפּ די יידן א פארטיליקונג-פייער. די פארטיזאנער האָבן געשאָסן אין די דייטשן. אדאנק אָט דעם אומגעריכטן ווידערשטאנד האָבן זיך העכער הונדערט יידן דורכגעריסן און זײַנען אנטלאָפן אין שטאָט, ווו זיי האָבן דערווארט די ישועה. אָפּעסקין און בערעגאָלסקי זײַנען געפאלן אין די קאמפן.



דער העלדישער פארטיזאן אימע לובאָצקי.

* * *

די קעמפער פון ווילנער געטאָ, די שפּעטערדיקע פארטיזאנער אין די ליטווישע און ווײַסרוסישע וועלדער, האָבן צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי, ביים די קאמפן פאר באפרײַען ווילנע, די ערשטע זיך ארײַנגעריסן אין שטאָט און אופגענומען א שלאכט קעגן די פארבאריקאדירטע דײַטשן.

איבער די טויטע קערפּערס פון 15 טויזנט מערדער האָבן די קעמפער פון דער ווילנער געטאָ און פון וואלד אריבערגעשפאנט צו זיך אין דער היימשטאָט. זיי האָבן געפײַערט דעם יאָמטעוו פון באפרײַונג, וואָס איז פונקט אויסגעפאלן אין טאָג פון דעם יאָרצײַט נאָך איציק וויטענבערג,

# אפנ הייסנ אש

## די שייטערנ אינ קלאָגע

דעמ 23-טנ סענטיאַבער 1943 איז פאָרגעקומענ די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונ דער ווילנער געטאָ. צוגעטער א שטאַרקער וואַכ פונ געסטאַפּאָ האָט מענ די לעצט געבליבענע ווילנער יידנ אַרויסגעפירט אפ ראָסע-גאַס אינ די גערטנער אונ דאָרט האָט מענ זיי סאָרטירט אפ רעכטס אונ אפ לינקס. די אָפּגעקליבענע אפ לינקס — צומ טויט. דאָס ראָוו עלטערע מענער, פרויענ אונ קינדער, צוזאַמענ בא א פינפ טויזנט, האָט מענ אָפּגעשיקט אינ די קרעמאַטאָריעס פונ מיידאַנעק. צווישנ די אָפּגעטיילטע אפ לינקס זיינענ געווענ: די לערערנס מירע בערנ-שטיינ אונ ראָכל ברוידע, דער דירעקטאָר פונ רעאַל-גימנאַזיע לייב טורבאָוויטש, דער ליטעראַט נאַפטאָלי ווייניג, דער דיריגענט אַווראָמ סליעפּ, ד״ר פעלדשטיינ, די דיכטערנ לייע רודניצקי, די מאָלערנ אומע אָלקעניצקי, די אַקטריסע עסטער ליפּאָווסקי אונ די מאָלערנ ראָכל סוצקעווער. די אָפּגעקליבענע אפ רעכטס — א צוויי טויזנט מענער — האָט מענ אַוועקגעשיקט אינ די קאָנצלאַגערס פונ עסטלאַנד, אונ אַרומ טויזנט פיר הונדערט פרויענ — אינ דעמ לאַגער קייזער-וואַלד (לעטלאַנד). אונ פונ דאָרט — קיינ שטוטהאָפ, מאַגדעבורג, אָסווענצימ.

אינ עסטלאַנד זיינענ צו יענער צייט געווענ 23 לאַגערנ. אינ זיי זיינענ געווענ פאַנאַנדערגעוואָרפנ אַרומ צוואַנציק טויזנט מענטשנ, געבראַכטע פונ פאַרשיידענע געטאָס אונ קאָנצלאַגערנ אינ אייראָפּע, צווישנ זיי בא אַכט טויזנט ווילנער. אָט זיינענ עטלעכע דערציילונגענ פונ איידעס, אַנטלאָפענע פונ די שייטערהויפנס אינ קלאָגע, אפ וועלכע עס זיינענ פאַרברענט געוואָרנ, צומ טייל לעבעדיקערהייט, הונדערטער מענטשנ.

ניסנ אַנאָליק דערציילט: „ניט ווייט איז געווענ דער פראָנט. מע האָט אונדז געטריבנ פונ איינ לאַגער אינ צווייטנ. לעבנ שטעטל יעווי זיינענ צוועלפ יידנ אָפּגעשטאַנענ פונ וועג. דער דייטשישער דאָקטער געגט מיט עטלעכע עסעסאָווצעס האָבנ די צוועלפ פאַר-

שמאכטע מענער אריַינגעוואָרפן אין יאם. אין קוראמיי האָט דער זעלבער דאָקטער אריַינגערופן צו זיך די ווילנער דאָקטוירים פינגערהוט און איוואַנ-טער, באפוילן זיי זיך צו שטעלן אף די קני, און מיט א האק זיי צע-שפּאָלטן די קעפּ. דערנאָך האָט ער אונדז אריַינגערופן און געהייסן ארויס-טראָגן די קערפּערס צום פארברענען.

אין פּיפּיקאָני איז ארום לאגער געווען א בלאָטע, די דיַיטשן האָבן געהאט א שפּיל: בינדן דעם „זינדיקן" די פיס און אים אריַינ-ווארפן אין בלאָטע".

עס דערציילט בינ'אָמין וויַינטרויב: „נאָך פיר מעסלעס פאָרן אין די פארשטיקטע וואגאָנעס זיַינען מיר אָנגעקומען אין קאָנצענ-טראַציע-לאגער וויַוואַרי. פונדאנען האָט מען אונדז אָפּגעפירט אין קלאָגע.

אין לאגער האָבן מיר אופגעהערט צו טראָגן אונדזערע נעמען. יעדער איז באצייכנט געוואָרן מיט א נומער, וועלכן ער האָט גע-דארפט טראָגן אפן פלייצע, אפן אָרעם און אפן קני. פון שטערן ביז דער פּאָטילניצע האָט מען אונדז אויסגעשאָרן א פּאס האָר. בא די פרויען, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם לאגער נאָך פון אווגוסט (ביים דער כאפעניש אפן פלי-פּלאץ אין פּאָרובאנעק און ביים דער ערשטער „עוואקואציע"), זיַינען געווען צָפּגעגאָלט די קעפּ.

נאָך דער רעוויזיע, בא וועלכער מע האָט בא אונדז צוגענומען די מינדסטע קלייניקיַיט, האָט מען אונדז פּאנאנדערגעטיילט אין בריגאדעס און אָפּגעשיקט אף ארבעט. די ארבעט איז באשטאנען אין אריבערטראָגן פופציק-קילאָיקע זעק מיט צעמענט פון א זאוואָד ביז צו דער באַנ-סטאנציע, א שטעקל פון הונדערט פופציק מעטער. מיט די זעק האָבן מיר געדארפט לויפן. די פרויען, וואָס האָבן געוווינט אין באַ-זונדערע באראקעס, זיַינען באשעפטיקט געווען אין אויסגראָבן שטיינער און זיי אריבערשלעפן אף א באשטימטן פּלאץ. אין מעשעך פון דעם אר-בעטס-טאָג האָט א פרוי געדארפט אריבערשלעפן פיר טאָנעס שטיינער.

מיר האָבן געארבעט פון זעקס פרי ביז זעקס אָוונט. אן איבעריַיס פון פינף און פערציק מינוט איז געווען אף מיטיק. אונדזער מיטיק איז באשטאנען פון א שיטערן זופּ — מער גאָרניט. נאָך דער ארבעט פלעגט פאָרקומען אן „אפּעל". מע האָט באדארפט זיך אויסשטעלן צו הונדערט מאן אין א ריי און שטיין אזוי לאנג, ביז דער וועכטער וועט באפעלן אריַינצוגיין אין לאגער. ווער עס איז ניט ריכטיק גע-שטאנען אָדער פלעגט זיך מיט עפּעס פארזינדיקן, דעם פלעגט דער ראָטנפירער פארשריַיבן, אים שפּעטער ארויסרופן און פאר אלעמען אין די אויגן פלעגן אים די עסעסאָווצעס אוועקלייגן אף א ספּעציע-

לער באנק. די באנק האָט געהאַלטן א מעטער און איז געווען דרויסנדיק אויסגעפּוקלט. צו דער באנק פלעגט מען צובינדן דעם באַשטראָפטן פאר די הענט און פיס; איינער עסעסאָווער פלעגט זיך זעצן אים אויפן קאָפ, און אן אנדערער פלעגט שמייסן מיט אן אָקסענעם גליד, דורך וועלכן עס איז געווען דורכגעצויגן א מעטאַלענער שנור. דערביי פלעגט דער באַשטראָפטער אַליין דאַרפן ציילן די שמיץ. ווען דער קאָרבן פלעגט זיך פאַרפּלאָנטערן אין ציילן, פלעגט זיך די עקזעקוציע אָנהייבן אויפסניי.

די קראַנקע, די געשוואָלענע פון הונגער, פלעגט מען אַריינעמען אין א שפּיטאָל. באַם אַריינגיין אין דער פּאַלאַטע פלעגט דער דייטשישער דאָקטער באַדמאַן אויסשרייען: „אַכטונג!" דערמלט פלעגן אַלע קראַנקע באַדאַרפן אַרויסלייגן זייערע הענט אויף די דעקעס. האָט עמעץ דאָס ניט געטאָן גענוג פלינק — פלעגט אים דער דייטשישער דאָקטער צעמיימעסן מיט א שטעקן.

נאָך דעם, ווי מע פלעגט די קראַנקע אין שפּיטאָל מאַכן איינשפּריצונגען, פלעגן זיי שטאַרבן אין דעם זעלבן טאָג.

אין אויגוסט 1944 איז ליקווידירט געוואָרן א גרויסער טייל פון די עכטלענדישע לאַגערן. צווישן זיי: קוויאַלי, ערעדי און פּיליקאָני. מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט פון די אויפשריפטן, וועלכע מיר האָבן געפונען אויף די זעק פון צעמענט, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פון יענע ערטער.

דעם 19-טן סעפּטעמבער 1944 איז אין דעם לאַגער קלאָגע פאָרגעקומען דאָס סאַמע גרויליקסטע: אַנדערפרי האָט מען אונדז אויסגעשטעלט בריגאַדעסווייז — מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. מען האָט געמאָלדן, אז מע עוואַקוירט אונדז קיין דייטשלאַנד. גלייכצייטיק האָט מען פון אונדז אויסגעטיילט דריי הונדערט סאַמע געזונטע מענער און אונטער א שמירע זיי אוועקגעפירט אין וואַלד אָנצווזען ביימער. דאָס האָלץ — האָט איינגערעדט דער לאַגער-פירער — דאַרפן מיר מיטנעמען קיין דייטשלאַנד.

קעדיי צו הייבן בא אונדז די שטימונג, האָבן די דייטשן געהייסן צוגרייטן א מיטיק פאר אונדז אַלעמען ווי אויך פאר די דריי הונדערט, וועלכע מע האָט אוועקגעפירט ברענגען האָלץ. אין דער זעלבער צייט האָט מען אַריינגעפירט צו אונדז אין לאַגער א גרופּע קריגס-געפאַנגענע.

ווען דאָס האָלץ איז אין וואָגנס געבראַכט געוואָרן צו אונדזער לאַגער, און די דייטשן האָבן עס אויסגעלייגט אויף דער ערד אין א

באשטימטער פאָרמ, האָט פונעמ וואלד, ווו ס'זיינענ אוועק די דריי הונדערט ארבעטער, זיכ דערטראָגנ א שיסעריי. מיר האָבנ נאָכ גאָרניט פארשטאנענ. דערווייל זיינענ מיר געוואָרנ ארומגערינגלט מיט אלצ מער דייטשנ. אונדזער יעדער באוועגונג איז שוינ געהיט געוואָרנ דורכ אָנגעצילטע קוילנווארפער. דעמלט האָט מענ ארויסגערופנ פונ אונדז דרייסיק מאנ, זיי צוגעפירט צו די שיכטנ אויסגעלייגטע קלעצער אונ באפוילנ זיכ ארופלייגנ אפ די קלעצער מיטנ בויכ ארויפ אזוי, אז דער קאָפ זאָל ארויפהענגענ באמ ראנד. ווענ דער באפעל איז געוואָרנ אויסגעפירט, האָט א דייטש מיט א רעוואָלווער איטלעכנ



א שייטער אינ קלאָגע. בלויז עטלעכע מענטשנ זיינענ ניט דערברענט געוואָרנ.

ארייננגעשאָסנ אינ קאָפ. געוואָרנ פארטיק מיט די דרייסיק, האָט מענ ווידער אָפגעקליבנ דרייסיק, זיי באפוילנ ארופצולייגנ אפ די דערשאָ-סענע א נייעמ שיכט האָלצ אונ שפעטער אליינ זיכ אוועקלייגנ ווי די ערשטע. אזוי האָט מענ אויסגעפילט פיר שייטערס צו זיבנ שיכטנ אינ א שייטער. ווער עס האָט געפרווט אנטלויפנ, איז דערשאָסנ געוואָרנ אפנ פלאצ.

ווענ דער ווארטנדיקער אוילעמ האָט דערזענ, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט מענ זיכ א יאָג געטאָנ איבערנ פלאצ, וווהינ די אויגנ טראָגנ. מיר מיט נאָכ צוואנציק האָט זיכ איינגעגעבנ ארייננצוכאפנ זיכ אינ

דער אנטקעגנדיקער געביידע און זיך באהאלטן גאָר אויבן אפן בוידעם. דײַטשן האָבן אונדז נאָכגעיאָגט. צענדליקער מענטשן, וועלכע האָבן באוויזן זיך אַרײַנצוכאַפּן בלויז אין די אונטערשטע צימערן, זײַנען דערשאָסן געוואָרן דאָרטן גופא דורך די עסעסאָווצעס.

עטלעכע מעסלעס זײַנען מיר געלעגן אָן אָטעם. דורך די שפּאַלטן איז צו אונדז אַרײַנגעדרונגען דער רויך און דער רייעך פון די פאַרברענטע. מיר האָבן נאָכאַנאַנד געמיינט, אז עס ברענט אונדזער געבײַדע.

מיטאמאָל האָבן מיר דערזען איבערן לאַגער א סאָוועטישן עראָפּלאַן, און עס האָבן אַרײַנגעשפּאַנט די ערשטע רויטאַרמייער".

פון די שײַטערן אין קלאָגע האָבן זיך געראַטעוועט הונדערט ווילנער יידן. צווישן זיי — דער בראַווער פּאַרטיזאַן באָרעך גאָלדשטיין און דער אינזשעניער ראַטנער.

אין קלאָגע זײַנען צווישן אַנדערע פאַרברענט געוואָרן די באַקאַנטע ווילנער דאָקטוירים: זאַלקינדסאָן (טאַטע און זון), דער אַקטיאָר שאַבסײַ בליאַכער, דער זשורנאַליסט הערמאַן קרוק, דער דיכטער הערש גלעשטאַלט, דער דירעקטאָר פון ווילנער יידישן טעכניקום אינזשעניער שרײַבער און דער אינסטרוקטאָר פון זעלבן טעכניקום—זעליק גאָלדבערג.

ווען עס איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון געטאָ, איז קאַלמאַנאָוויטש צוזאַמען מיט פיל טויזנטער יידן פאַרשלעפּט געוואָרן אין די קאָנצלאַגערן פון עסטלאַנד.

אין יול 1945, ווען איך בין געווען צום צווייטן מאָל אין ווילנע, האָב איך זיך באַגעגנט מיטן זינגער פון געוועזענעם ווילביג-כאָר שמועל-מייער סליווקין, וועלכער איז נאָרוואָס געקומען פון שטוטהאָפער טויטן-לאַגער. פון אים בין איך געוויר געוואָרן וועגן קאַלמאַנאָוויטשעס טויט.

די ערשטע פאָר כאָדאָשים האָט נאָך קאַלמאַנאָוויטש געאַרבעט מיט אַלע יידן באַם שלעפּן פּעק מיט שמאַטעס אין דער מאַנופאַקטור־פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אין לאַגער נאַרווע. מאַכמעס דעם, וואָס מע האָט די יידן קימאַט ווי ניט געשפײַזט, איז ער געוואָרן געשוואָלן און זיך קוים באַוועגט. אַזויווי די ניט אַרבעטספעיִקע פלעגט מען אומברענגען, האָבן די יידן גענומען זאָרגן פאַר קאַלמאַנאָוויטשן. ס'האָט זיך אײַנגעגעבן אונטערצוקויפן א דײַטש, און קאַלמאַנאָוויטש איז געוואָרן דער אופזאַמער אין באַראַק. אין באַראַק האָט ער א סאַך געשריבן.

רירנדיק ביז גאָר איז געווען דאָרט זײַן פרײַנטשאַפט מיט מוישע לערער, דעם געוועזענעם מיטאַרבעטער פון ייִוואָ און אויסגעצייכנטן ייִדיש-קענער.

ווען לערער איז קראנק געוואָרן אפ די׳זענטעריע, האָט קאלמאַ־נאָוויטש האווירט ארום אים ווי א מאמע. ער פלעגט אים וואשן, איבערבעטן און אָפּגעבן אים זײַן ביסל קאווע און אָפּגעשפּאָרטן קרישל ברויט. לערער איז אויסגעגאנגען אפ קאלמאנאָוויטשעס הענט.

אין א קורצער צײַט ארום איז אויך קאלמאנאָוויטש קראנק גע־וואָרן אפ דיזענטעריע — זיך קענטיק אָנגעשטעקט פון לערערן. דער־צו איז ער נאָך פון פריִער געשוואָלן געווען פון הונגער און האָט געליטן גרויסע ווייטקן.

אין באראַק זײַנען געקומען דײַטשישע דאָקטוירים. דערזען, אז קאלמאנאָוויטש איז קראנק, האָט דער הויפּט-דאָקטער געהייסן אריבערטראָגן אים אין דעם באראַק פאר קראנקע, פונוואַנען מע פלעגט שוין זעלטן ארויס א לעבעדיקער.

נאָכן טויט האָט מען קאלמאנאָוויטשעס קערפּער „דורכגעלאָזן דורכן קוימען״, ס׳הייסט, פארברענט אינעם אויוון פון מאנופאקטור־פאבריק. עמעצער פון די ארבעטער האָט אָנגעשריבן אפן פאבריק־אויוון קאלמאנאָוויטשעס נאָמען.

## און אזוי זײַנען אומגעקומען אונדזערע קינדער

עס איז געווען ערעוו פּייסעך 1944. אין ווילנער קאָנצענטראַציע־לאַגער „קײַליס״, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאר די ייִדן, וואָס ארבעטן אין דער שטאָטישער פעלץ-פאבריק „קײַליס״, איז געקומען ווײַס און געמאָלדן, אז אין שטאָט הערשט אן עפּידעמיע, דעריבער זאָל מען מאָרגן פרי ווארעמ אָנטאָן די קינדער און זיי ארײַנפירן אין דער קליניק, וואָס אפ דער צווייטער זײַט גאס, קעדיי זיי צו מאכן אן אײַנשפּריצונג קעגן טיפוס.

א סאך מאמעס האָבן ניט געהאט קיין כשאַד. זיי האָבן די קינדער ארומגעוואשן, אויסגעפּוצט אין יאָמטעוודיקע קליידער, פאר־קעמט די הערעלעך און אין זוניקן פרילינג-טאָג זיי ארײַנגעטראָגן אין דעם אנטקעגנדיקן שפּיטאָל. ווען די קינדער זײַנען שוין געווען אינוויייניק, און די ווארטנדיקע מאמעס זײַנען געשטאַנען הינטערן פלאנקען פון לאגער, האָט דער ד״ר שולצע, דער דירעקטאָר פון דײַטשישן שפּיטאָל, אָנגעקלונגען צו ווײַסן אין קאבינעט, אז די קינדער זײַנען שוין פאראן.

אין פינף מינוט ארום איז געקומען די „שווארצע וואָראָנע״. ווײַס איז ארײַנגעשפּרונגען אין שפּיטאָל, געכאפּט די קינדער און זיי גע־שלײַדערט אין אווטאָ. די מאמעס, וואָס האָבן דאָס צוגעזען פון

הינטערנ פלאנקענ, האָבנ געריסנ זיכ מיט א געוויינ צומ אווטאָ צו ראטעווענ זייערע קינדער. ווייס האָט זיי אָבער ניט צוגעלאָזט אונ געהייסנ זייערע לייט צו שיסנ פונ אווטאָמאטנ אפ די לויפנדיקע מאמעס. ניט געקוקט אפ דער שיסעריי, זיינענ עטלעכע מאמעס צוגעלאָפנ צומ אווטאָ אונ געפרווט מיט אלע קויכעס זיכ אריינרייסנ אינעווייניק. די מוטערס האָבנ געוואָלט שטארבנ מיט זייערע קינדער. ווייס האָט זיכ דערבארעמט אונ עטלעכע מאמעס אריינגעלאָזט.

דער לאסט-אווטאָ איז אוועקגעפאָרנ. אינ דער רעשימע, וואָס ווייס האָט געהאט אינ האנט, האָבנ אימ געפעלט נאָכ בא 60 קינדער. אונ ער איז אריינ אינ בלאָק אופצוזוכנ די געבליבענע.

* * *

די אכציקיעריקע באָבע פרומע-ריווע בורשטיינ האָט מיר דערציילט: „ווענ איכ האָב דערהערט, אז אלע קינדער מוז מענ אריינשיקנ אינ שפיטאָל, האָב איכ גלייכ פארשטאנענ, אז דאָס איז ניט קיינ געווייגלעכע זאכ. מיר האָבנ דאָכ אינ „קיילים" א דאָקטער מיט אנ אמבולאטאָריע, איז צוליב וואָס באדארפ מענ די קינדער אריבערטראָגנ אינ א דייטשישנ שפיטאָל? איכ האָב באשטימט אָפצווארטנ, וואָס דאָ וועט זיינ, כאָטש דער דייטש ריכטער האָט הויכ געזאָגט פאר אלעמענ: „די, וועלכע וועלנ ניט אָפשיקנ זייערע קינדער, וועלנ הארב באשטראָפט ווערנ".

דערהערט די קוילעס אינ אנטקעגנדיקנ שפיטאָל, האָב איכ זיכ גלייכ איבערגעצייגט, אז דער אומגליק איז א פארטיקער. איכ האָב געכאפט מיינע דריי אייניקלעכ אונ מיינ פלימעניטשקע אונ זיי באהאלטנ אינ א מאלינע. אליינ בינ איכ אראָפגעלאָפנ אפנ הויפ אונ געווארט, וואָס דאָ וועט זיינ. דער גאזלענ ווייס צוזאמענ מיטנ דייטש ריכטער זיינענ ארומגעלאָפנ איבערנ הויפ מיט א רעשימע אונ געריטשעט, אז עס פעלנ זיי קינדער. אויב מע וועט באלד ניט ארויסגעבנ די באהאלטענע, וועט אָנקומענ א פאָלק שטורמיסטנ אונ דעמ גאנצנ לאגער וועט מענ אויסשיסנ. געזענ, אז פרייוויליק קומט מענ ניט, האָט ווייס א פייפ געטאָנ, אונ א סאכ דייטשנ זיינענ אריינגעלאָפנ אינ לאגער. די דייטשנ האָבנ שוינ געווארט הינטערנ טויער, אונ אפ דעמ ערשטנ פייפ זיינענ זיי שוינ געווענ אינעווייניק אונ גלייכ זיכ פאנאנדערגעלאָפנ איבער די הייזער. זיי האָבנ אלע יידנ אראָפגעטריבנ אפנ הויפ אונ אליינ זיכ גענומענ זוכנ מאלינעס.

איכ בינ געשטאַנענ אונטנ אונ געטראַכט: עפּשער וועט געשענ א נעס אונ מײַנע קינדער וועט מענ ניט אופּזוכנ. נאָר ווי איכ טראַכט אזוי, ערשט איכ הער זייער געוויינ. מע טראָגט זיי אונטנ אונ מע שטעלט זיי באַזונדער. ווענ אלע אײַנוווינער האָבנ זיכ גע-פונענ אפּנ הויפ, האָט מענ כאָרטירט אלטע אונ קינדער פונ איינ זײַט אונ געזונטע פונ דער אנדער זײַט. אזויווי איכ בינ שוינ ניט קיינ יונגע, האָט מענ מיכ געשטעלט צו די קינדער. אוי, ווי מיר האָט זיכ געוואָלט זיי ראַטעווענ! איכ האָב וועגנ זיכ ניט גע-טראַכט, נאָר וועגנ די ריינע נעשאָמ?לעכ.

ווענ א גאַזלענ האָט זיכ אפּ א ווײַל אוועקגעקערט, האָב איכ א כאַפּ געטאָנ דאָס יינגסטע קינד, די איבעריקע איז ניט מעגלעכ געווענ צו ראַטעווענ, אונ זיכ אוועקגעשטעלט אינ דער ריכטונג צו די געזונטע, וועלכע זײַנענ באַשטימט אפּ לעבנ. ריכטער האָט מיר פאַרשטעלט דעמ וועג: „וווּהינ גייסטו?" איכ האָב געזאָגט, אז איכ גיי בלויז אָנקאָרמענ דאָס קינד, אונ באַלד וועל איכ צוריקקומענ.

די ייִדנ, וואָס זײַנענ באַשטימט געווענ אפּ צומ לעבנ, האָבנ מיכ פאַרשטעלט. מײַנ צוויי-יעריק אייפעלע האָט ניט ארויסגעלאָזט קיינ פּיפּס. מיטאַמאָל זײַנענ אָנגעפאָרנ לאַסט-אווטאָס, אונ מע האָט גענומענ וואַרפנ אהינ די קינדער מיט די אלטע.

איכ האָב געזענ, ווי מע וואַרפט דאָרט די צוויי איינִיקלעכ מײַנע. זיי האָבנ געשריִענ: „באָבעלע, מיר האָבנ מוירע!" אָבער גאָרנישט האָב איכ ניט געקענט זיי העלפנ, ווײַל אויכ מיטנ געראַטעוועטנ קינד בינ איכ נאָכ ניט געווענ זיכער. ריכטער, אָדער, ווי מע האָט אימ גערופנ, די גאָלאָשייקע, האָט פאַרגעדענקט, אז איכ בינ אוועקגעגאַנגענ אָנקאָרמענ דאָס קינד אונ האָט ניט אופגעהערט מיכ צו זוכנ.

ס'איז אוועק א היפשע צײַט. מיר האָבנ פיל געליטנ פונ ריכטערנ. ער פלעגט פיר מאָל א טאָג קומענ זוכנ קינדער. איכ האָב אויסבאַ-האלטנ מײַנ קינד אונטער א קאָרב אינ קלאָזעט. דאָרט איז עס אָפּגעלעגנ באַ א צענ טעג, שפּעטער זײַנענ מיר אנטלאָפנ פונ לאָכ אונ זיכ אויסבאַהאלטנ אינ שטאָט באַ א באַקאַנטער קריסטנ".

* * *

א ייִנגל דערציילט: „דעמ 27-טנ מאַרט 1944, אזייגער האלב זיבנ אינדערפרי, איז אינ לאַגער-הויפ פונ ה.ק.פּ. ארײַנגעפאָרנ דער פעלדפעבל ריכטער אונ באַקוקט די צוויי מויערנ. ער איז גלײַכ ארויסגעפאָרנ צוריק אונ ארײַנגעפירט סאָלדאַטנ. די סאָלדאַטנ האָט ער אָנגעוויזנ: דו —

דאָ, דו — דאָרטנ. אונ גלײַכ האָבנ די בצוואָפנטע סאָלדאַטנ פאַרנומענ פאָסטנס. איכ בינ דעמלט געוועג אינ באָד. איכ האָב געהייצט אנ אויוונ. אז מע איז אַרײַנ אונ געמאָלדנ מיר, אז דער בלאָק איז ארומגעשטעלט, האָט מיר צאָפגעריסנ באַם הארצ. ווענ איכ בינ ארויסגעלאָפנ פונ באָד, איז אָנגעפאָרנ אנטקעגנ מיר אנ אווטאָ מיט א דרײַסיק-פערציק פאָליציאַנטנ, אָנגעטאָנ אינ גראַנאַטענע מונדירנ.

איכ בינ ארופ אינ שטוב צו דער מאַמענ. דאָרטנ איז א געוויינ. איכ ווער צעשניטנ. איכ האָב אָנגעטאָנ עטלעכע פאָר קליידער. די מאַמע אויכ. מיר זײַנענ געוועג זיכער, אז מע ליקווידירט דעם בלאָק. די שטימונג איז געוועג ווי פאַרנ טויט. מיר האָבנ צאָפגערעדט, אז בא דער ערשטער מעגלעכקײַט זאָלנ מיר לויפנ. אויב מע וועט אונדז אוועקשלעפנ מיט א באַנ, זאָלנ מיר שפרינגענ.

דערווײַל זײַנענ די צימערנ פול געוואָרנ מיט פאָליצײַ אונ מיט דײַטשנ. די פרויענ אונ קינדער האָבנ זיי געשיקט אינ שנײַדער-ווארשטאַט, אונ די מענער — ווו יעדער ארבעט. קיינער האָט זיכ ניט געאײַלט. ווער ווייסט, ווו ס'איז בעסער. מיטאַמאָל האָט זיכ פארשפרייט א קלאַנג, אז דאָס מאָל איז ניט קיינ ליקווידאַציע: מע נעמט „בלויז" די אַלטע אונ קינדער.

וואָס טוט מענ? ווי ראַטעוועט מענ מײַנ מאַמע? איכ האָב זיכ ניט פארלאָרנ, זי ארײַנגעפירט אינ באָד, אוועקגעלייגט זי אינ א ווינקל אונ צוגעדעקט מיט קאָלדרעס. וועגנ זיכ אַליינ האָב איכ געטראַכט, אז מע וועט מיכ דאָס מאָל ניט נעמענ, ווײַל, קודעם ארבעט איכ, אונ צווייטנס, בינ איכ ניט קיינ קינד.

פארדעקט די מאַמע, בינ איכ ארויס פונ באָד. איכ טו א קוק אינ פאָדערהויז, דער לייטער, וואָס פירט אפנ בוידעם, איז ניטאָ. איכ פרעג, ווער איז דאָרט, ענטפערט מיר צילקע רודענסקיס קאָל: „מיר זײַנענ עס, קומ זיכ באַהאַלטנ".

איכ ווייס ניט פארוואָס, נאָר אפנ בוידעם האָט מיכ ניט געצויגנ. איכ בינ ארײַנ אינ שלאָסערײַ-ווארשטאַט (לויט דער רעשימע, וואָס געפינט זיכ בא די דײַטשנ, בינ איכ א שלאָסער). דורכנ פענצטער פונ שלאָסערײַ זעט זיכ דער פלאַצ לעבנ טויער. אָט פירט מענ דאָרט עלטערע פרויענ אונ קינדער. זיי שטייענ שוינ צווישנ פארקאַנ אונ טויער. זיי טראָגנ מיט זיכ קליינע פעקלעכ. די קעפ זײַנענ אראָפגעלאָזט. אנטקעגנ זיי שטייענ פאָליציאַנטנ אונ עסעסאָווצעס. די, וואָס קוקנ ארויס דורכ אונדזער פענצטער, דערקענענ דאָרט באַם טויער — ווער זײַנ קינד אונ ווער זײַנ מוטער. זיי כאַפנ זיכ פאַר

די קעפּ און נעמען אַרומשפּרינגען מיט גרויסע טריט איבער די וואַר־
שטאַטן: „אוי, מײַן קינד! אוי, מײַן מאַמע!"

אָט זע איך, ווי מע פירט די פרוי יאַבראָוו. איר זון, וואָס שטייט אַנטקעגן פענצטער, נעמט זיך קלאַפּן דעם קאָפּ אָן דער וואַנט. מײַן מאַמע האָט מען דערווײַל נאָך ניט דורכגעפירט. מיסטאָמע ניט געפונען. עס ווערט מיר לײַכטער. עס גייען אַריבער אַ פּאָר שאָ. דורכגעזוכט דעם ערשטן מויער, האָט מען זיך גענומען צום צווייטן. ווײַס גייט אַרום איבער די וואַרשטאַטן און זוכט, צי מע האָט ניט באַהאַלטן קיין קינדער. איצט איז ווײַס אין סטאָליערײַ. אַ טיר לעבן אַ טיר מיט אונדז. איך הער פון דאָרט אַ קינדעריש געוויין. ווײַס האָט געפונען אַן אייפּעלע און טראָגט עס אונטערן אָרעם. באַם אַרײַנגיין אין אונדזער וואַרשטאַט גיט ער איבער זײַן געפינס אַ צווייטן. איך שטיי ווי אַ געליימטער און ווייס ניט וואָס צו טאָן. אָט איז ווײַס. צום ערשטן מאָל דערזע איך זײַן עקלדיק פּאָנעם מיט די ברילן אויף דער נאָז. ער טראָגט אַ האַק מיט אַ ברייטער טאָפּע־ריסקע. די האַק איז רויט און וואַרפט זיך אים אין אָפּשײַן. ער באַ־פעלט, אַז די, וואָס אַרבעטן, זאָלן אַריבערגיין אין אַ צווייטן צימער. יעדן אַנדערן כאַפּט ווײַס פאַרן קאָלנער און שלײַדערט צום הויף. איצט איז מײַן ריי. איך פּרוּוו זיך שטעלן אויף די שפּיץ פינגער, איך זאָל אויסזען העכער. ווײַסן וועסטו אָבער ניט אָפּנאַרן. ער ווײַזט מיר די טיר, און אַן עסעסניק טוט מיך אַ וואָרף אין דרויסן. איך פּרוּוו אַנטלויפן, ערשט מע פאַרשטעלט מיר דעם וועג: לויף איך צוריק, ערשט ס'פאַרשטעלט מיר אַ צווייטער. און אָט בין איך באַם פאַרקאַן אין איין קופּע מיט די קינדער.

דאָ איז מײַן סאָף, טראַכט איך. פון דעם טיגערס ציין וועל איך זיך ניט באַפרײַען. פונדעסטוועגן פּרוּוו איך מײַן מזל: ווען אַן עסעסאָוועץ קערט זיך אָפּ אויף אַ רגע אָפּ, לויף איך ווײַטער אין דער ריכטונג צו אַ מויער, אָבער אויך דאָס מאָל האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן. אויפן וועג יאָגט מיך אָן אַ צווייטער פאַרשוין (ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס לוקאַשיס, אַ פירער פון „איפּאַטינגאַ"), און מיטן הענטל פון רעוואָלווער שפּאַלט ער מיר דעם קאָפּ.

איך ליג אין זאַמד. בין האַלב פאַרכאַלעשט. דער ציווילער פאַר־שוין לאָזט מיך אָבער ניט אָפּ. פאַרן האַנט שלעפּט ער מיך אין אַ באַראַק, און בייס־מײַסע לאַכט ער. אין באַראַק האָט מען געבראַכט אַ טישל. ווײַס האָט זיך באַ אים אַוועקגעזעצט. די בלוטיקע האַק אונטער דער מאָרדע, און עס איז פאָרגעקומען די סאָרטירונג. קינ־

דער — אינ באראק, ייִנגערע פרויענ לאָזט ער אָפּ. אָט גייט א מאמע מיט אירע צוויי קינדער. די קינדער — א וואָרפּ אונ די מאמע אָפּ־געדרוקט. אונ וויל א מאמע גיינ מיט איר קינד איינינעמ, רייַסט ער זי אָפּ מיט געוואַלט. די עלטערנ פארגינט ער ניט דעמ טויט. ווענ עס דערגייט צו מיר, ווייַזט ער אָנ דעמ באראק. ווידער נעמ איכ לויפנ, נאָר אנ עסעסניק כאפּט מיכ.

איכ האָב זיכ פארוקט אינ א ווינקל אונ געזוכט אנ אויסוועג. וועגנ אנטלויפנ קענ ניט זייַנ קיינ רייד. איכ זוכ בלויז אנ אָרט, וווּ מע קענ זיכ באהאלטנ. מיטאמאָל באמערק איכ, אז אינ באלקנ איז ארויסגענומענ א ברעטל. איכ טראכט ניט קיינ סעקונד אונ קריכ ארופּ אפנ בוידעמ. נאָכ מיר קריכנ אנדערע. דער בוידעמ ווערט פול. איכ הער, ווי עס רוישנ מאָטאָרנ. דאָס זייַנענ ארייַנגעפאָרנ די „שווארצע וואָראָנעס". דאָס געדריש איז אויסגעמישט מיט געוויינענ. דאָס לאָדט מענ איצט די צענדליקער קינדער.

אינ אָוונט איז שוינ געווענ נאָכ אלעמענ. איכ בינ אראָפּ פונ בוידעמ. צו מייַנ פרייד האָב איכ באגעגנט מייַנ מאמע, זי איז גע־לעגנ ביז איצטער אונטער די קאָלדרעס אינ באָד. דער שירמייַסטער דרישער, וואָס האָט דורכגענישטערט יעדנ ווינקל, האָט זי ניט באמערקט".

הונדערט פופציק קינדער האָט מענ דעמ טאָג ארויסגעריסנ פונ לאגער (צווישנ זיי די צוויי קינדערלעכ פונ דעמ ארטיסט בערעגאָל־סקי). איינע א פרוי באס האָט איר קינד בעשומ־אויפנ ניט געגעבנ. וויפל וויַיס האָט זי ניט געשלאָגנ, האָט עס ניט געהאָלפנ. די „וואָראָנע" האָט זי פארשלונגענ צוזאמענ מיטנ קינד. א צווייטע פרוי זשוקאָווסקי האָט וויַיס דערשאָסנ אפנ אָרט, ווייַל זי האָט אימ אָנגערופנ קינדער־מערדער!

* * *

זעליק לעווינ דערציילט: „איינמאָל איז וויַיס געקומענ אינ געטאָ אופצונעמענ מענער צו שיקנ קיינ עסטלאנד. דער צעניעריקער שמוליק קאָטלער איז ארומגעלאָפנ איבער דער געטאָ אונ געזוכט זייַנ טאטנ. אָנשטאָט זייַנ טאטנ האָט ער געטראָפנ אפּ וויַיסנ.

— דו וועסט בא מיר פאָרנ אינ עסטלאנד אפ ארבעט, — שרייַט אויס דער מערדער.

— הער וויַיס, — האָט זיכ גענומענ בעטנ שמוליק. — איכ בינ דאָכ אלט צענ יאָר!

— צען יאָר? — האָט איבערגעכאַזערט ווײַס און גוט אָנגעקוקט דעם צעשראָקענעם שמוליקן.

דערווײַל האָט דער מערדער דערזען אַ באַהאַלטענעם ייִדן, און שמוליק האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון זײַנע הענט. אין אַ האַלב יאָר אַרום, באַם דורכפֿירן די שכיטע אָפּ קינדער, האָט ווײַס זיך ווידער אָנגעשטויסן אָפּ שמוליקן. צוזאַמען מיט זײַן כוואַרל מאַרעק לעווין איז שמוליק געלאָפֿן זיך ערגעץ ראַטעווען. ווײַס האָט זיך צעשמייכלט:

— אַך דו! איצט גייסטו מיט מיר, — זאָגט ער צו שמוליקן, — און אויך דו וועסט מיטגיין, — לאָזט ער ניט אָפּ מאַרעקן.

שמוליק האָט זיך אָנגעהויבן בעטן:

— מײַן הער, איך בין דאָך שוין 15 יאָר!

ווײַס האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט איבערן גאַנצן הויף:

— זינט ווען עטלעכע כאַדאָשים ביסטו ש.ין אַלט געוואָרן 15 יאָר? עס וועט דיר גאָרניט העלפֿן! — און ער האָט זיי געפֿירט פֿאַר די אַקסלען צום שוואַרצן אויטאָ.

שמוליק האָט זיך אָנגעצונדן. סײַווי, האָט ער געטראַכט באַ זיך, איז זײַן לעבן פֿאַרפֿאַלן, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אָפּן מערדערס האַלדז און מיט די פֿיסלעך געבריקעט ווײַסן אין בויך. אויך מאַרעק איז ניט אָפּגעשטאַנען און געשלאָגן ווײַסן. ווײַס איז אָבער גיך געקומען צו זיך, און מיט דער מיטהילף פֿון דערבײַיקע געסטאַפּאָווצעס בײַגעקומען די קינדער. צוליבן ווידערשטאַנד האָט ער זיי אין אויטאָ ניט אַרײַנגעוואָרפֿן. ער האָט זיי ביידן אָנגעכאַפּט פֿאַר די העלדזער און דערשטיקט".

* * *

אַ מאַמע דערציילט וועגן איר קינד: „ווי נאָר מע האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפֿעל, אַז פֿרויען און קינדער דאַרפֿן אַראָפּגיין אָפּן הויף, האָט לייבל געזאָגט: עס איז ניט קיין קונץ אַליין זיך צו באַהאַלטן — מע דאַרף ראַטעווען אויך אַנדערע. ער האָט מיך מיט זײַן ברודערל יאָסעלע אַרײַנגעפֿירט אין אַ סקלאַדיק, אונדז צוגעדעקט מיט צוויי מעטער האָלץ, און אַליין איז ער פֿאַרשוווּנדן. אונטערן האָלץ האָב איך ניט געקענט אײַנליגן. איך בין געווען זיכער, אַז מײַן לייבלען האָט מען געכאַפּט. נאָר שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אָט וואָס:

ווען ער איז פֿון מיר פֿאַרשוווּנדן, האָט ער געפֿונען אַ האַק, עס איז די זעלבע האַק, וואָס איז געווען באַ ווײַסן. לייבל איז

געלאָפנ מיט דער האק אונ נאָכ זיכ מיטגעצויגנ א צוויי צענדליק קינדער. אויכ א פאָר עלטערנ זײַנענ נאָכגעלאָפנ לייבלענ.

ער האָט זיי אלעמענ ארופגעהויבנ אפנ בוידעמ אונ גענומענ זעצנ מיט דער האק אינ בלעכ, קעדיי צו מאכנ אנ עפענונג איבער־צוקלעטערנ ווײַטער. מיטאמאָל האָט ער דערזענ אפנ בוידעמ צוויי גוואלדיק גרויסע קעסלענ, וווּ ס'איז געזאמלט געוואָרנ דאָס וואסער פאר דער באָד. ווענ לייבל האָט זיכ איבערגעצײַגט, אז איינ קעסל איז א פוסטער, האָט ער אינ מאָמענט באשלאָסנ, אז ס'איז דאָס בעסטע אָרט אפ צו באהאלטנ די קינדער. אָבער ווי־אזוי דערקריכט מענ צו די קעסלענ, ווענ זיי זײַנענ דרײַ מעטער די הייכ? לייבל איז פלינק אראָפגעשפרונגענ נאָכ א לייטער, זיכ גיכ געקערט צוריק, איבער־גענומענ פונ די עלטערנס הענט די קינדער אונ זיי אראָפגעלאָזט אינ קעסל. אינ קעסל האָט ער אויכ ארײַנגענומענ נאָכדעמ דעמ לייטער, מע זאָל גאָרניט באמערקנ.

דאָ האָט מענ ווײַסנ געמאסערט, אז אפנ בוידעמ, וווּ עס שטייענ די קעסלענ, האָט מענ באמערקט ארופקריכנ קינדער. ער איז גיכ אהינ אוועקגעלאָפנ אונ אָנגעהויבנ נישטערנ. ער האָט קיינעמ ניט געפונענ. דער לייטער צו די קעסלענ איז ניט געווענ. קעדיי צו זײַנ אינ אָרדענונג מיטנ געוויסנ, האָט ער גענומענ קלאפנ מיט א שטעקנ אינ די קעסלענ:

— קינדער, קומט ארויס, איכ האָב פאר אײַכ פוטער, צוקערקעס!

צוויי־יעריקע קינדער זײַנענ אָבער געלעגנ מיט פארשלאָסענע אָטעמס. פונ קעסל האָט זיכ ניט געהערט קיינ פיפס".

* * *

פונ דעמ באנ־מאשיניסט יוזעפ רינצעוויטש, וואָס ער אליינ האָט געפירט די באנ מיט די קינדער, האָט מענ זיכ שפעטער דערוווּסט: די קינדער פונ „קײַליס" אונ פונ ה. ק. פ., צוזאמענ בא א צוויי הונדערט, האָט דער מאשיניסט דערפירט ביז קראָקע, וווּ מע האָט זיי אראָפגעבראכט אינ א דײַטשישנ שפיטאָל. דאָרט האָט מענ די קינדער סאָרטירט. פונ א טייל האָט מענ ארויסגעצויגנ דאָס בלוט אפ טראנספוזיעס פאר דײַטשנ. אונ בא דעמ אנדערנ טייל האָבנ דײַטשישע ספעציאליסטנ אראָפגעצויגנ פונ די פענעמער די צארטע הויט, קעדיי אויסצונוצנ אפ קאָסמעטישע אָפעראציעס פאר פארווונ־דעטע אונ אָפגעבריטע סאָלדאטנ.

# אין דער באַפרײַטער ווילנע

גלײַך ווי איך בין געקומען אין דער באַפרײַטער ווילנע, איז איינער פון מײַנע ערשטע באַזוכן געווען אין קאַמער נומ. 16 אין געסטאַפּאָ. די קאַמער איז טרויעריק באַרימט געווען אין געטאָ. אין דער דאָזיקער קאַמער איז וואָכנלאַנג געזעסן דער פּראָפעסאָר נויעך פּרילוצקי. אין דער דאָזיקער קאַמער איז אויך פאַרפּײַניקט געוואָרן דער קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ — איציק וויטענבערג. די קאַמער איז באַשטימט געווען בלויז פאַר ייִדן. אויך אין טורמע האָט מען אָפּגעטיילט ייִדן פון „אַריער".

און אָט בין איך אינווייניק. די קאַמער אָטעמט נאָך מיט די ווײ־געשרייען פון מײַנע פרײַנט און כאַווײרים. די ווענט זײַנען באַשפּריצט מיט בלוט. און טויזנטער אויפשריפטן איז נאָך צו מערקן אַף די ווענט. אַ סאַך פאַרמישפּעטע האָבן אָנגעשריבן זייער אייגענע מאַצייווע. פאַרן שײַן פון זון־פאַרגאַנג, וואָס טיילט נאָך בוילעטער אויס די רויטקײַט פון די ווענט, לייען איך:

„נעמט נעקאָמע! איציק וויטענבערג.

16־טער יול 1943".

* * *

און אָט איז נאָך אַן אויפשריפט:

„ווער עס קען רײַבאָווא, אַף באַן־גאַס 9, זאָל וויסן, אַז זי האָט אומגעבראַכט צוויי אומשולדיקע נעשאָמעס. ביזן לעצטן דאָר זאָל זי פאַרשאָלטן זײַן! איר בלוט זאָל רינען פון אירע אייניקלעך און אור־אייניקלעך, ווי עס רינט פון אונדז אומשולדיק בלוט. זי האָט אונדז אַרויסגעגעבן, און מיר גייען אַף פּאָנאַר. די שוועסטער טראַקונסקי".

אַ סאַך אויפשריפטן זײַנען שוין אָפּגעמעקט פון די ווענט. עס איז קענטיק, אַז מע האָט זיי ספּעציעל געריבן, עס זאָל ניט איבער־בלײַבן קיין סימאָנים.

אויך אין דער געטאָ־טורמע אַף לידסקער געסל זײַנען די ווענט פאַרשריבן פון די צום טויט פאַרמישפּעטע. אָט זײַנען עטלעכע גע־זעגענונגען מיט דער וועלט:

טעג, איר גאָלדענע, פון יוגנט,
כ'האָב אײַך ווינציק־וואָס געזען.
טעג איר טריבע, פּעכיק לאַנגע,
ווען וועט איר פאַרגיין שוין, ווען?

ווילנער געטאָ־טורמע. 9/5 1943.

„דער עמעס מוז זיגן. לידסקע איז דער וואָקזאַל צו פּאָנאַר. דאָ איז געזעסן יאָסעלע, ער גרייט זיך צו פּאָנאַר".

## דאָס פאַרברענען די מייסים

ווען אין פּאָנאַר איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן איבער הונדערט טויזנט מענטשן, איז געקומען אַ באַפעל פון הימלערן צו דעם הויפּט פון ווילנער געסטאַפּאָ נויגעבויער צו פאַרברענען די מייסים, עס זאָל ניט איבערבלייבן קיין סימען. גלייכצייטיק איז צוגעשיקט געוואָרן אַ ספּעציעל אָפּגעדרוקטע בראָשור פון הימלערס געהיימע אויסגאַבן, ווו עס ווערט מיט אַלע גענויקייטן אָנגעוויזן די סיסטעם, ווי אַזוי דורכצופירן די פאַרברענונג.

דער ייִד קאַמערמאַכער, וואָס ביז יוני 1944 האָט ער געאַרבעט אויפן הויף פון געסטאַפּאָ, איז באַהאַוונט געווען אין אַלץ, וואָס עס האָט זיך געטאָן בײַ די מערדער. ער האָט עס דערציילט.

אין סעפּטעמבער 1943, גלייך נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, ווען די ספּעציעל אויסגעטיילטע בריגאַדע אָפּ צו פאַרברענען די מייסים איז דורכגעגאַנגען דעם אינסטרוקטיוון קורס, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט נויגעבויער אַליין, האָט מען אָנגעהויבן פּראַקטיש דורכצופירן די אויפגאַבע.

די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן פאַרברענען די הונדערט טויזנט מענטשן זײַנען געווען נויגעבויער און זײַן שפּעטערדיקער פאַרבײַטער פּוילהאַבער, דער טרויעריק באַקאַנטער מאַרטין ווײַס, קיטעל, לעגעל, שנײַדער, קראָס, פידלער און איינער אַ שטורעמפירער, וועלכן קיינער האָט ניט געקענט באַם נאָמען. בכלל מוז מען זאָגן, אַז די גאַנצע ווילנער געסטאַפּאָ איז געווען פאַרטאָן אינעם פאַרברענען די הארוגים. די דײַטשישע מושלים האָבן, קענטיק, געפילט, אַז אין די נאָענטסטע כאָדאָשים וועט זיך דער פראָנט דערנענטערן און אַז סאָפּקאָלסאָפּ וועט מען זיי פון דער שטאָט פאַרטרײַבן.

קעדיי צו האָבן אַרבעטער, וואָס זאָלן זיך פאַרנעמען מיט דער שרעקלעכער אַרבעט, האָט ווײַס צונויפגענומען פון די טורמעס מענטשן און זיי אַוועקגעפירט אַפּ פּאָנאַר. די געבראַכטע זײַנען געווען זיכער, אַז מע פירט זיי שיסן. אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מע פירט זיי אַפּ עפּעס אַנדערש. זיי האָבן באַדאַרפט מאַכן אַ בונקער פאַר די, וואָס וועלן ברענען די מייסים. ווי דערמאָנט, זײַנען געווען אין פּאָנאַר פאַרשיידענע גריבער. איין גרוב, וואָס איז אויסגעפּלאַסטערט געווען רונד אַרום מיט געהאַקטע שטיינער—בײַ אַ הונדערט פופציק

מעטער פון אריינגאנג דורכן גראָדנער שאָסיי — איז באשטימט געוואָרן דורך די דייטשן פאר דער היים פון די מייסים-ברענער.

די, וואָס מע האָט געבראכט אפ פאָנאר אפ אויסצובויען דעם בונקער, האָבן ניט געוווסט, אז אויך זיי גופע וועט דאָרט אויסקומען צו וווינען. צוערשט פלעגן זיי ארבעטן פון פארטאָג ביז אָוונט, און דערנאָך פלעגט מען זיי אָפפירן צוריק אין לוקישקער טורמע אָדער אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ.

די גרוב איז קײַלעכדיק, א מעטער פופצן די ברייט, אין דער טיף האלט זי אכט מעטער. זי איז דורכויס שטאָציק. די שטיינער אין די ווענט זײַנען אײַנגעמויערט גלאט, אז ניט מעגלעך דאָ ארײַנצורוקן א פינגער. אין דער-אָ גרוב זײַנען געמאכט געוואָרן פארשיידענע אָפטיילן. א סקלאדיק אַפּ עסנווארג, אן אוביקאציע (קלאָזעט), א ברונעם, א קיך און צוויי לאנגע קאמערן מיט נארעס צום שלאָפן.

פון אויבן איז די טורמע פארלייגט געוואָרן מיט שווערע קלעצער. אפּ די קלעצער האָט מען נאָך אָנגעלייגט שטיינער, ערד און קאָלערליי אָפפאל. בלויז אין צוויי ערטער האָט מען געלאָזן אָפן. אין ביידע עפענונגען האָט מען ארײַנגעשטעלט לייטערס. איין לייטער איז באשטימט פאר די ארעסטאנטן, און דער אנדערער, א פיל שענערער, — פאר די דײַטשן, קעדיי אראָפּצוגיין קאָנטראָלירן.

ווען דער בונקער איז שוין געווען פארטיק, האָט מען זײַנע בויער שוין מער ניט אָפּגעפירט נעכטיקן אין די טורמעס. פארקערט, מע האָט געבראכט אהער פון געסטאַפּאָ נאָך א סאך געפאנגענע און אלעמען באזאָרגט מיט א געלעגער אין דעם פאָנארער בונקער. צווישן די אכציק פארשלעפּטע קיין פאָנאר זײַנען געווען זיבעציק ייִדן, ניין רוסישע געפאנגענע און איין יונגער פּאָליאַק, בא וועמען מע האָט געפונען באהאלטן א ייִדיש מיידעלע לייעלע פון דאָרף לעשניק.

דעם בונקער האָט מען ארומגעצאמט מיט שטעכיקן דראָט, הינטערן דראָט ארומגעלייגט מינעס, און הינטער די מינעס ווידער ארומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט. דערצו נאָך איז הינטער דער צווייטער דראָטענער צוים אפּ יעדער צוויי מעטער געשטאנען א וועכטער מיט אן אווטאָמאט.

שלוימע גאָל, איינער פון די שפּעטער אנטלאָפענע פון דעם פאָנארער בונקער, האָט מיר דערציילט: „ווען אלע אכציק האָבן זיך געפונען אין בונקער, האָט זיך אראָפּגעלאָזן אפּן באזונדערן לייטער דער שטורעמפירער — א הויכער בלאָנדער דײַטש מיט גאָלדענע ארויסגעשטארצטע ציינער, האָט באקוקט דורך א מאָנאָקל, וויאזוי עס איז

